די ווערק פון יצחק לייבוש פרץ. צוועלף בענד.
צוזאמענגעשטעלט אונטער דער רעדאקציאן פון
דוד פינסקי

צעהנטער באנד.

ארויסגעגעבען פון פארלאג „אידיש", ניו-יארק.
תר"פ — 1920

## י. ל. פרץ

# ליטעראטור און לעבען



ארויסגעגעבען פון פארלאג „אידיש", ניו-יארק.

# דער דיכטער, דאָס בוך און דער לעזער.

## א.

צוויי וועגן האָט דער מענש, וואָס נעהט אוועק פון טעגליכען לעבען, פון נעשעפט, פון יאָגען זיך נאָך ברויט: דעם שפּאַציר־גאַנג און דעם טוריסטען־וועג.

אַנגענעהם איז דער שפּאַציר־גאַנג: ביים ברעג פון זיס־ און שטיל־רוישענדיגען טייך, אין שאָטען פון גלייך־אָפּגעשניטענע אַלעען, אויף בלומען־וויזען... געפעהרליך איז אָפט דער טוריסטען־וועג. געטריבען פון אַ ברענענדיגער בענקשאַפט צו דער הויך, זוכט דער טוריסט זיין וועג צווישען פעלזען אויף די שפּיצען פון די העכסטע בערג. צווישען גלעטשער און אָפּגרונדען. „אומגיצליך" איז דער טוריסטען־וועג. אויף די שפּיצען פון די הויכע בערג וואַקסט קיין ווייץ פאַר מענשען, קיין האָבער פאַר פערד... און געפעהרליך איז דער וועג: פון אָפּגרונדען קוקט, רופט און לאַקערט: שרעק, שגעון און טויט. ווי גליטשיג און שטייגיג איז דער שמאָלער שטעג אונטער די פיס. אַזוי זאָגט דער מענש, וואָס שפּאַצירט.

און טיילמאָל נעהט איהר אַרום אויף די הויכע בערג צווישען אַלטע, לאַנג־פאַרלאָזטע שלעסער, אַדלער־נעסטען און געפעהרליכע ערעל־ווייס־פלעצער. און עס פאַלט צו דער אָוועגט. אונטען, אין טאָל, צווישען די בערג, איז שוין נאַכט; אויבען בעט זיך ערשט אויס רער אָוועגט אויף אַ פיעלפאַרבינען דיוואַן. בון די אָפּגלאַנצען פון דער אינטערגעהענדיגער זון געוועבט. נאָר אָט, די פאַרבען לעשען זיך. שאָטען שלייכען זיך אַרויס פון שפּאַלטען, לעבער און אָפּגרונטען, לעגען זיך אייך צו די פיס. און אונטען, די בערג ציפּוסענס, אין טאָל, צירט זיך אויס אַ לוסטיגע נאַכט. פלעמלעך פאַרשידענפאַרביגע וועקען זיך, צינדען זיך, ציטערען אויף... אי־

לומינירט איז דער טאל; טענער, וואונדער־זיסע קלאנגען וויגען צו
אייך ארויף, אויף די וועלען פון דער קיהלער לופט: א פרעהליכער
יום־טוב גרייט זיך צו אין טאל, און עס ווינקט צו אייך רער טאל,
און רופט אייך מיט זיינע טויזענטער ליכטלעך, און לאדט אייך איין
מיט זיינע זיסע קלאנגען; קום אראפ, מענש, פון די לערע בערג און
נאקעטע פעלזען, פון די שרעק־ און פארצווייפלונג־עטעמריגע אפ־
גרונטען, פון די ארלער־נעסטען און שלעסער, וואו דאס לעבען איז
לאנג פארהילבט, וואו הוילע גייסטער שוועבען... קום אראפ צום
טאל און פרעה דיך מיט אונז אין אונזער יום־טוב־נאכט. און פון
ליבט, זאנג און קלאנג געצוינגען, פארלאזט איהר די הויך, און לאזט
אייך אראפ אין טאל. וואס נירעריגער—ברייטער און זיבערער איז
אייער וועג. עס קומען אייך ווייך־געבויטע פלעצער אנטקעגען און
וואס אמאל רוישענדיגער שוועבט אייך ארום דער יום־טוב פון טאל,
און ראשער קומט איהר אראפ: מוזיק, שפאצירער, יום־טוב'דינע
פנים'ער און קליירער; א שטראלענריג־קלינגענריגער יום־טוב... און
עס פליסט אייך ארום דאס געפליסטער פון שפאצירענדיגע, פאר־
ליעבטע. אין זיך פארזונקענע פארען. און עס בלענדט אייך צו
פארשידען־פארבינגקייט פון די יום־טוב'דינע קליירער. און איהר
מישט אייך אויס מיט'ן יום־טוב'ריג שפאצירענריגען עולם... און
פלוצלונג, נאך א צופעליג טיפערען בליק, בלייבט איהר שטעהן
ארומגעכאפט פון שרעק. אויף א קור־פלאץ האט איהר געטראפען.
אילומינירט זענען האטעלען, קאפעס און קאפע־שאנטאנס; אפע־
רעטען־וואלצער שפילט די מוזיק; געארעמט שפאצירען פארען מיט
גלאנצענריגע אויגען, ראש־באוועגליבע הערצער, ליעבע־פארציטער־
טע ליפען. אבער—קראנקע! קרענקליך ברענענריגער אטעם. צום
טויט געצייכענטע מענער און פרויען שלינגען פארהונגערט די לעצ־
טע מינוטען פון לעבען, טרינקען דורשטיג די לעצטע טראפען פון
בעכער ביז צו די הייוען! און אינמיטען, אויב איהר האט אויגען
און זעהט, שפאצירט ארום דער טויט, פון זיינע געצייכענטע אפפער
נישט געזעהן, און שמייבעלט.

און עס באפט אייך אן א בענקשאפט צוריק צו די הויבע בערג...
אבער צונעפאלען איז שוין די נאכט און נישט זיבער איז ראמען
דער וועג.

צוויי וועגען האט דער מענש, וואס רייסט זיך אפ פון נע־

שפעט, פון זארג אויף ברויט: דעם שפאציר־גאנג און דעם טוריסטען־וועג. און אויף דעם לעצטען וויל איך אייך פיהרען...

איך וויל מיט אייך רעדען וועגען דיכטער, וועגען בוך און וועגען דעם לעזער — אויף די הויכע בערג. איך וויל אייך נישט פיהרען איבער פלעצער, וואו קראנקע מענשען לויפען נאך זייער אייגענעם שאטען, אדער פאנגען שאטען פון זאכען אנשטאט זאכען, שאטען פון לעבען אנשטאט לעבען... וואו געצייבענטע פון טויט, פאראורטיילטע אויף פארגעסענהייט געהען ארום פון טיר צו טיר און בעטלען זייער לוין, אדער בארגען זייער נאך נישט פארדינט לויב. וואו דאס אפגעקומענע פראפעטען־אייניקעל גראבט אויס דעם קוים־פארזייהטען זאמען פון דער ערד ארויס און עסט איהם פארהונגערט רוי און גרין. און — „וואס באליעבט"? „וואס זאל איך אייך זאגען? וואס זאל איך אייך זינגען? וואס זאל איך אייך דערלאנגען, עס זאל אייך שמעקען? זאל איך אייך זומער־פייגעלעך כאפען? מיט דעם גאלדענעם שטויב אויף זייערע פליגעלעך די אויגען פארשיטען! ווילט איהר טאנצען? איך קען פאלקע, איך קען וואלצער! אלטער מאן, אויסגעלאשען איז דאס פייער אין דיין טרוקענעם לייב, וואסעריג איז דיין אויג, ציטעריג — דיין ביינינע האנט — איך וועל דיך אויף א סעקונדע לעבעדיג מאכען, די לאנג פארשטארבענע לוסט אויפוועקען... אן אינדיטשקע דעם אלטען מאן; א סטעארין־ליבט דעם פארשעמטען מיידעל... א ביוסט דעם באנקירס ווייב, א פארטרעט דער רייבער העסליבקייט... העי, וואס באליעבט?"

אן אילומינאציע אין טאל: קליינע פלעמלעך, קליינע נשמה'־לעך... ברענען זיך אויס אין האטעלס, קאפע־שאנטאנס, אויף פראמענאדען... און צווישען שפאצירער פון געצייבענטע צום טויט...

אויף די הויכע בערג וויל איך אייך פיהרען, צו די אלע שלעסער, צו די אדלער־נעסטען.

איך וויל מיט אייך רעדען פון דיכטער, וואס האבען זייער דיכטונג ג ע ל ע ב ט, נישט געשריבען, און נישט אויפ'ן מארק ארויסגעטראגען און פארקויפט; וואס האבען זייערע אידעען ג ע פ ר ע ר י נ ט, נישט ווי פארטריקענטע בלומען צווישען בלעטער אריינגעלעגט; איך וויל מיט אייך רעדען פון ביכער,

וואס מען האט פון די דיכטער און אין נאמען פון די דיכטער געשריבען, און פון לעזער, וואס זיין נאמען איז: פאלק.

פריי איז דער „קינסטלער", ער מעג מאהלען דעם אויפגאנג, דעם אונטערגאנג פון דער זון; ים, שטורעם און סטעפ; נאכיאגען זומער־פייגעלער, פונקען פון קוימען ביים שמיד; גאלד־גלאנצען פון איינען אויף בלאסע געזיכטער באזינגען. נישט פריי איז דער דיכטער: זיין וועג איז דער טורים־טען־וועג, וואס שלענגעלט זיך צווישען פעלזען און אפגרונטען, און אויף די הויך, וואו עס שפילט זיך די הויכע, מענשליכע טראגעדיע, וואו צווישען שרעק, געפאהר און שנעען עס ווערען געשאוויגען די גרעסטע מענשליכע פראבלעמען: וואס איז לעבען, וואס איז טויט? ווער ב י ן איך און וואוהין פיהרט מיין וועג?

צום סיני, דעם בארג וויל איך אייך פיהרען, צו בורא אין אינדיאנער וואלד, צו דער תליה אויף „גאלגאטא"; און דאס וועט זיין דער וועג אין דער פארגאנגענהייט. מיר וועלען די אלטע קברים עפענען, די אלטע ריזען וועקען און זיי פרעגען: וואס איז לעבען, וואס איז מענש? און וועט אונז זייער ענטפער נישט באפרידיגען, וועלען מיר זיך צו דער צוקונפט ווענדען, און ווארטען אויף דעם דיכטער, וואס דארף ערשט קומען, זיין דיכטונג־לעבען דורכלעבען, און מיט זיין לעבענדיגער דיכטונג דעם אפגרונט באשטראלען, און אהן לעזער וועט שוין זיין—די וועלט.

---

דער דיכטער איז געוועזען פאר'ן בוך; דאס בוך האט אויפגעגעסען דעם דיכטער. דער דיכטער האט זיין דיכטונג געלעבט; נישט ער. נאר זיינע שילער און זיין פאלק האבען איבער איהם ביכער געשריבען...

דער ווילדער שטאם האט אין זיינע עלטערען העלדען געזעהען; די גרעקען—האלבע געטער. און די אלטע פרויען האבען אוועקגעצייט ביים ברעג פון טייך, ביי דעם פלאס פון זיך לעשענדיגען פייער אונטער'ן פרייען הימעל, זייער געשיכטע דערצעהלט, זייער העלדען־דיכטונג איבערגעגעבען. און דאס זעלבע האט געטאן דער גריכישער קינסטלער אין סאליזעאום פאר'ן גריכישען פאלק. זיי זענען

ק י נ ס ט ל ע ר געווען, ווי ווייט זיי האבען דערצעהלט און איר־בערגענעבען דאס געשעהענע; זיי זענען ד י כ ט ע ר געווען, ווי ווייט זיי האבען די העלדען און האלבע געטער ב א ש א פ ע ן. דער קינסטלער איז דער נאכמאכער, צי מאכט ער נאך די נאטור, די געגענוואַרט אדער די פארגאנגענהייט. דער קינסטלער איז פריי, פאר'ן ווערק און נאכ'ן ווערק איז ער נאר מענש, און צו דער אר־בייט מעג ער זיך וועהלען דעם געגענשטאנד און געפינען איהם וואו ער וויל. דער דיכטער מוז דיכטער זיין, די דיכטונג מוז זיין זיין ל ע ב ע ן. מיר זוכען דעם דיכטער, מיר זוכען שעפפונג. און אויך זוכען מיר ביים דיכטער, נישט די פארגאנגענהייט, באשפונגען און גאלד באוועבט, מיר זוכען ביי איהם דאס נייע לעבען... רער דיכ־טער איז איינענטליך קינסטלער. נאר דאס ליים, דער מארמאר, דער גראניט איז ביי איהם אין דער האנט — דאס פאלק, די וועלט, דאס לעבען! זיי ענדערט ער, זיי מארעלירט ער, זיי שאפט ער איבער. אזוינע דיכטער מוזען מיר זוכען אין רער פארגאנגענהייט. איידער דאס בוך איז באשאפען און סחורה געווארען; איידער דער לעזער האט דאס בוך געקאנט קויפען, צו זיך אהיים נעמען און ערגעצען זיך דערמיט, ווי מיט אזוינס, וואס איז קיין לעבען נישט, קיין ברויט און קיין פלייש נישט, נאר א צושטרויאונג אין לעבען, א צייט־פארטרייבעניש; א געשמאק־זאך, ראס לעבען לייכטער צו פארדייען, רי טראגעריע פון מענשליכען לעבען צו פארגעסען, דעם ווארעם, וואס פיקט אין געהירן, איינצושלאפען. מיר ווילען רעדען פון דיכטער, פון דער מענשליכער טראגעדיע און פון לעצטען אקט אין דער טראגעדיע: פון טויט אדער אויסלייזונג. ווענינ וועט זיין די צאהל פון די דיכטער, קליין די סומע פון די ביכער; און אז איהר וועט זיי צעהלען אויף די פינגער, וועלען אייך אין איין האנט איי־בעריגע פינגער בלייבען. נאר די צאהל מוז פארגרעסערט ווערען, נאך איין דיכטער מוז קומען, נאך איין בוך מוז באשאפען ווערען, און דעם דיכטער פון לעצטען ווארט מוזען געבען מ י ר... אנ־דערע פעלקער האבען די זון היגטער זיך, זיי געהען פון אווענט אין נאכט אריין. די אלטע רוימער און גרעקען ווייסען פון א געוועזע־נער, גאלדענער צייט, נאך וועלכער עס איז געקומען די צייט פון קופער און אייזען; די מאדערנע זענען שוין אויסגעלייזט געווארען: נאר אונזער משיח איז נאך נישט געקומען, נאר ער ראָרף ערשט

קומען און נישט נאר פאר זיין פאלק אליין... גע'משפט און אויס־
געלייזט מוז ווערען די וועלט; פון דער מענשליכער טראגעדיע מוז
באפרייט ווערען די וועלט.

.3

די טראגעדיע פון מענשליבען לעבען האט אויפגענומען אין זיך
קהלת. דער העלד—שלמה, א קעניג אין ירושלים; זיין יונגער—
שיר השירים: דאס ליעד פון פרויען און ליעבע. גאלדענע יוגענד
לעשט זיך און אין שאטען פון קיהלען אווענט ווערט שלמה, דער
קעניג פון ירושלים, קלוג און ניט עצות, ווי אזוי קלוג צו לעבען.
רוהיג צו לעבען. שפעט פאלט צו די נאכט, די עלטער קומט אן.
און שטעהענדיג אויף דער שוועל צווישען לעבען און נישט לעבען.
צווישען זיין און נישט זיין, צווישען פארגענגליכקייט און
אייביגקייט, ווארפט ער א בליק צוריק אויפ'ן איבערגעגאנגענעם
וועג און פרעגט: נאך וואס? געהענדיג איבער'ן לאנגען וועג, האט
ער וואס אמאל נייע פארלאנגונגען געבוירען, אויפ'ן וועג באגראבען
און ווייטער געגאנגען. פאר זיך—וואס אמאל נייע צילען געזעהן.
דערגרייכט און ווייטער געגאנגען. און אזוי האט ער אלץ איבער־
געלעבט און לעבט נאך אלץ, און ווייסט נישט נאך וואס. ער קאן
שוין מעהר נישט ליעבען, עס שמעקט איהם שוין קיין וויין און
קיין בוימאויל, עס לעכצט שוין נישט דער גומען, זיין אויג האט
שוין נישט וואס צו זעהן, זיין אויער האט שוין נישט וואס צו האר־
כען. און ער לעבט! און דאס לעבען עקט זיך, און דאס אלץ, וואס
ער האט אנגעקליבען און אנגעזאמעלט, וועט ער איבערלאזען און
אוועקגעהן. און געלעבט האט ער, נישט ווייל ער האט געוואלט
לעבען; און אוועקגעהן וועט ער, נישט ווייל ער וויל שטארבען!
אויסער איהם איז דער ווילען, וואס האט איהם אהער געבראכט
און פיהרט איהם ערגעץ אוועק. עמיץ האט איהם אריינגעגעבען
אין הארץ אריין די וועלט און געהייסען איהם זי פארלאנגען. גע־
הייסען זאמלען, בויען, פארשענערען, פארגרעסערען. און נישט
פאר איהם, נישט צוליעב איהם; ווייל ער געהט אוועק און דאס
אלץ בלייבט פאר אנדערע. און ער וועט פארגעסען ווערען. און די

אנדערע. וואס וועלען קומען נאך איהם, וועלען ווייטער גלוסטען, ווייטער פארלאנגען, ווייטער ארבייטען, בויען, פארשענערען און פארגרעסערען און ווייטער אוועקגעהן. און די, וואס וועלען קומען נאך זיי, וועלען דאס אלץ באנוצען און זיי וועלען אויך געהען און פארגעסען ווערען.

אלץ ארום איז אייביג: די זון געהט אויף, די זון געהט אונטער און שיינט צומארגענס ווייטער אויף; וואסערען און טייכען פליסען צום ים, און קומען צוריק. אלץ וואס איז געוועז, וועט נאכאמאל זיין. צוריק קומט דאס אוועקגעהענדינגע. אייביג איז די ערד. נאר ער איינער איז פארגעגגליך. ער איינער געהט אוועק און קומט שוין מעהר נישט צוריק. און אלץ האט איהם גענארט. שעהן איז דאס געהאפטע; ווערטלאז דאס באקומענע. שרעקליך בלייבט דאס לעבען אהן א ציל, אהן א צוועק. ציל, צוועק און לאגיק מוז זיין אין דעם אייביגען; אבער דאס ווייסט נאר דער, וואס רעגירט. דער מענש ווייסט נישט, דער מענש ווערט נאר אויסגענוצט, דער מענש ווערט נאר גענארט! און אויף דער שוועל צווישען זיין און נישט זיין, ביים איבערגאנג, נאכ'ן אלץ איבערלעבען און פאר'ן טויט, באפאלט איהם די אומגעהייערע שרעק פאר'ן אייביגען, פאר דעם, וואס רעגירט; פאר דעם, וואס האט איהם אויסגענוצט; פאר דעם, וואס האט איהם גענארט; פאר דעם, וועלכען ער האט, נישט ווילענדיג, געמוזט דינען, און שטענדיג געטאן לויט זיין פארלאנג, מיינענדיג, אז דאס איז זיין אייגענער. פארפאלען! געהארכען מוז דער מענש, א קנעכט איז דער מענש, אין שרעק פאר'ן אייביגען לעבט דער מענש! און דאס איז דאס לעצטע שרעקליכע ווארט פון דעם, וואס האט געלעבט פאר זיך, וואס האט זיך מיט'ן אייגענעם לעבען נישט פארבונדען, וואס האט זיין ציל אויסער זיך נישט געהאט, און האט דעריבער זיין לעבענס־ציל איבערגעלעבט.

דאס איז דער, וואס האט ווייבער געליעבט און זיך קיין פאמיליע נישט געבויט, און זעהט אין דער פארטפלאנצונג קיין אייביגקייט נישט. ער גלויבט נישט אין גלגול: ער איז נישט זיין פאטער; און זיין זוהן וועט נישט זיין ער. און שולמית איז געוועזן זיין געגוס, זיין עולם הזה, און נישט זיין ווייב און נישט די מוטער פון זיינע קינדער.

דאס איז שלמה, דער קעניג פון ירושלים, דער רייכער קעניג,

דער קלוגער קעניג: נישט אלכסנדר מוקדון, וואס וויל איינגעמען די וועלט און וועט זיין ציל קיינמאל נישט דערגרייכען, וואס וועט איבערלאזען, נישט נאר קרוין און סצעפטער, און אונטערגעווארפענע לענדער, נאר אויך א צואה, וואס ווייטער צו טון; אלכסנדר מוקדון קאן זיין ארבייט נישט ענדיגען... און דאס איז אויך נישט דער שלמה, וואס האט געבעטען גאט, נישט רייכטום און נישט פערזענליך גליק, נאר קלוגשאפט און עהרליכקייט צו משפט'ן דאס פאלק; אזוינע צילען ווערען נישט דערגרייכט, אזוינע צילען ווערען נישט איבערגעלעבט. מענשען פון ווייטע צילען לעבען זיך נישט איבער און פרעגען נישט: נאך וואס. די מענשען זענען פארבונדען מיט רעד אייביגקייט, פארוועבט מיט דער אייביגער ארבייט און פרעגען קיינמאל נישט: נאך וואס. שלמה אין קהלת איז די טראגעדיע פון א לעבען פאר זיך, פון איינצעלנעם מענש. דער מוז זיך איבערלעבען אין בלייבען שטעהן אלס נעסט פון פארלאנגונגען־פייגעל, וואס האבען זיך אין ווערעם פארביטען און געהען אוים מיט איהם צוזאמען. דאס איז די טראגעדיע פונ'ם לעבען פאר זיך, דאס לעבען איז קנעבטשאפט...

---

און בין איך א קנעכט, ווער איך אהן מיין ווילען געבוירען. בין איך גענויט צו לעבען, און מוז איך אוועקגעהן, ווען מען הייסט, און אלץ איבערלאזען, — פארוואס זאל איך נאך ליידען?

— ווייל דו זינדיגסט! — ענטפערט דער מאראליסט.

קהלת'עס לעצט ווארט: סוף דבר, את האלהים ירא ואת מצוותיו שמור...

עס איז דא איבער דיר א האר, וועלבען דו דינסט און וועלבער שטראפט, אויב מען פאלגט איהם נישט.

אבער איוב האט געפאלגט.

איוב האט געפאלגט און דאך איז ער די שטראף נישט אנטררנען. ווייב און קינדער, שאף און רינדער געהאט; א שטיל, עהרליך לעבען געפיהרט. און פלוצלונג איז דאס לעבען צושטערט געווארען. זיבען זיהן און דריי טעכטער, זיבעציג טויזענט שאף, דרייסיג טויזענט קעמלען, פינף הונדערט פאר אקסען, פינף הונדערט אייזלען

און א ווירטשאפט א גרויס — אזוי שטעלט פאר דאס גליק דאס בוך איוב —

און דער מענש איז געוועזען גרעסער פון אלע גרויסע. און געוועזען איז ער א שטילער מאן, א פרומער מאן, א גאטספארכטיגער, וואס האט שלעכטס געמידען. און איינמאל — רי אקסען האבען געאקערט, רי אייזלען האבען זיך געפאשעט, איז אנגעפאלען שבא (א רויבער־באנדע) און האט דאס אלץ צוגענומען און רי יונגע געטויט. רי בשורה ברענגט איוב'ן איינער פון זיי, אן אייגאיינציגער אנטלאפענער. און איידער עד האט געענדיגט זיינע רייד, איז אנגעקומען א צווייטער און רערצעהלט: פון הימעל איז אראפגעפאלען א פייער און האט פארברענט רי שאף און די פאסטוכער. נאר איך איינער בין אנטרונען און קום דיר עס דערצעהלען. און א דריטער איז שוין רא, און האט נאך א שרעקליכערע בשורה אין מויל: דיינע זיהן און דיינע טעכטער עסען און טרינקען וויין אין הויז פון זייער עלטערען ברורער... איז אנגעלאפען א גרויס פייער פון סטעפ און האט אנגעכאפט דאס הויז אין אלע פיער עקען און האט עס אומגעווארפען, און אלע רערדריקט און געטויט, מיט רער דינערשאפט צוזאמען. איוב האט אלץ פארלוירען; ארעם געווארען און רערצו נאך קראנק: פלוצלונג איז ער פון קאפ ביז פיס געפלאגט געווארען מיט א מאוס'ען אויסזאץ, און רער גרויסער באדיהמטער פרומער איוב איז געווארען דער קלענסטער, דער ארעמסטער, רער אומגליקליכסטער...

פארוואס ליידט איוב?

קהלת איז די טראגעדיע פון לעבען; איוב — פון ליידען אין לעבען.

פארוואס ליידט מען?

דער מענש פיהלט זיך באוואוסטזיניג, זעהט אין זיינע טאטען א צוועקמעסיגקייט. ער שטרעבט צו עהרליכקייט, צו מאראליטעט און קען גישט די איינענע איינענשאפטען נישט צושרייבען רעם גאט, וואס האט איהם און די וועלט באשאפען. גאט מוז זיין גערעכט. און האט ער באשאפען פיין און ליירען, מוזען זיי זיין גערעכט און פארדינט. ליירען און פיין זענען נאר מענליך אלס שטראף פאר זינר. אנרערש קאן עס דער העברעער נישט פארשטעהן. רער גרעק זעהט אין די ערשיינונגען פון לעבען געטער־

שפּיל און געטער־שטרייט, דער פּערס האָט הורמוז און אחרימון: דער ערשטער איז דער גאָט פון ליכט, פון לעבען, פון גליק; דער צווייטער פון פינסטערקייט, טויט און ליידען. די וועלט איז די אַרענע פאַר דעם שטרייט צווישען די צוויי געטער, און דעריבער איז די וועלט געמישט פון ליכט און שאָטען, לעבען און טויט, גליק און ליידען, ליעבע און האַס...

אַלע גרויסע געטער זענען אויסגעוואַקסען פון קליינע, און די קליינע פון נאָך קלענערע הויז־געצען; די הויז־געצען פון אַמאָלע־טען. ווערט פון פאַמיליען אַ שטאַט, ווערט דער געץ פון גרויסען הויז, פון הויז, וואָס רעגירט איבער'ן שטאַט, געגרויסט און גע־הויכט צום שטאַט־גאָט. אַנדערע בלייבען הויז־געצען. און נעמען זיך שטאַמען צוזאַמען און בילדען אַ פאָלק; און מישען זיך פעל־קער אויס אין אַ לאַנד, בלייבען די געטער פון גלייך־קרעפטיגע שטאַמען און פון גלייך־קרעפטיגע פעלקער גלייך־קרעפטיג; העכס־טענס קריגט איינער די אויבערהאַנט און עס קומט צו פיעל־געטעריי.

די העברעער מישען זיך נישט. אליעזר מאַכט אַ ווייטע רייזע צו ברענגען יצחק'ן אַ ווייב פון אייגען פלייש און בלוט. אין מצרים לעבען די העברעער אָפּגעזונדערט אין גושן; אין פּאַלעס־טינא דאַרפען פאַרניכטעט ווערען אַלע פרעמדע פעלקער, מען זאָל מיט זיי אין קיין באַריהרונג נישט קומען. ביים בויען דעם צווייטען טעמפּעל ווערען אַלע פון גלות געבראַכטע ווייבער און די מיט זיי געבוירענע קינדער פאַרטריבען. קליינע מישונגען פון פרעמד בלוט, פון אַ דלילה און יפת תאר'ס און דערגלייבען צופעליגקייטען, זע־נען נישט וויכטיג: איינציגע טראָפּען פון פרעמד בלוט ווערט אַסי־מילירט. אין אַלגעמיינעם איז דער שטאַם ריין, איז עס קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב; איז עס אַ פאָלק, וואָס לעבט איינזאַם; אַ פאָלק פון ריין בלוט, מיט זיין איינאייינציגען גאָט, וואָס וואַקסט, פון אַ גאָט פון הויז, שטאַם און פאָלק צום וועלט־גאָט. דאָ איז דער געטער־שטרייט אוממעגליך. פון איין גאָט קומט אַרויס דאָס גוטע, ווי דאָס בייזע. דאָס ליכט, ווי די פינסטערניש, נחת און יסורים, ליעבע און האַס, לעבען און טויט. דער איינאייינציגער גאָט בענשט און שילט; מוז ער בענשען די גוטע און שילטען די שלעכטע. דער איינגענער גאָט לייטזעליגט און שטראָפט; מוז ער לייטזעליגען די פרומע און שטראָפען די זינדיגע. דער איינענער גאָט גיט לעבען

און טויט, דארף ער געבען לעבען דעם גאטספארכטיגען און טויט דעם ווידערשפענסטיגען. דער העברעאישער גאט איז מאראליש. ער טרייבט פון גן־עדן ארויס פאר זינד, פאר נישט פאלגען זיין געבאט. ער קערט איבער דעם טורעם און פארניכטעט ד י, וואס האבען געוואלט ארייננרייסען זיך מיט קריג אין זיין הימעל; און פארפלייצט מיט א מבול די וועלט, ווען זי איז איינגעזונקען אין זינד. זינדיג איז דער מענש. אזוי זינדיג, אז גאנץ אפט טוט גאט באנג, וואס ער האט די וועלט און דעם מענש באשאפען. עס טוט איהם באנג, וואס ער דארף און מוז שטראפען; ער מוז, ווייל ער איז א גערעכטער גאט. וואלט געווען איין גערעכטער אין סרום. וואלט ער כרום נישט איבערגעקערט. און נח'ן, דעם גערעכטיגסטען אין זיין צייט, לערענט ער א תיבה מאכען, איבערצושווימען און איבערצולעבען דעם מבול. איך פארלאנג נישט דעם זינדיגענס טויט, זאגט אין זיין נאמען יחזקאל. איך שטראף איהם, ער זאל תשובה טון און לעבען בלייבען. און איז דער מענש פון לעבען צופרידען, האלט ער זיין עקזיסטענץ פאר לאגיש. זוכט ער אבער גערעכטיגקייט אין לעבען און געפינט נישט, זעהט ער ליידען אהן זינד; פיין, וואס ער קאן נישט אלס שטראף באטראכטען, וועקט זיך אין איהם אויף די טראגעדיע פון איוב.

קהלת איז די טראגעדיע פון לעבען, פון דעם, אימשטיינס געזאגט, גליקליך לעבען, איוב די טראגעדיע פון אומזיסטיגען, נישט צוועקמעסיגען צער אינ'ם לעבען. קהלת האט אויף דער פראבלעם פון לעבען געענטפערט מיט ווייסען שרעק פאר'ן טויט, מיט ווארפען זיך פאר גאט אויפ'ן פנים: דער מענש ווייסט נישט און מוז לעבען און מוז שטארבען, און כל־זמן ער לעבט — היטען גאטס געבאט, ווייל דאס איז דער גאנצער מענש, ווייל צו דעם איז ער באשאפען. נישט צו קיין בעסערע רעזולטאטען קומט איוב! אין ובוח צווישען איוב'ן און זיינע חברים, וואס זוכען ביי איהם זינד און געפינען נישט, וואס ווילען רעכטפערטיגען די ליידען אויף שטראף און קאנען נישט, מישט זיך גאטס שטימע אריין. גאט אליין ענטפערט פון שטורעם ארויס. ער ענטפערט, גאר זאגען זאגט ער גארנישט. גרויס איז ער און שטארק, און אייביג, און דער מענש איז קעגען איהם שטויב. און שטויב איז דער מענשליבער פארשטאנד. און ווער איז געווען, ווען ער האט די וועלט באשאפען, די ערד אויס־

געמאסטען. דעם הימעל אויסגעשפרייט, די שטערען אריינגעזעצט? און ווער שפייזט דעם פויגעל אונטער'ן הימעל, און פארזארגט דאס ווילדע טיר אין וואלד און אויפ'ן פעלז? מן הסתם ווייסט ער, וואס ער טוט. און ווייטער אויף די קני געפאלען פאר'ן גרויסען אומר באקאנטען. וואס זיין גערעכטיגקייט איז אונז נישט צוגענגליך, וואס זיין קלוגהייט קאן פון אונז נישט פארשטאנען ווערען. ווארים עס קאן זיין, אז גאט שטראפט פאר אזעלכע זינד, וואס מיר ווייסען פון זיי נישט. עס קאן אויך זיין, אז גאט פרואווט. און באשטעהט דער מענש די פרואוו, ווערט ער העכער אין זיין געגאר: איוב באקומט צוריק ראפעלט, אלץ וואס ער האט געהאט... אבער די פראבלעם פון לעבען און ליידען בלייבט אפען.

ג.

צוויי בערג: דער בארג גריזים און דער בארג עבל. אויף איין בארג ווערט געבענשט, אויפ'ן צווייטען געשאלטען.

און געבענשט ווערט דער, וואס היט גאטס געבאט און געהט אין זיינע וועגען. און פארשאלטען ווערט דער אפטריניגער, וואס היט נישט גאטס געבאט, וואס איז איהם ווידערשפענסטיג. די ברכה איז: געבענשט זאלסטו זיין אין שטאדט און געבענשט אין פעלד. און געבענשט זאל זיין די פרוכט פון דיין לייב און די פרוכט פון דיין ערד און די פרוכט פון דיין פיה און דאס אפווארפעניש פון דיינע רינדער און די סטאדע פון דיינע שאף. זאל די ברכה אריין אין דיין מולטער א:ן אין דיין קארב, און אין אלעם, צו וואס דו שטרעקסט אויס דיין האנט...

דעם גוטען וועט גאט געבען טוי פון הימעל און פעטס פון דער ערד. אבער איבער'ן קאפ פון אפטריניגען וועט זיין דער הימעל קופער, די ערד אונטער זיינע פיס אייזען. פארשאלטען וועט ווערען די פרוכט פון זיין לייב און די פרוכט פון זיין פיה. פארשאלטען וועט ער זיין אין שטאדט און אין פעלד...

א פעלד וועט ער בויען און אן אנדערער וועט צונעמען דעם שניט; א וויינגארטען וועט ער פלאנצען — א פרעמדער וועט טרינ־

קען דעם ווייז. איהם אין די אויגען וועט מען קוילען זיין אָקס און ער וועט פון זיין פלייש נישט עסען.

---

אזוי די ברכה, אזוי די קללה ווערען מקוים אויף דער ערד.

א נעשלעכט קומט, א נעשלעכט נעהט — אייבינ שטעהט די ערד. און וויל דער מענש זיך אין דער אייבינקייט באהעפטען, מוז ער זיך באהעפטען צו דער ערד. פון שטויב פון דער ערד קומט ער, צום שטויב פון דער ערד נעהט ער צוריק. און בויט ער א טורעם און שפארט זיך אין הימעל אריין, ווערען די שפראכען צומישט און די בויער צושטרייט און צוזייהט איבער דער ערד.

אין דעם פארפילען די ערד באשטעהט די אויפנאבע פון מענש און נאר אין דער פארטפלאנצונג, אין שטענדינ ניי־נעבוירען, אין קינדער און קינדס־קינדער באשטעהט זיין אייבינקייט.

איז דעריבער די הערשאפט איבער א לאנד דאס נרעסטע גליק; קינדער און קינדס־קינדער, די האפנונג אויף שטאמען און פעל־קער — דער שענסטער חלום פון דער אייבינקייט.

פארוואנעלט צו זיין איז די נרעסטע שטראף; נע ונד איז קין, דער מערדער פון זיין איינצינען ברודער.

און די גרעסטע שטראף איז כרת ועדירי — אפגעשניטען צו ווערען פון אייבינען לעבען; דורכנעהן די וועלט, ווי א שאטען און פארשוואונדען ווערען. און די נרויסע טראנעדיע אין דער פא־מיליע איז קינרערלאזינקייט. און די העריז, וואס נאט האט פאר־שלאסען איהר טראכט, נים איבער דעם האר, דעם פאטריארך די רינסט, די פאמיליע זאל נישט אויסנעמעקט ווערען אויס'ן בוך פון לעבען. און ווערט די דינסט נעבענשט און דארף נעווינען, נעמט זי די העריז אויף איהר שויס, פילייכט וועט זי נעבוים ווערען פון איהר.

ד.

און אויף עבל, ווי אויף גריזים, ווערט נערעדט נישט צום איינ־צעלנעם מענש, נאר צום פאלק. נעבענשט און נעשאלטען ווערט דאס פאלק. דער איינצעלנער מענש. ווען ער ווערט נעפלאגט מיט

איוב'ס קרענק, מיט אן אומהיילבארען איסזאץ, ווערט ארויסגע־טריבען מחוץ למחנה... זאל זיין גאטס שטראף, זאל זיין א פראוו פון גאט, דאס איז זיין זאך. די פעטע ערד, מיט'ן טוי פון הימעל, מיט רעגען צו דער צייט. די ערד, וואס גאטס אויג איז אויף איהר געווענדט פון אנהויב יאהר ביז ענדע יאהר, איז פארשפראכען דעם פאלק...

די ערד ווערט צוטיילט צווישען שטאמען, און די שטאמען—צווישען פאמיליען, די פאמיליען הערשען איבער די הייזער, די עלטסטע איבער'ן שטאם, איבער אלע שטאמען — איין גאט!

און ווען א פאטער פון א פאמיליע שטארבען און נישט איי־בערלאזען קיין מענליכען זאמען, ווען זיך משה שטעלען פאר גאט און מיהען זיך פאר איהם, זיין נאמען זאל נישט פארהילכט און פארגעסען ווערען, און זיין נחלה וועלען זיינע טעכטער באקומען, און די בנות צלפחר וועלען האבען א פרשה אין דער תורה. און שטארבט ווער א י נ נ א נ צ ע ז  אהן קינדער, גאר אהן לעבע־דיגען זאמען, זאל זיין ברודער זיך מיט דער אלמנה באהעפטען און לעבענדיג מאכען זאמען, רעם נעשטארבענעמס נאמען זאל בליי־בען אויף זיין נחלה און זאל וויטער קלינגען אין דער אייבינקייט.

א מענש לעבט פאר'ן פאלק, פאר קינדער און קינדס־קינדער. דאס איז דאס אייבינע לעבען פאר'ן מענש: די פאמיליע, דער שטאם, דאס פאלק — קאנען אייביג לעבען א ו י ף ד ע ר ע ר ד...

און משה, וואס האט אין גאטס נאמען ארויסגעצויגען דאס פאלק פון מצרים, באפרייט פון קנעכטשאפט, פיהרט עס איבער'ן סטעפ צום געבענשטען לאנד, און חלומ'ט פאר איהם א גן־עדן אויף דער ערד, אינ'ם געבענשטען לאנד.

עס וועט זיין א לאנד, וואס פליסט מיט האניג און מילך. ארבייטען מוז דער מענש, נאר די ארבייט זאל איהם קיין פלוך נישט זיין. שבתים און ימים־טובים צו רוהען, פאר'ן חאר, פאר זיין הויזגעזינט, פאר זיין דינערשאפט, פאר זיין פיה און פאר זיין ערד... די ערד האט נאך איהר שמיטה, דאס זיבעטע פרייע יאהר.

און יעדער ארבייט אויף זיך. די ערד ווערט צווישען אלע פאר־טיילט, און קיינער קאן נישט פארלירען זיין ערד, גאטס איז די ערד, גאט שטעלט די גרענעצען צווישען פעלקער, דאס רעכטע לאנד

האט ער פארזאגט זיין אויסדערוועהלטען פאלק, און גאטס ערד קאן איינער דעם צווייטען אויף אייביג נישט אבטרעטען: יובל געהט די נחלה צו איהר בעל־הבית. וואס האט זי על פי גורל פון גאטס האנט באקומען.

און א פריי פאלק זאל עס זיין. דער אליינהערשער איז גאט. דאס געזעץ איז פון גאט. צווישען פאלק און גאט שטעהט שבט לוי, דער לוי באדינט דעם כהן, און דער כהן באדינט גאט אינ'ם טעמפעל און לעגט אויס דעם פאלק דאס געזעץ, און לערענט איהם און ענטפערט זיינע פראגען און איז מקריב זיינע קרבנות און בעט פאר איהם און איז איהם מוחל די זינד אין גאטס נאמען, אויב די זינד איז נאר קענען גאט. איז געקירצט געווארען א מענש, מוז פריהער אפגעגעבען ווערען דאס גערויבטע, דאס אויסגענארטע, מוז דער, וואס האט געליטען, פארגיטיגט ווערען און דערנאך ערשט וועט גאט שענקען די זינד. דער שטאט, וואס שטעהט צווישען פאלק און צווישען גאט, האט פאר דאס קיין רעכט אויף אייגענטום, קיין פעלד און אקער.

דעם ארבייטער געהערט די ערד, די גייסטיגע אריסטאקראטיע וועט ווי אין עגיפטען דאס פאלק פון אייגענטום נישט בארויבען... און קיין הערשער, קיין קעניג מיט זיין הויף — נישט פארקנעכטען.

דער הערשער איז גאט... און עס וועט נישט זיין קיין אפגרונט צווישען ארעם און רייך: יובל — די נחלה קומט צוריק. שמיטה — אלע שייערן זענען אפען פאר אלע, און איבער דער גאנצער צייט — לקט שכחה ופאה. און מעשר עני. און פאלט ווער, און מוז זיין ארביים פארקויפען, נאר זעקס יאהר דינט ער, אויפ'ן זיבענטען ווערט ער פריי; אויס קנעכט.

און אלע זענען גלייך ,אלע זענען ברידער...

די היימישע פעלקער, וואס האבען זיך פארזינדיגט פאר גאט, ווערען פארטריבען, עמלק דער ערגסטער, — אויסגעמעקט. איין גאט, איין געזעץ, איין פאלק און איין לאנד. און דער פרעמדער וועט אויך געניסען פון דער פרייהייט און פון דער ברידערשאפט. האב ליעב דיין חבר, ווי דיך אליין, און האב ליעב דעם פרעמדען. געדענק, אז א פרעמדער ביסטו אין מצרים געווען. איין געזעץ פאר אלע. אויסער קרבן פסח. אין דיעם קאן דער פרעמדער קיין טייל נישט נעמען, ער איז פון מצרים נישט אייגעלייזט געווארען.

און דו וועסט נישט רויבען, גישט טויטען, נישט גענארען, און קיין נוקם ונוטר נישט זיין. און ווערט דיין ברודער ארעם, שטיץ איהם. און פארבלאגדזשעט דיין פרייגדס אייזעל, פיהר עס איהם אפ. און זיי בארמהארציג קעגען אלמנות און יתומים. איך בין דער גאט פון אלמנות און יתומים, זאגט גאט. און אפגעזונדערט זאלסטו זיין און הייליג, רען אפגעזונדערט און הייליג איז דיין גאט...

ערד — נאר נערעכטינקייט, הייליגקייט און ברידערשאפט אויף דער ערד. אראפגענומען דעם פלוך פון דער ארבייט, פארקלע־נערט ביז גאר דאס ליידען, פארהייליגט און מיט ליעבשאפט באַ־שטראַלט דאס לעבען.

א גן־עדן אויף דער ערד.

---

אזוי האט משה גע'חלום'ט פאר זיין פאלק דעם חלום פון א גן־עדן אויף דער ערד...

ער האט די ערד נישט געזעהן.

פיערציג יאהר האט ער געפיהרט זיין פאלק אין סטעפ, עס זאל אויסשטארבען דאס קנעכטישע געשלעכט, וואס האט געריגט מצרים, א פריי פאלק וועט ער אריינפיהרען אין לאנד — אבער אויך ער אליין האט נאר פון ווייטענס דאס לאנד מיט די קערפליכע, ווי ער האט דעם חלום מיט די גייסטיגע אויגען געזעהן...

נישט דער גאנצער חלום איז מקוים געווארען, און דער טייל — אויך נישט אויף לאנג...

נישט אויסגעמעקט איז געווארען עמלק, נישט פארטריבען אלע זיבען אומות, וואס האבען פארגומען דאס לאנד, נישט אפ־געזונדערט איז געבליבען דאס אויסדערוועהלטע פאלק...

און נישט גאט אליין איז דער הערישער געווען, און נישט לאנג איז דער כהן געשטאנען צווישען איהם און זיין פאלק...

נישט אלע האבען ערד באקומען...

און אז אייבינער קריג איז געשטאנען מיט פלשתים און אנ־דערע פעלקער אין לאנד.

און דאס פאלק האט א קעניג פארלאנגט, וואס זאל פיהרען

זיינע מלחמות... און צוזאמען מיט'ן קעניג האט זיך באוויזען דער הויף, די קרינסהערן, דער ברודער־קריג און מיט זיי אלע סאציאלע ליידען: ארעמקייט, קנעכטשאפט, הונגער און נויט.

און איבערגערוקט זענען געווארען די גרענעצען צווישען אייגענטום און אייגענטום און פארשלונגען האט דאס גרויסע אייגענטום — דאס קלענערע און פארשוואונדען זענען געווארען פאמיליען פון זייער ערד און פרעס'ג און זויפיג איז געווארען דער כהן, אין טעמפעל רייסט זיך אריין דער הענדלער, דאס הייליגטום ווערט פארשוועכט, די איינינונג צוריסען, דער בונד צווישען גאט און פאלק פלאצט און בלוט און שאנד פארדעקט די ערד.

און ארום וואקסען פעלקער אויף דער שווערד. דאס קליינע לאנד ווערט א בלוטיגער וועג צווישען קריגערישע ארמעען פון פרעמדע פעלקער און דערנאך די ארענע פאר זייערע שלאכטען, און פארטריבען ווערט דאס פאלק, פון גן־ע־ן פארוואגעלט —

נישט נאר מענשען, — אויך פעלקער קענען פאר זיך אליין נישט לעבען... אויסגעלייזט מוז ווערען די וועלט.

און איז גערעכטיגקייט די אויסלייזונג פון שמערץ און פיין, מוז די גערעכטיגקייט הערשען איבער דער וועלט. און אויפ'ן ארט פון ווייבערישען קעניג און פרעסיגען כהן באקומט די הערשאפט איבער די געמיטער דער נביא, וואס פרעדיגט פאר דער וועלט, וואס רעדט אינ'ם נאמען פון גאט און זיין גערעכטיגקייט צו דער וועלט. דער אמולעט, וואס איז אמאל געווארען דער פאמיליען־גאט, דער גאט פון אברהם, איז דערנאך געשטיגען צו דער הויך פון א פאלקס־גאט, וואס האט געמאכט דעם אונגעהויערן שדים פון אלהי אברהם. יצחק ויעקב צו אלהי ישראל. וועט באלד זיין אייגענעם נאמען, וואס טיילט איהם אפ פון אנדערע געטער ביי אנדערע פעלקער אין אנדערע לענדער, פארלירען, דער נאמען וועט פארווערט ווערען, אז ער זאל איבער קיין ליפען נישט קומען, ווייל ער ווערט געהויבט און געקרוינט צום וועלט־גאט, וואס ער דארף קיין נאמען נישט, — ווייל ער איז דער איינציגער און נישט איבער איין לאנד רעגירט ער, און נישט פאר איין פאלק איז גילטיג זיין געזעץ, און נישט צו איין שטאם רעדט אין זיין נאמען דער פראפעט. און וויל דער פראפעט צו גנוה נישט געהן, דאס פרעמדע פאלק נישט ווארענען פאר דער שטראף, אנטלויפט ער פאר

נאָט אויף א שיף, יאָגט איהם נאָך נאָט׳ס צאָרן, וויל די שיף אונ־טערגעהן, וואַרפט מען דעם פּראָפעט אין וואַסער אריין, שלינגט איהם איין דער פיש.

אלע וואָס רופען אין נאָטס נאָמען זענען אויסדערוועהלט — זאָגט דער פּראָפעט — אויסרערוועהלט איז דאָס פאָלק נאָר צו קינדיגען נאָטס וואָרט דער וועלט. אויסדערוועהלט איז ציון, כדי פון דאָרט זאָל ארויסגעהן דאָס געזעץ פאַר דער וועלט. פון ירושלים זאָל ארויסגעהן נאָטס וואָרט צו דער וועלט.

און ווערט דאָס פאָלק צושפּרייט און צוזייהט און ליידט אין גלות, געהט די שכינה מיט איהם מיט און ליידט מיט איהם אין גלות צוזאַמען. צו קליין וועט זיין כנען פאַר נאָטס קינדער, אבער דאָס לאַנד וועט זיך צושפּרייטען איבער אלע לענדער.

און איז נאָט דער נאָט פון דער וועלט און ווערט זיין פאָלק א צושפּרייט פאָלק איבער דער וועלט, מוז קומען דער אויסלייזער פאַר דער וועלט, מוז קומען א משיח פאַר דער גאַנצער וועלט.

דאָ הערט שוין אויף דער חלום פון דער ערד; דער פלוג און דער רעגען פון דער ערד... מיר שפּאַרען זיך אין הימעל אריין...

עס הויבט זיך אָן א חלום פון אייבינען לעבען: גן־עדן, תחית־המתים...

1910

# וואס פעהלט אונזער ליטעראטור?

1.

צו אלעם ערשטען — טראריציע.

דער ארטאדאקסאלער מאטעריאליסט שמייכעלט; זאל ער.

דער אייז־צאפּען פיהלט נישט, אז ער אליין צונעהט און זוכט נייע סימבאלען, נייע ימים־טובים, פארטיי־פאליטיק. נאר זוכט ער; ער צונעהט.

„קונסט“, — ווי פרעמד, ווי ווידערוועדטיג עס איז מיר דאס ווארט אויף א י ד י ש. מוז איך עס דאך. נישט האבענדיג קיין אנדערס. באנוצען, — קונסט איז די נשמה פון פאלק, די נאציאנאלע פערזענליכקייט. די מענשליכע קונסט וועט ערשט באשאפען ווערען מיט דער מענשהייט צוזאמען; דערוויייל עקזיסטירט זי נישט. און די פערזענליכקייט, די נשמה פון פאלק, ווערט באשטימט דורך טראדיציע.

נעהט מיט א ליכט און זוכט אין אונזער ליטעראטור טראדיציע; איהר וועט גארנישט געפינען. איהר הערט אין ערגעץ נישט דעם אפקלאנג פון די קולות אויפ׳ן בארג סיני, איהר זעהט נישט דעם אפגלאנץ פון דער שכינה איבער די כרובים. פארשטימט איז דאס פראפעטישע ווארט. דער רענעסאנס איז קוים דערגאנגען צו ר׳ נחמן בראסלעווער...

„אריינטראגען די אלטע אוצרות אין נייעם געפעס“. „איבערזעצען אלע אלטע קולטור־ווערטען“. „איבערדיכטען (ווי איינער האט געוואלט) די ביבעל“. — דאס זענען טשערנאוויצער קלינגווערטער געווען. די ווירקליכקייט: נישט־קלוג געוועהלטע און שלעכט איבערזעצטע אייראפעאישע ליטעראטור.

טראני־קאמיש: אז אלטער, גרייז־גרויער מאן נעחט צו קינדער אין הדר אריין לערנען.

אז אלט, דאס עלטסטע פאלק און א יונגע, די אינגסטע ליטעראטור!

ווער ביסט דו, יונג־אידישער שרייבער?

א קינד אהן א טאטען, א קינד אהן א מאמען; מארגען — אחז עברי.

נישט נאר אויף אידיש, א י ד י ש מוז געשאפען ווערען; דערצו פעהלט די טראדיציע. אלץ וועט איהר געפינען: דעם „בים“ אין שטיוועל מיט קאלאשען, דעם קרענקליך־קלוגען בליק אויפ׳ן לעבען פון רער זייט (איך מיש מיך נישט, איך בין צו קלוג!—) אלא טשעבאוו, א שלעבט פארדרעהטען, רוסיש־איבערזעצטען מאפאסאן, א קאריקאטור פון טאלענט־לאזען סאניז, — וואס איהר ווילט...

וואו איז רער אידישער געדאנק? די שכינה?

איז פאראן א פאלק, וואס טוישט זיינע שפראכען, א וואנדער־פאלק אהן געשטיצטע גרענעצען, אהן אן איינענער עקאנאמישער סטרוקטור, און דאס פאלק לעבט, ליידט און געהט נישט אונטער; שוואך און ווערט באקעמפט פון די מעכטינסטע און שטארקסטע און גיט זיך נישט אונטער, — מוז אזא פאלק אנדערש זעהן, אנדערש פיהלען. אן אנדער וועלט־אנשויאונג האבען. אן אנדער פארשטעלונג וועגען דער צוקונפט פון רער וועלט, לעבען און מענש, — שפינעלט זיך עס אפ אין אונזער ליטעראטור?

זעהט ווער מיט אידישע אויגען, פיהלט ווער מיט א אידישע הארץ, קלינגט ערגעץ וואו דאס אידישע נשמה־ווארט?

נאך קעשינעוו האט דער העברעאישער ביאליק דערקלערט דעם אידישען גאט אלס באנקראט. די א י ד י ש ע ליטעראטען האבען קיינמאל קיין גאט נישט געהאט... מאנכע האלטען אין איין געטער זוכען...

קומען מענשען (מעהר־צאהל, נישט וועניגער אלס צוויי) פון בערלין... אין בערלין געוועזן, דעם שטיינערנעם ביסמארק מיט כלעכענע שטיוועל געזעהן, די זיגעס־אלעע פאסירט: מארמארענע גראפען און מארק־גראפען... אנגעזאפט די שווארץ־אפעל מיט דער פראכט פון ווייסע און נאלד־באשלאגענע הויף־קארעטען, און

אַרויסגעוואָקסטע קייזער־וואַנסען און באַגייסטערטע פון דער קראַפט, וואָס שלאָגט פון פּאָליציאַנט און ביר־יונקער, — קומען די לייט אין אונזער געטאָ אַריין און פרעגען אויף אייראָפּאַ...

נישט אייראָפּאַ פעהלט אונז... אידיש פעהלט, עברי פעהלט...

2.

יונג איז אונזער ליטעראַטור; גאַנץ אָפט קינדיש...

יונגע קינדער האָבען גרימאַסען; רופען רופט מען עס: שטי־מונגען...

„קינדער פּלאַפּלען“, זאָגט שלום־עליכם’ס אַ אירענע, ווערט אַ נאָט־זוכעניש!

אין כעלעם נאַרען איינגלעך די לבנה אין פעסלעך וואַסער אַריין: מעשה בראשית, מעשה מרכבה, דער קדמון...

די יונגע לייט האָבען טאַלענט, עס פעהלט זיי אָבער די מאָס פון איינענער און פרעמדער קראַפט; פון נאָהנט און ווייט, פלאַך און טיף... און לייכטזיניג זענען קינדער און שפּילען זיך מיט פייער... און ביים פרעמדען פייער ווערען נשמות פאַרברענט...

קינדער. זיך אַליין געלאָזט, נישטערען ביי די עלטערע אין שענק און קאָמאָדען, און קליידען זיך איבער פאַר עלטערע און לויפען אין גאַס אַריין פּאַראַדירען. נעהמט דעם טאַטענס היטעל איבער די אויערען, שווימען די פּאָלעס אין בלאָטע, קומט אַרויס אַ קליין מיידעלע אין דער מאַמעס שייטעל, אין דער עלטסטער שוועסטערס קלייד, אין דער כלה־שוועסטערס צירונג... ווערט אַ קינדעריש פּורים־שפּיל אינמיטען דער וואָך...

אונזערע קינדער־יתומים טוען עס מיט פרעמדע, עלטערע זאַכען: ראָס פּלאַגיאַט...

און ראָס אָריגינעלע?

אַן אַלט פאָלק, אַ גלאַנץ־שטראַלענדע פאַרגאַנגענהייט, אַ בלוט־טיגער, לאַנגער מאַרטירער־וועג צו אַ פּראָפּעטיש־גע’חלומ’טער צו־קונפט... אין דער „מיט“ שפּינעלט אָפּ אַ היינטיגען בליץ־מאָמענט

(די סקיצע). די גרימאסע: דער גלי־ווערעמלער־טאנץ — די שטימונגען.

א צוזייהט און צושפרייט פאלק, א וואנדער־פאלק, א וועלט־פאלק און אן אייביג פאלק, און א מאמענט־אויפנאמס־ליטעראטור, וואס קאן פון וואלינער, לימויער און פוילישען קליין־שמעדמעל בשום אופן נישט ארויס... און וויל דער אינדיק פון ארומגעדרעהמען קרייז ארויס, הויבט ער אן — ק ר י ס מ ל ע ן... א י נ ׳ ם מ א מ ע נ ט און אינ׳ם ת ח ו ם זעהט זיך א גאנץ ראשע אנטוויקלונג.

פון צאינת וראינה און תחנות וואקסען ארויס אמ״ד׳ס מעשה׳לעך אין ווילנא... קומט מענדעלע אין אדעם און נימ די אידישע נאך נישט דיפערענצירטע מאסע, אידען און אידענעס מיט מארך, מרחץ, הקדש און שול... באווייזט זיך דינעזאן פון זאגער און ברענגט שטילע יונג־דראמען און קינדער־טראגעדיען פון אידישען הויז... דער קיעווער שלום־עליכם — דעם קאמי־וואיאזשער, דעם נאאיוו־נאריש־איבער־קלוגען פרנסה־זובענדיגען איבער־זידלער פון דער קליינער אין דער גרעסערער שטאדט אריין, און אנטפלעקט טביה דעם מילכיגער מראגי־קאמעדיע... באלד קומט די רעוואלוציע פון וואויל־לערנער אין בית־המדרש... ווי דורך א נעעפענטער טיר רייסען זיך אריין די יונגערע מיט נייערע טעמאטען: אש גיט די ווייכסעל, דאס קוילער געסעל, דעם עמיגראנט, דאס הייזעל, נאמבערג — דעם צובראכענעם אינטעליגענט, וויסענבערג נישטערט אין שטעדטעל און זעהט א מאטע מיט בנים אין פארשמאדט און זעהט זאמדינע פלעצער, א וועלדעל, וואסער און וואלקען... נאך איננערע קומען מיט פארבען, ברענגען אריין דעם ים, זונען אויף־און־אונטערגאנג, פויערים, ציגיינער, גנבים... עס שיילען זיך אויס „צוויי וועלטען“ — דער ראמאן ווערט געבוירען; די דראמע איז שוין לאנג דא.

אבער וואו זענען די ס פ ר ד ׳ י ש ע אידען? וואו זענען די אמסטערדאמער בדיליאנטען־שלייפער? ארגענטינער און פאלעסטינער קאלאניסטען? וואס מאכט ראטשילד אין פאריז? לרצאטא אין רוים?

א וואנדער־פאלק און א ליטעראטור, ווי א ש ט ע ה ע נ ד י ג וואסער...

עס פעהלט דער הויבער פונקט, פון וועלבען דאס אלץ זאל געזעהן ווערען...

דער פראפעט שטעהט אויף רער הויך און זעהט, ווי איהם צופוסענס קוילערען זיך אויף און איבער לענדער און שטעדט; מארשירען דורך ארמייען און פעלקער... מיר זעהען אונזערע אייגענע נישט...

ער זעהט די צוקונפט; מיר זעהען דעם נאהנטסטען מארגען מיט קארעטישע אויגען אדער אויף סאציאל־דעמאקראטישע ברילען...

3.

עס זאל נישט קומען צו קיין מיספארשטענדעניש.

איך רער נישט פון פארשליסען זיך אין א גייסטיגען געטא: פען זאל ארויס פון געטא, נאר מיט אן אייגענעם גייסט, מיט אן אייגענעם גייסטיגען פארמעגען. און טוישען: געבען און נעמען, נישט בעטלען.

נעטא איז אימפאטענץ: קולטור קרייציגונג — די איינציגע מענליבקייט פאר דער מענשליבער אנטוויקלונג. זאל קומען דער מענש, מוז ער זיין דער סינטעז, דער סך־הכול, די קווינטעסענץ פון אלע נאציאנאלע קולטור־פארמען און וועלט־אנשויאונגען.

„נעמען און זיך נישט פארלירען", דאס איז די הויפטזאך, און דאס איז דאס שווערסטע ביי שוואכע און נישט זעלבסטשטענדיגע פעלקער... פון אידישען שרייבער מוז מען דעריבער מעהר פארלאנגען. דא איז איינגעארט — ווירקליכער — ווירקליבער כאראקטער, די אריגינעלע פארם — די עכסטע פארם פון ווילענס־קראפט!

און נישט דאס נעמאלטע, געשניצטע, באשריבענע מוז זיין אידיש. מען דארף ארויס פון געטא און זעהן די וועלט, נאר — מיט אידישע אויגען... אידיש מוז זיין דער שטאנדפונקט, פון וועלבען דאס קינסטלער־פראבלעם ווערט באטראכט; די עטישפילאזאפישע באלייכטונג, ביי וועלבער די ערשיינונג ווערט נעזעהן... קונסט איז סוביעקטיוויטעט; וויל מען אידישע קונסט, מוז מען האבען דעם אידישען קינסטלער...

עס געהט דאך אויך נישט אין רעס, דער הונט זאל נישט חיי־סען, נישט בלב, נישט סאבאקא, נישט פיעס, נאר דוקא „הונט“ אין דער ליטא און אין וואלין, און מרינת פוילען... „הינט“?

איך רעד נישט צו די, וואס קעמפען פאר'ן רעכט צו א ד ר ע ס י ר ע ן אויף אידיש, פאר'ן רעכט אויסצו'טענ'ען זיך אויף אידיש... צו די, וואס באנוגנען זיך מיט דער האפנונג פון אידיש אויף דער פאסט, אין געריכט און אין דער זעלבסט־פארוואלטונג און ציטערען פאר'ן ווארט: „נשמה“ און עס ווארפט זיי אין זיבע־טען שווייס רער „בלל ישראל“... איך רעד צו די, וואס שטרייטען פאר'ן קולטור־רעכט, פאר'ן רעכט צו שאפען, אידישע קולטור־ווערטען — רא העלפט שוין נישט קיין אידיש רעדען, מען מוז עפעס זאגען!

און האט איהר נישט ו ו א ס צו זאגען, מעגט איהר רערען אידיש פון וויג ביז'ן קבר און איבעראל: אין דער היים, אין גאס, אין בית־המדרש בשעת קריאת־התורה, און פיעלהארמאניע בשעת'ן קאנצערט, אין גרויסען טעאטער אין מיטען דער אפער (דאס העבס־טע אידעאל!) דאס וואס איהר וועט זאגען, וועט זיין גוי'איש...

און רערצו — באנאל, נאכגעמאכט, טויט... און ראס איז די טראגי־קאמעדיע, מיר שטעהען, ווי א מויער פאר אידיש! מוסר נפש זענען מיר זיך פאר אידיש; אזוי גענען דער אלטער, ווי גענען אלע נייע פרעמדע שפראך־פאדמען, און פאר אונז אין די אויגען ווערט אויסגעטריקענט דער אידישער אינהאלט, דער אידישער תוך; אויסגעלאשען ווערט די אידישע נ ש מ ה, ארער, ווי מען פלעגט זאגען — „ראס פינטעלע איד“, מיר ווערען פארפלייצט פון פלאגיאטען, סוראגאטען, געפעלשטע מארקען און געפעלשטע ווארען, און מען פרעהט זיך; „גאנץ אייראפעאיש“, זאגט מען!

וואו איז דאס אריגינעלע, אייגענארטיגע — דאס אידישע?

מיט א פרעמדער נשמה קאן מען נישט לעבען, פון א פרעמ־דען ווילען קאן מען ווערען באאיינפלוסט, זאגאר סוגעסטיאנירט,— ל ע ב ע ן מיט א פרעמדען ווילען קאן מען נישט.

רעריבער ווערט ביי אינז אזוי פיעל געזייהט און אזוי ווענינ געשניטען; דעריבער האבען די זאנגען אזוי פיעל שטרוי און אזוי ווענינ קארן... רעריבער ווערען ביי אונז אזוי פיעל האפנונגען פאר־בליבען און עס פאלען אזוי פיעל שטערען פון הימעל...

די נענער־קינדער, וואס לערנען אין דער אייראפעאישער שול, באווייזען אומגעהויערע פעהיגקייטען — אין די ערשטע קלאסען; אזוי לאנג ווי עס איז געגוג אויפצובאפען, וואס דער לעהרער זאגט, אויסלערנען אויסווענינ, געדענקען און נאכזאגען, וואס אין ביכעל שטעהט... זענען זיי די ערשטע. אין דער פיערטער, אין דער פינפטער קלאס — סטאפ! מען ברויך שוין אינטעליגענץ, לעבעדיגע, אייגענע; מען דארף אינטואיציע, — ווילענס־קראפט, — און דאס האט אין דער פרעמדער שול דאס נענער־קינד פארלוירען... עס האט אזוי לאנג אויסגעלערענט נאכגעמאכט, ביז דער אייגענער קוואל איז אויסגעטריקענט געווארען, די פראצעסען פון אונטער דער באוואוסטזיניגקייט — די אינטואיציע — האט אויפגעהערט... און פון שול געהט ארויס א גייסטיגער „קוציק“ — א שווארץ־גייסטיגע אימפאטענץ, אייראפעאיש געקליידט: פראק, צילינדער, האנטשוה, אן אייראפעאישער קניקס, אבער דאר און הויל...

„קוציקטום“ איז אויך דער פלוך פון אונזער ליטעראטור. גאנצע מנינים אפגעשטאנענע געניעס: פושקינ'ס, געטע'ס, שעקספיר'ס און וואס איהר ווילט...

פון „וואונדער־קינדער“, ווערען נישט קיין „לייט“...

4.

חאט מען נישט קיין „גאט“, זוכט מען געצען, און די גיבען חיין תורה נישט.

קאן מען העבסטענס באשרייבען; שרייבען איז אוממעגליך. „דיכטען“, „שאפען“ איז רעליגיאן.

האט מען אויך קיין וועלט־אנשויאונג נישט; דאס פאזיטיווע וויסען קאן עס נישט געבען, דאס מוז ווערען אינטואיטיוו געדיכטעט און געשאפען...

און האט מען נישט קיין וועלט־אנשויאונג, האט מען קיין וועלט נישט, נאר אפגעריסענע, צוזאמענגעקעלטע ערשיינונגען; שפילט מען זיך אין זאמד. דערויף איז דאך קונסט — שפיל! און מען האט נישט מיט וואס די צייטען צו פארבינדען, דער היינט קומט נישט ארויס פון נעכטען,

און דער מארגען — נישט פון היינט... „נאר מיר זאל זיין א מבול“...

האט מען אויסער זיך קיין העכערע אידעאלען נישט. און, אהן רעם העכערען שטאנדפונקט, האט מען קיין איבערזיכט, קיין פערספעקטיוו, ליגט אלץ אויסגעצויגען, אפגעשטאנען; טויטע נאטור, לעבעדיגע מעבאניק און אלץ איז גלייכווערטיג, אלץ איז „געגענשטאנד“, אלץ קאן זיין א „טעמע“, פון אלץ קאנען ארויס־שפראצען סקיצען, געדיכטע, ווען נאר א געוויסע שאטענריג־ציטערינגע באלייכטונג, עטליכע קלינג־ווערטער, א פאר גראמען...

און האט מען קיין פארגאנגענהייט און קיין צוקונפט נישט, איז מען אויף דער וועלט א פינדעל־קינד אהן טאטע־מאמע, אהן מראריציע, און אהן פליכטען פאר׳ן שפעטערען, פאר דער צוקונפט, פאר׳ן אייביגען, דינט מען זיך אליין, מעסט מען און מען וועגט אלץ מיט זיך אליין, האט מען נישט צו וואס צו שטרעבען: אזוי ווי איך בין, בין איך און מוז אלץ האבען, פון אלץ געניסען...

„געניסען“ — דאס איז דאס רעכטע ווארט...

האט מען שטימונגען און קיין כאראקטער נישט; גלוסטונגען, אבער קיין ווילען נישט. קיין גרויסע ליעבע, קיין האס... פלירט, לייבטע באציהונגען...

„אשת חיל“ נעוועז און „שולמית“ און די, וואס לאקערט און פאנגט, די הומיה וסוררת.

די מוטער איז צו ערנסט, איהר שעהנהייט איז דער־דיבער נישט ליטעראריש, מיר האבען מיט דער „אייביגקייט“ נישט וואס צו טון, די „פארטפלאנצונג“ געהערט נישט צום קינסטלער, דאס פארזארגט דער בעל־הבית, זאל לעבען... רער פרוי־מוטער מוז מען זיין געטריי, מיר זענען צו פלאטעדהאפט, איהר מוז מען בויען א הויז — א טעמפעל, איהר קימען־אוויוען איז ביי איהר א מזבח, מיר האבען גענוג פוינעל־נעסטען. — און נישט „שולמית“ — זי איז צו געזונט, צו עהרליך, צו איינפאך. מיר דארפען מייד׳ל־בושה, כלה־חן... זומער־פייגעלעך־שטויב...

נישט ליעבע, גליק ביי פרויען איז דאס אידעאל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פארוואס ווייזט דאס נישט אויף די קריטיק...

ווייל מיר האבען זי נישט!

א גארטען האבען מיר, נאר קיין גערטנער נישט; וואקסט ער ווילד, קיינער רייסט דאס ווילדע נישט אויס, קיינער פפלעגט נישט דאס גוטע, שפארט נישט אונטער דאס שוואכע, טרענקט נישט דאס דורשטיגע...

יונגע זוכער זענען פאראן, קיינער ווייזט זיי נישט דעם נ ע ה נ ט ס ט ע ן, קיינער העלפט זיי נישט געפינען דעם ז י־ כ ע ר ס ט ע ן וועג...

אַ עלם־גולם פאראן, איז ער הונגעריג צו גאטס ווארט און דורשטיג, ווייזט איהם קיינער נישט דעם אונטערשיד פון ריין און אומריין — סמ'ט ער זיך...

און ווייזט זיך אמאל אין א יובל א גרעסערע, אן ערנסטערע און טיפערע זאך, וועט זי קיינער נישט דערקלערען, פאפולאריזי־ רען; מען רעדט נאר וועגען דעם, קענען וועלבען מען קאן זיך שטעלען אלס גרויסער, אויסלענדישער פיינשמעקער, און ווייזען עטליכע פעהלער...

און עס גראסירט די גרין־נעלע, צוזאמענגעשרומפענע, קרענק־ ליך־איפערזיכטיגע, בייזע איספאטענץ, און וואו זי זעהט א קינד מיט רויטליכערע בעקלעך, לויפט זי צו און רדעהט איהם אויס אן אויער — פאר כעס!

און דאך „רדעהט זי זיך“ — —

מיט דעם פארם וועט זיך די אידישע טראגעדיע נישט ענ־ דיגען...

מיר ועלען צוריקקומען צו דער ב י ב ע ל, פריהער אבער מוז מען אויפהערען צו קוקען אויף איהר מיט ווערהויזענ'ס אויגען...

5.

און פאר'ן ענדיגען, מוז איך נאר נאך איין טיספארשטענדע־ נישט פארהיטען.

„צוריק צו דער ביבעל“ חייסט נישט: בלייבען שטעהן ביי דער ביבעל.

אידישקייט איז נישט קיין שטעהענדיג וואסער, קיין זומפ. „טים חיים“ הופט מען זי, די תורה. אויפ'ן בארג סיני האט מען

געוויזען „כל מה שעתיד תלמיד ותיק לחדש“ — אלץ, וואס א ארדישע נשמה וועט אויסשפינען.

אידישקייט טאר נישט גענומען ווערען סטאטיש, נאר דינאמיש, — אין דער אנטוויקלונג, דאס הייסט: איבעראל אויף דער גאנצער אידישער וועלט און אין אלע צייטען; סיין איינציגען עכט־אידישען מאמענט נישט אויסגעמעקט.

„אידיש“ איז אונזער, אונזער איין־איינציגער וועג צום — מענש. צום געטליכען מענש, צום מענשליכען גאט; צום איבערמענש, אויב איהר ווילט. דער „אדם על עילעא“ איז נישט וועניגער אידיש באקאנט.

אין ערגעץ נישט פארשטיינערט, אין ערגעץ נישט פארגליווערט ווערען, אין ערגעץ נישט בלייבען שטעהן... קיין שום אומגליק: די ערגסטע גזרות, די שטארקסטע פאגראמען, נויט, הונגער, שאנד און שפאט — דאס אלץ איז נישט קיין בארעכטיגונג פאר רעאקציע. גאר מעהר כאראקטער טוז טען האבען. שלאגט דעם שטיין, וועט ער געבען וואסער; דריק פעסטער די איילבערט, גיט זי בוימאויל, אונזער „מזל“ איז שוין אזוי... לעכען און שאפען ביי די ערגסטע באדינגונגען און נישט אראפ פון וועג.

אנדערע וועגען זענען פאר אנדערע.

און איז מען אויף א רגע אראפ פון וועג, האט מען פארבלאנדזשעט, מוז מען צוריק נעהן ביז צום זיכערסטען פונקט און אויפ׳ן זיכערסטען וועג, אויפ׳ן פאר אונז איינציג־מעגליכען וועג, ווייטער געהן...

אבער נישט אפגעהאלטען זיך, נישט שטעהן געבליבען...

אין ערגעץ נישט פארשטיינערט, אין ערגעץ נישט פארגליווערט ווערען; אין ערגעץ דעם פארעם נישט איבעררייסען, נאר אלץ ווייטער און ווייטער שפינען. און האט מען ערגעץ־וואו דעם פארעם אפגעלאזט, צוריקנעהן, אויפנעמען און ווייטער שפינען, אלץ ווייטער און ווייטער שפינען, אייביג אין די דורות אריין שפינען און וועבען, און איבעראל, מיט א ליכטיגער נעץ די וועלט פארנעמען!...

קיין פלעק אויף דער ערד, קיין טינוט אין דער צייט, און קיין פלאס אין פאלק האט נישט קיין אויסשליסליך רעכט, קיין מאנאר־

פאָלקס־אויף אידיש; נאָר אַלץ, איבעראַל אין דער באַוועגונג!

מען מוז נאָר אָפּענע אויגען האָבען אום צו זעהן, אַז די בלינ־דע, רעליגיעזע פּראַקטיק, די עם־הארץ'ישע באַציהונג צו מצוות און עבֿרות, דער פּחד און דרך ארץ צום לעבנעד געדרוקטען וואָרט אין דער נידעריגער שיכטע פון פאָלק; — די לומר'יש באַשטראַלטע עבֿודה, דאָס באַוואוסטזיניגע קיום המצוות און אָפּהיטען פון עבֿרות און דאָס רבנ'ישע תורה־לערנען; — די נאַקעטע נשמה, די, פון „גוף המצוה“ פון סימבאָל אויסגעטיילטע קאַבאַליסטישע כונה, דאָס הוילע, חסיר'ישע רוחניות, און — די ריינע פילאָזאָפיש־מאַניסטישע וועלט־אַנשויאונג ביים ווירקליך אידישען אינטעלי־גענט — אַז דאָס אַלץ איז איין אידישקייט, אַ גרעבערע אָדער אַ פיינערע אויסשטראַלונג פון דער אידישער נשמה...

און געפינען דעם תוך; דעם „עצם ענין“ פון אידישקייט אין אַלע ערטער, אין אַלע צייטען, אין אַלע טיילען פון צוזייהטען און צושפּרייטען וועלט־פאָלק; געפינען די נשמה פון דעם אַלעם און זעהען זי באַשטראַלט מיט'ן נבֿיא'ישען חלום פון דער מענשליכער צוקונפט — דאָס איז די אויפגאַבע פון אידישען קינסטלער.

שאַפען איז עלית נשמה; און נאָר די אידישע נשמה קאָן זיין זיין רוח הקודש, זיין שכינה, זיין איינציגע באַגייסטערונג, זיין שעפּערישע קראַפט.

זי מוז זיין זיינע אויגען אין קאָפּ, מיט וועלכען ער זעהט די וועלט אין איהר פאַרגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט...

פאַר דער אידישער נשמה מוז ער קאָנען לעבען און שטאַרבען...

און נישט אַוועק פון דער וועלט, נאָר אַבי־טעל, אַ קליין ביסעל התבודדות; אַ קליינע מינוט פון חשבון הנפש, וואָס זיך אַליין געפינען, זיך אַליין אויסשיילען פון פרעמדען און אַנגעוואָרפענעם, דאָס הייסט: צוריק צו דער בי־בעל...

צוריק צום זיכערסטען פונקט און פון דאָרט — צום מענש אויפ'ן אידישען וועג...

.1910

# געדאנקען איבער ליטעראטור

אין א ליטעראַרישער געזעלשאפט ביי א פּראָוויאַדטשיק, צוליעב זיין שעהנער פרוי אין א גרויסארטיגען קאפּע פארזאמעלט, — האט עמיץ א פראגע געשטעלט: נאך וואס שרייבט מען? פארשפּילענדיג ביים קארטען־טישעל, האט דער ווירט, אויסדרעהענדיג זיין שווערען קאפּ, מיט די שטענדיג גערויטעלטע אויגען, גערייצט, אין צימער אריינגעווארפען: ווער עס קאן נישט ל ע ב ע ן, ש ר י י ב ט!

— אבער — האט אנגעהויבען די פרוי ווירטין, בעטענדיג מיט די שעהנע, שטענדיג פייכטליך שמאכטענדיגע אויגען די ליטעראַרישע געסט אום פארצייהונג פאר'ן מאן, — אבער —

זי האט אבער נישט געענדיגט. אן אלטער ליטעראט, וואס איז לעבען איהר געזעסען, האט זי אנגעכאפּט ביי דער פיין גע־מאסטער, נאקעטער האנט: מאדאם, די ליטעראטור איז דאך נאר א סוראגאט פון לעבען, א נאכגעמאכט לעבען, — ווי ספּארט איז דער סוראגאט פון ארבייט...

— געוויס — האט נאכגעגעבען א יונגער דיכטער, וואס איז געזעסען ביי דער מאדאם פון דער צווייטער זייט, און האט ערשט נישט לאנג איהר געווידמעט א בענדעל מיט בענקשאפט דורכגעוועבטע געדיכטע אויף וועלין פּאפּיר. — געוויס — האט ער ווידערהאלט, און זיין שטימע האט אנגעהויבען עטוואס ציטערען, — ווען די, צו וועלכער איך בעט, וועלכע איך פארהייליג, וואס די... — און נאך א קורצער פּויזע פון פיעלדייטענדיגע אויגען־געשפּרעך, מיט דער רעכטער אין דער שעוועליור און דער לינקער אויף'ן הארץ, האט ער, אראפּבויגענדיג דעם קאפּ, די אויפגעפאכטע בליצען אין

די אוינען צו באהאלטען נעענדיגט — וואלט איך מיין הויך ליעד
געלעבט, געלעבט גישט געזונגען —

דער אלטער דיכטער ווערט אומרוהיג, וויל זאגען עטוואס בי־
טערס און בייסענדיגס, נאר דער אינזשיניער, וואס האט ביים
שפיל־טישעל די קארטען טאסירט און געזאלט צוטיילען, האט זיך
אפגעשטעלט און מיט א שמייכעל געזאגט:

— איך ארבייט מיינע אידעען אויס: פאלאצען, באהן־בריקען.

— אדער איינקונפטס הייזער! — מורמעלט ניפטיג דער
ווירט, טייל בעסער.

דער אינשעניער צוטיילט די קארטען, מאכט עס אומגעלומ־
פערט, אויפגערעגט.

מאדאם לאזט ווייטער די אויגען אראפ, עפענט זיי דאך באלר,
הערט זיך איין צום ווייטערען געשפרעך צווישען די ליטעראטען.
ווענען דער געשטעלטער פראבלעם, מיט האלב־אפענע ליפען, נע־
רוויטעלטען געזיכט און גיריג אויפפלאמענרע אויגען שלינגט זי
יעדעס ווארט.

ביים קארטען טישעל: פאס, פאס! רעדנאך — ליציטאציע
און באלד א שטילע נאכרענקליכקייט.

א סאציאל־געפארבטער ליטעראט מיט אויסגעשפראכענע סימ־
פאטיען צו די נידעריגע שיכטען און עלעגאנטע פרויען פון די הע־
בערע, — האט זיך דערווייל די הענט צופיהרט.

— גיט מיר די קראפט, די מאכט — רופט ער לויפענריג אר
בער'ן צימער, נאכגעיאגט פון דעם מאדאם'ס אויגען — גיט מיר
די מעגליכקייט צום שטערען און בויען..

און פלוצלונג:

— פארדאן!

ער האט אנגעטרעטען אויף דער מאראם'ס שלעפ. און אז זי
פארצייהט איהם מיט א ווארעמען בליק, געשיקט מיט איין פוס
ווארפענריג דעם שלעפ הינטער זיך:

— ווען איך האב צו שאפען; ווען די וועלט איז א ליים און
איך בין סקולפטאר...

און — נאך אמאל: פארדאן!

ער האט זיך אנגעשלאגען אן דער טאץ מיט טיי, וואס דאס
דינסט־מיידעל האט אריינגעבראכט. אן אויסגעשריי פון מיידעל,

א נעקלינגנעריי פון פלאצענדע גלעזער, א לענגערער, מעלאַרישער קלונג פון דער נעפאַלענער טאַץ, דאַס מיידעל וואַרפט זיך, אויפ־צוהויבען דאַס נעפאַלענע, דער יונגער ריכטער מיט דער שעוועליור, לויפט צו הילף און בוינט זיך איין. — א קלאַפּ פון צוויי יונגע, שטאַרקע שטערען; בליצען אין דער מאַדאַם'ס אויג...

דער יונגער ריכטער זעצט זיך שוין אין אַ אַנדער ווינקעל; דאַס מיידעל האָט זיך צוזאַמענגעקליבען דאָס געשיר, איז אַרויס־געגאַנגען נאָך אַ פרישע טאַץ און אַ „יונג־מאַדערנער" קלאַרנע־טירט דערווייל:

— גיט מיר אַ קריסטאַלענעם פּאַלאַץ אין מיטען ים... פּאַווע־פעדערען, פּערל־שנירען, קריסטאַלען־געשיר — און לאָזט מיך שווי־מען, אויף אַ מוטער־פּערל שיפעל שווימען און קוקען, צוברעך איך מיין פּען..

אַ היסטערישער דראַמאַניסט ענטפערט דעם סאָציאַל געפּאַרב־טען:

— מיר איז ענג, דאָס לעבען איז אַ געפּעננעניש... פליהען קענען דער צוקונפט האָט מיר נאָך קיין פליגעל נישט געגעבען, אויס־טראַכטען, מעשה'לאַך שרייבען קאַן איך נישט... נעה איך צוריק. די היסטאָריע איז אַ גוטע וועשין; זי האָט די אַלטע צייטען ריין געוואַשען פון אַלע שאַנד און בלוט־פלעקען און אין די ריין גע־וואַשענע צייטען לעבען און דיכטען, — דאַס איז מיין איינציגע טרייסט...

מען האָט שוין געבראַכט פרישען טיי און, הויך זופענדיג, זאָגט דער ווירט:

— מען שרייבט, ווייל מען וויל עסען..

די מאַדאַם, שוין פון די הויבע זופען דענערווירט, שטוינט.

— פאַלש! שפּרינגט אויף דער אַלטער ליטעראַט. — מען ד ר ו ק ט צוליב ברויט, אַבער פריהער ווערט ג ע ד י כ ט ע ט. פריהער האָט מען שעפערישע אידעען; צו פרייע, צו שטאַרקע, צו הויכע... (מיט אַ ניפּטיגען בליק צום אינזשעניער) מען זאָל עס קאָנען באַלד, אויגענבליקליך אויסבויען... און... און...

ער פאַרהאַקט זיך, די מאַדאַם רדיקט איהם צערטליך די האַנט...

דער יונגער ריבטער מיט דער שעוועליור לאזט פון ווייטען די אינגען אראפ, באהאלטענדיג די צארנינע בליקען. —

---

עס איז ענג אויף'ן ארט, וואו דאס לעבען האט אונז איינגעפלאנצט אדער וואו עס פיהרט אונז, ווי איין בארייטער, אויף א קורצער שטריק. און צו קורץ איז אונז די צייט פון אונזער לעבען. וואס איז די ליניע אדער דער איינצעלנער פונקט אינ'ם אומגעהויערען, אינ'ם נישט פארשטענדליבען וועלט־בילד? און ווי פארשווינדען אונזערע לעבענס־יאהרען אין דער אייביגקייט, הינטער אונז — אן אומגעהויערע פארגאנגענהיים, וואס האט אונז נישט געקענט, פאר אונז — אן אומענדליכע צוקונפט, וואס וועט אונז נישט געדענקען.

חלום'ט זיך דער פרומער אן אייביג לעבען אוים: א קורצען גיהנום און — אן אומענדליכען גן־עדן, נאכ'ן איבערקומען דאס רייניגען אין גיהנום... חלום'ט ער זיך תחית המתים אוים. אויב ער וויל זיך נישט מיט דער זינדיגער ערד געזעגענען אויף אייביג... וויל זיך איינער דאס לעבען מיט א נאמען פארלענגערען; גרעסערע — א מאנומענט פאדדינען; שטעלט זיך דער עגיפטישער קעניג פיראמידען אויף, פארהייליגט דער כינעזער זיינע קברים, לאזען רייכע אייזערנע קאפיטאלען, שטעלען זיך שטארקע מצבות פון גראניט מיט גאלדענע אותיות — און מען לעבט זיך ארוים פון דער צייט.

רייזען מענשען איבער דער וועלט; ווי א פאנאראמע גehען פארביי לענדער, שטעדט און פעלקער, און מען לעבט זיך פון ארט ארוים...

און מיט'ן לעבען אליין, אויסער דער קורצקייט און דער ענגשאפט, מיט'ן א י נ ה א ל ט פון לעבען איז אויך דער מענש נישט צופרידען. נישט נאר בדייטער און לענגער, אויך העבער און טיפער וויל ער לעבען, און אפט — אנדערש. ער וויל עס פארבייטען, טורשען...

אבער זעלטען ווער עס קאן עס טון אין דער ווירקליכקייט... די דריקענדע מעהרהייט מוז קומען צום בוך, צו דער ליטעראטור. נישט דער היסטארישער ראמאן, די פארגאנגענהייט, די פאבעל — די

שענערע, שטראַלענדינערע צוקונפט; דער ראָמאַן — ראָס היינ־טיגע לעבען שענער, ערהאַבענער, טיפער...

און מיט דער הילף פון דער ליטעראַטור רייסט זיך דער מענש פון זיין נעפּענגעניש אַרויס: קען דער שוסטער דורכלעבען אַ רי־טערליך אָדער אַריסטאָקראַטיש פּרונק־לעבען... גיהט דער שוואַכער האַנט אין האַנט מיט אַן אַלכּסנדר מוקדון, עראָבערען די וועלט. אָדער זיצט מיט אַ נאַפּאָלעאָן אין סאַנקט העלענע און לעבט נאָך אַמאָל איבער וואַטערלאָאָ; ווערט דער אָרעמסטער רייך ווי ראָט־שילד, און באַשיט די אָרעמסטע מיט גאָלד; און דער שטילסטער לעבט דורך די שטאַרקסטע ליידענשאַפטליכע אָרקאַנען. טויזענטפּאַר און רענענבויגען־פאַרביג ווערט דאָס לעבען. נישט ריהרענדיג זיך פון אָרט, שטייגט איהר אויף די העכסטע בערג, שפּאַצירט איהר אין די שענסטע טאָלען, שווימט איבער'ן צופלאָסענעם שטראַנד פון די שענסטע זעען. אין דער ענגסטער, פינסטערסטער קעלער־שטוב שפּראַצען אויף גערטנער, וואַקסען אויס אָרקאַרען, פּאַלאַצען, פּיראַמירען, ספינקסען... מיט'ן בוך אין דער האַנט שפּאַצירט איהר אין לאַנדאָנער נעבעל און הערט ראָס פייפען פון ניגאַנטע מאַשינען; זעהט איהר די בליצענדיגע, נעשמאַקפולע אויסגעלאַסענקייט פון נייעם בבל — פּאַריז; טאַנצט איהר אויף אַ יאַפּאַנעזישען בוימער־פעסט, באַרענענט מיט די ווייסע שמעקענדיגע קירשען־בליטען... אין צווייטען קאַפּיטעל האָט איהר גלעטשער, שניי־בערג, קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל מיט גאָלדענע מעטשעטען. און פיליכט ווילט איהר אַס־פּאַזיאַ באַוואונדערען? זעהן ווי קלעאָפּאַטראַ שטאַרבט פון אַ שלאַנגען־ביס, אָדער ווי משה צוברעכט די לוחות, אָדער אַ באַזוך מאַכען ביי די גריבישע נעטער אויפ'ן אָלימפּ? און פיליכט ווילט איהר הערען, ווי מחמד פּרעדיגט, אָדער בודאַ?

אַלץ גיט אייך די ליטעראַטור — די קונסט!

און אָפט פאַרשטעהט דער מענש זיין איינען לעבען נישט.

עס ליגען אין זיין טיפסטען האַרץ זאַמען פון די פּלאַמענדיג־סטע רויזען; ער קאַן זיי נישט וועקען, עס שטיקען איהם די — פּערל; טרוקען איז איהם דאָס אויג, ער קאַן זיי נישט אויסוויי־נען און זיי ווערען פאַרגליווערט, און פאַלען צוריק אין האַרץ אַריין, ווי שטיינער. און אין די טונקעלסטע האַרץ־ווינקעלער ווילען גע־פיהלען, ווי די בלומען שפּראַצען, און האָבען קיין ליכטיגען שטראַל,

און וועלטען. און ניסען זיך איבער אין א וועהטאג אהן א נאמען...

און קומט דער דיכטער. — שפריצט ער טוי אויף די רויזען אין הארץ און זיי פלאמען אויף, און שטראלען אויס'ן מענש'ס אויגען ארויס, און דופטען... מיט זיין צויבער־ווארט עפענט ער די שליוסען און דער זילבערנער טרערען־שטראם שפריצט ארויס, און לייכט ווערט דאס הארץ, פון שטיינער באפרייט, און קלאר שטראלענדיג ווערען די אויגען, און גליקליך, דער מענש, וואס האט אויסגעוויינט זיין שמערץ. און ער פארמט די צופלאסענע נעבעל פון הארציגע געפיהלען, און זיי לעבען אויף — און טיף, און שעהן, און הויך ; און פול ווערט דאס לעבען, ווי פון דער זון געבענשטע טרויבען.

דער געשיכטליכער העלד בויט זיך זיין לעבען לויט זיין ווילען ; דער ווארעם־מענש ליגט צופרידען אין ערד־גריבעלע, וואו ער ווערט געבוירען און פארלוירען ; דער מעהרהייט שענקט דער דיכטער דאס, וואס די נאטור האט זיי פארזאגט.

קונסט איז א סוראגאט פון לעבען, נאר זעהר אפט טיפער, ערהאבענער און וואהרער פאר'ן לעבען...

און צוליב דעם לעזט מען.

---

און אבוואל איהר פארלאנגט פון ליטערארישען קינסטלער דאס לעבען, די צייט און דעם ארט, וואס איהר אליין האט נישט, פארלאנגט איהר דאך נישט פון איהם, ער זאל עס געבען אזוי ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט. א'ניסט וואלט איהר אייך באנוגנט, וואס אנבעלאנגט דעם ארט, מיט דער געאגראפיע, וואס באשרייבט אלע וועלט־טיילען, אלע לענדער ; וואס גיט אייך אין ציפערען די הויך און דעם פארנעם פון בערג, די טיפקייט און דעם לויף־גאנג פון וואסערען ; וואס באשרייבט אייך גענוי אלץ, וואס וואקסט און לעבט אין יעדער געגענד. דאס אבער ווירקט אויף אייער פארשטאנד, נישט אויף אייער אויג, איהר הערט עס, נאר איהר זעהט עס נישט ; איהר פארשטעהט עס, נאר איהר קענט עס אייך נישט פארשטעלען. און איהר פארלאנגט „עס זאל אייך שטעהן פאר די אויגען", ריכטיג. אבער פארוואס גענוגט אייך נישט די פאטאגרא־

פיע ? ווייל די פאטאגראפיע איז מעכאניש. איהר ווילט נישט זעהן די זאכען, ווי דאס טויטע גלאז אינ'ם אפאראט זעהט עס; איהר ווילט זיי זעהן מיט'ן אויג פון א קינסטלער, באשטראלט פון זיין נשמה, באלעבט מיט זיין גייסט. און דאריבער, ווען איהר ווילט די פארגאנגענהייט, גענינט אייך נישט דער היסטאריקער, נאר דער היסטארישער ראמאן. און ווען איהר שטרעבט צו דער צוקונפט, נים אלס פארטיי מאן אדער פאליטיקער, אז איהר ווילט די צוקונפט ז ע ה ע ן — וועט לעשען אייער דורשט א דיכטערישע פאבעל (מעשה'לע), און נישט דער אוטאפיסט, ווי צום ביישפיל, בעלאמי.

און דאך האט מען ערשט נישט לאנג גערופען : רעאליזם ! דאס לעזער־פובליקום איז צוגעשטאנען צום ריכטער, ער זאל זיי געבען דאס לעבען ווי עס איז; די ווירקליכקייט, נישט פארשענערט, נישט געענדערט. און אויף'ן פארלאנג פון גרויסען פריץ — פובליקום — האט די ליטעראטור אנגעהויבען פאטאגראפירען. מען איז ארויפגעקראכען אויף דעבער און פיסקירט די גאס, אבסערווירט דורכגעהענדע, נעכאפט און פארצייכענט באוועגונגען, ווערטער: געשטאנען הינטער טירען, אונטערגעהערט רורד'ן שליסעל־לאך, וואס אין שטוב טוט זיך. די ארביים איז געווארען א מעכאנישע און פון דער ק ו נ ס ט — א ק ו נ ץ — נאכצומאכען, עס איז אבער נעווען א געוועהנליך מיספארשטענדעניס. אויב מען דארף ריכטען — האבען די ליטערארישע צושטעלער, ווען דיכטונג איז טארע נעווען, געטייגט—באדארף מען קיין לאניק, קיין נויטווענדיג אנטוויקלען פון אורזאך און רעזולטאט, און וואס מעהר אויסגעטראכט—איז בעסער. און מענשען האבען אנגעהויבען מאלען, איידער זיי האבען געקאנט צייכענען; עס איז געווארען אן אויסגום און צוזאמענטשונג פון פארבען אהן קאנטורען, אהן ליניען און פונקטען. און מען האט נאך אפט דאס אלץ מיט א מיסטעריעזען נעבעל באדעקט, מען זאל דאס, וואס מען האט געפיהלט, אין נעבעל נישט זוכען. און דאמאלט האט דער לעזער, וואס האט געוואלט זעהן און דורכלעבען, און נישט געהאט וואס, געשריען : רעאליזם ! און געמיינט האט ער : לערענט אייך צייכענען, דאס היינטיגע, פארגאנגענע און צוקונפטיגע זאלט איהר צייכענען מיט א פעסטער האנט. זאל אלץ האבען זיינע פעסטע קאנטורען.

אבער זעהען וויל מען מיט'ן אויג פון קינסטלער. און דאס קינסטלער־אויג זעהט די ווירקליכקייט, נישט אזוי ווי זי איז, נאר פיעל ווירקליכער, ווארים ער זעהט איהר אינערליכען אינהאלט, איהר באציהונג און אפהענגיגקייט פון דער נשמה פון דער וועלט, און מיט דעם, וואס טוט זיך הינטער די קוליסען פון דער וועלט איז אפהענגיגקייט פון זיין קינסטלערישער וועלט־אנשויאונג.

ווארים ביי דעם ווירקליכען קינסטלער געהט דאס זעהן און באשרייבען נישט צוזאמען. ווי די פארשידען־פארבינע גלעזלער אין קאליידאסקאפ ליגען מיט אין הארץ ביים דיכטער, אונטער דער שוועל פון באוואוסטזיניגקייט, פארשידענע איינדריקען, מאמענטען, און ביי יעדער הארץ־באוועגונג ווערען נייע פיגורען באשאפען און דאמאלס ערשט באשריבען. ווי אייזען־שטויב ליגען דארט די פון געהירען פארגעסענע איינדריקען, און די קינסטלערישע וועלט־אנשויונג איז דער מאגנעט, וואס ציהט ארום זיך איינדריקען אויף א געוויסער פיגור.

אבער דאס נייע קאן ארויסשפראצען נאר דאמאלט, ווען דער אלטער זאמען, וואס דארף זיי ארויסרופען, פוילט און שטארבט; ווארים דאס נייע געשפראצטע איז נישט ניי באשאפען, נאר דאס אויפלעבען פון געשטארבענעם אין א נייער פארם.

דאס מאטעריאל פאר דער קונסט איז די ווירקליכקייט. יעדער מאמענט, יעדער איינדרוק באזונדער — דאס זענען די פארשידען־פארבינע גלעזלער; דאס דיכטערישע הארץ — דער קאליידאסקאפ; די סטרוקטור ניט די וועלט־אנשויאונג און די שעהנהייט זענען די שטראלען פון דער דיכטערישער נשמה. אין שעהנעם שלאס זענען די ציגעל מעכאניש, די סטרוקטור — טעכניש, דער פלאן, אויב ער איז נישט קאפירט — דיכטונג.

דאס דיכטען מוז זיין אריגינעל, א פערזענליכע שאפונג.
פאעזיע איז פערזענליכקייט.

1908

# דאס אידישע לעבען

## א.

## ביים וויגעל

אז אפקלאנג פון עלטערע דורות:
וואס דארף ארויסוואקסען פון א אידיש קינד? א איד א לאמדן?
די תורה האט קיין גרונט; און, מ'שטיינס געזאגט, וואס מען קאן אויסלערנען, אז מען לעבט איבערנאנצען זיבעציג יאהר!
איין גליק איז נאר, וואס „לא עליך המלאכה לגמור" — ביסט נאר נישט מחויב אויסצולערנען די תורה, דו דארפסט נאר זיצען און לערנען... חויב נאר אז אלף־בית, און ענדיגן מיט ודוי...

שלאף איינגעלע —
אונטער דיין וויגעלע
שטעהט א גאלדען ציגעלע.
ס'ציגעלע איז געפאהרען האנדלען
ראזשינקעס מיט מאנדלען...

אזוי זינגט די בלאסע מוטער, נישט לאנג פון קינד־בעט ארויס. און וואס פאר א נחת וויל זי אז קינד דערלעבען? זי וויל נאר —

דאס קינד זאל לערנען תורה;
ווארים — „תורה איז די בעסטע סחורה..."

אויף טייל ערטער זאגט מען דעם אינגעלע, אחוץ ראזשינקעס מיט מאנדלען אויך „פיינען" צו, אבי ער זאל זיין שטיל, ווייל: „דער טאטע האט געהייסען שווייגען!..."

אויף טייל ערטער איז מען, אנשטאט פיינען, יוצא מיט „פלעצלעך מיט פוטער", אפילו „מיט ברויט מיט פוטער"... דער שענסטער חלום פאר ארעמע לייט...

אויף אנדערע ערטער פאדלאנגט מען פון קינד אביסעל מעהר. ווי „זיצען און לערנען"... עפעס גרויס זאל דערפון ארויסוואקסען:

תורה וועסט דו לערנען,
ספרים וועסט דו שרייבען;
א גוטער איד, א פרומער,
מיט גאטס הילף וועסט דו בלייבען.

און באלד יונגערהייט זאל ער זיך שוין ווייזען גרויס:

תורה וועסט דו לערנען,
זיין מיט אלע מעלות;
און נאך פאר דער חתונה
וועסט דו פסק'נען שאלות.

נאר דאס איז שוין פאר אויסגעוועהלטע קינדער, וואס ווערען דייך דערצויגען; אזוינע פסק'נען שאלות, זאגען אויך דרשות... און

די דרשה וועט נעפעלען
דער גאנצער וועלט...
ווייל אזא אינגעלע
קאסט א מאסע געלט
קאסט א מאסע געלט
און מזל, און ברכה;
דאס קינד קומט אדויס
פון א שעהנער משפחה...

ער וועט דאך די משפחה נישט פארשעמען!

דער חוב, מדריך צו זיין דאס אינגעלע צו דער תורה, פאלט אויפ'ן פאטער. און ווען איז אזוינעם, וואס האט עס נישט געטאן:

דער טאטע, וואס האט זיין קינד נישט געלערענט,
וואס נאט האט געבאטען,
פון מען איהם דארט, אויף יענער וועלט,
ברענען און בראטען!

אין דער טאטע נישט דא, דארף עס טון די מוטער; און טוט זי עס, איז עס א מעלה פאר'ן פארשטארבענעם פאטער אויך...

בײם יתום'ס װיג זיצט זײן מוטער, די אלמנה, און זינגט:

זעה, מײן קינד, צו לערנען תורה,
זאלסט זיך מיהען;
דעם טאטען דײנעם פון גיהנום
ארויסצוציהען...

אין דעם זכות פון קינדס תורה באקומט אויך די מוטער דעם ליכטיגען גן־ערן.

די אלמנה זינגט װײטער:

און אז איך װעל אויך אמאל דארפען אויף יענער
װעלט געהן,
װעלען די טויערען פון גן־ערן פאר מיר אפען שטעהן!
דו, מײן קינד, זאלסט זײן
א פרומער און א גוטער;
מ'זאל רופען דארט: אריין
זאל דעם צדיק'ס מוטער!...

---

װעניגער פארלאנגט מען פון א „שעשני כרצונו”.

א מײדעל איז געבוירען געװארען, א קלענערער מזל־טוב, א קלענערער נחת...

תורה װעט זי נישט לערנען. דרײ מצות אינגאנצען װעט זי האבען, חעכסטענס װעט זי קענען דאװנען, לײענען תחנות, „צאינה וראינה” מיט „מנורת המאור” אויף עברי־טײטש. זי מוז יוצא זײן דערמיט, װאס איהר מאן װעט זיצען און לערנען... און אויב זי װעט איהם מפרנס זײן אויף ד ע ר װעלט, װעט זי די זכיה האבען צו זײן זײן פיסענבענקעלע אויף י ע נ ע ר װעלט.

די מוטער איהרע זינגט דעריבער:

אונטער שרה'לעס װיגעלע
שטעהט א קלאר־װײס ציגעלע —

אונטער'ן אינגעלס װיגעלע שטעהט א גאלדען ציגעלע, זי מוז יוצא זײן מיט א קלאר־װײס. דאס ציגעלע איז אויך „געפאהרען

האנרלען — ראַזשינקעלער מיט מאנדלען; דאס איז די בעסטע סחורה", — און דער גראם איז. אז — „שרה'לעס חתן וועט לער־נען תורה..." נישט זי!

פאר שרה'לען האט מען נאך אפילו קיין עקסטרא ליעדעל נישט געמאכט; פון „יענקעלען" האט מען איבערגעמאכט אויף „שרה'לען"; זי וועט אויך לעבען אויף זיין נוסח, און אין זיין זכות!

ערשט אין שפעטערע צייטען זינגט די מאמע:

דו וועסט לייענען ביכעלער,
דו וועסט שטריקען טיכעלער. .
נאך דאס איז שוין ד י צייט, ווען —
„אין זאל
וועט זיין א באל
און שרה'לע וועט מאכען „מיט די קליידעלער
א ווינט!..."

---

דאס אלץ וועט זיין שפעטער; דערווייל מוזען קינדערלער שלאפען.

פון שלאף קומט צו געזונט. עס דערפרישען זיך די כחות; אז מען שלאפט, „שטעהט מען אויף ווידער—מיט געזונטע גלידער!"—

איי־ליו, לירליו, לירליו,
שלאף שוין, מיין גדולה;
מאך שוין צו דיינע
אויגעלער, די פיינע, —
מאך זיי צו און מאך זיי אויף,
און שטעה געזונט און פריש מיר אויף!

אדער:

שלאף שוין שלאף אין דיין רוה,
מאך די כשר'ע אויגעלער צו,
מאך זיי צו, מאך זיי אפען,
ווער געזונטערהייט אנטשלאפען!

אפילו די צדקנית, וואס וויל, מען זאל איהר, אין זכות פון זוהנס תורה, עפענען די טויערען פון גן־עדן, בעט זיך:

שלאף, מיין קינד, שלאף, מיין קינד, —
זאלסט מיר רוהען, זיי געזונט!

און וואס מען זאגט אלץ נישט צו דעם קינד, עס זאל נאר רוהיג שלאפען!

שלאף, שלאף, שלאף!
דער טאטע וועט ברענגען אן עוף...
ער וועט ברענגען אן עפּעלע,
זאל זיין געזונט דיין קעפּעלע!

און נאך אסך זאכען וועט דער טאטע ברענגען:

— א ניסעלע (ערגעץ אנדערש — א שיסעלע), עס זאל געזונט זיין דאס פּיסעלע. אן ענטעלע, עס זאל געזונט זיין דאס הענטעלע. א יאבעלע — א רפואה פאר'ן בייכעלע, פייגעלעך (אדער: ביי־נעלעך) — געזונט זאלען זיין די אויגעלעך, אפילו „א העזעלע פאר'ן נעזעלע"...

אויב דאס קינד וויל נישט שלאפען, קומט עס זיכער פון אן עין־הרע:

איך זאל וויסען, ווער עס קומט אחער,
אן עין־הרע געבען;
(וואלט איך געשאלטען:)
אראפּ פון דיין גוף,
אויף יענעם ארויף
אויפ'ן גאנצען לעבען!
א פארשלאפענע מאמע זינגט:
וואס איז פאר א שטיינער,
צוועלפען דער זיינער,
און שלאפסט נאך נישט איין!
קיין אנדערע סברא,
עס איז אן עין־הרע,
ס'קאן אנדערש נישט זיין!
ווען ס'וואלט נישט זיין שפּעט,
וואלט איך אראפּ פון בעט,
און וואלט אן עין־הרע אפּשפּרעכען...

און שלאפען דארף מען שטיל, ליגען רוהיג, בפרט א מיידעל, א צנועה:

וואס ווארפסט דיך ארום ?
וואס ליגסט דו קרום ?
פאלג מיך, ליג בעסער גראד !
דו מעגסט מיר גלויבען,
מען וועט דיך לויבען :
א שעהנע, אן עהרליכע מאד (מויד).
הארים וויינען איז גאר קיין יושר נישט :
פיעשטשעסט זיך און וויינסט,
און שלאפען ווילסט רו נישט ;
מאכסט דאך אן דיין מוטער
שמערצען מיט דערמיט !
זינגען גאר און ווינען,
איז דיין גאנצער גרונט !
שלאף שוין, שלאף שוין, קינד.
שלאף שוין, שלאף געזונט !

און, אויב דאס קינד לאזט זיך נישט איינגעמען מיט ג ו ט ע רייד, מאכט מען עס א מורא. דעם איינגעל, וואס וועט וויסען אמאל, ווענינגסטענס ל"ג בעומר פון כלי־זיין, זאגט מען :

די באבעס מיט דזשאדעס
טוען אין דרויסען זיצען ;
מיט די ברייטע שווערטען,
מיט די לאנגע שפיצען !
א איינגעלע, וואס מ'האט
וויינענדיג געפונען,
האבען זיי געכאפט,
געווארפען אין דעם ברונען !
דאס מיידעלע איז יוצא מיט חיות רעות :
פראשען און בערען
טוען אין דרויסען זיצען ;
מיט די הויכע שטעקען,
מיט די לאנגע שפיצען !
א מיידעלע, וואס וויינט,
וויל נישט רוהיג זיין ;

נעמט מען און מען כאפט
אין טארבעלע אריין!
נאטירליך, אויב מען פארטוישט דעם נוסח, א י ז אויך ח ל י ל ה, נישט קיין געפאהר!
און פארוואס זאל א קינד נ י ש ט שלאפען?
אז עלטערער מענש האט אמאל עפעס אויפ'ן הארץ, וואס לאזט נישט שלאפען. אפט האט מען פחד איינצושלאפען: אז מען שלאפט איין, פליהט ארויף די נשמה אין הימעל אריין
און שרייבט די עברות איין אין די ביכער!
אבער דו, מיין קינד,
דו האסט נאך נישט קיין זינד,
קאנסט דו שלאפען רוהיג און זיכער!
און, „אז דאס קינד ליגט און שלאפט אין ווינעל, קומען גוטע מלאכים און בארעקען עס מיט זייערע פלינעל".
דער מלאך דער גוטער,
אזוי ווי א היטער
שטעהט ביי דיר ביז אין דער פריה.
שטעהט ביי דיין ווינעלע;
און מיט זיין פלינעלע
דעקט ער דיך צו.

---

וואס נאך האט באשערט. א מיידעל צי אן אינגעל; די מר מער האט ליעב איהר קינד!
„אז זי וואלט געהאט דעם מלך'ס אוצרות מיט זיין גאנצער מלוכה, וואלט איהר אלץ נישט געווען אזוי ניחא".
ווי דו ביסט מיר ניחא, מיין ליכט און מיין שיין,
אז איך דערזעה דיך, מיין איך,—די גאנצע וועלט איז מיין.
„אלע בריליאנטען, מיט אלע אנטיקען, קאנען איהר הארץ נישט אזוי דערקוויקען", ווי, „אז דאס קינד ליגט און שלאפט אין זיין ווינעל, און מלאכים באדעקען עס מיט זייערע פלינעל..."
און אזא מוטער, וואס וואכט ביינאכט ביי דער שיין פון לבנה און שטערען, איבער'ן ווינעל פון איינגעטען קינד, און הערט

דאס רוהיגע, שטילע אטעמען פון די עלטערע קינדער. — פאלט איהר איין, אז איהרע קינדער זענען, ווי די שטערען אין הימעל, און אז זי וואכט איבער זיי, ווי די לבנה...

די לבנה פאסט אויף די שטערען,
ווי דער פאסטוך אויף זיינע שאף;
ס'זאל, חלילה, נישט געטינערט ווערען,
שלאף מיין עופ'עלע, שלאף!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט אלע קינדער קומען אויף דער וועלט מיט דעמזעלבען מזל... נישט אלע שלעפט די מוטער איין מיט ליעדער!

ארעמער יתום! דיין מאמע איז אין קינדבעט געשטארבען.
דאס קינד ליגט אויף דער ערד מיט אויסגעוויינטע אויגען;
די מאמע ליגט אויף דער ערד, די פיס אויסגעצויגען...
דאס קינד ליגט אין ווינעלע און חלש'ט צו זויגען;
די מאמע ליגט אין קבר מיט שארבענס אויף די אויגען!
ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און גלעטען?
ווער וועט דיך, מיין קינד, דאס ווינעלע בעטען?
ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און צירען?
ווער וועט דיך, מיין קינד, אין חדר אריין פיהרען?
ווער וועט דיך, מיין קינד, מאכען פאר א מענשען?
און, אונטער דער חופה, ווער וועט דיך בענשען?

נישט גוט צו זיין א יתום! עס קרעכצט דער רעפריין פון ליעדעל:

נישט דא קיין מאמע,
נישט דא קיין נחמה!
און קיין מוטער וועט קיינער דעם קינד נישט פארטרעטען!
איך בין אויסגעפאהרען אויף אלע שיפען איבער אלע ים'ען;
איך האב געמיינט, כ'וועל קריגען קויפען פאר'ן קינד א מאמען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט גוט איז אויך דעם יתום אהן א טאטען!
דער מלאך מיט זיין פלינעלע
רעקט דיך ביז עס טאגט.

און בײַ דײַן עלענד װיגעלע,
דײַן מוטער זיצט און קלאָגט!

זי קלאָגט, װאָס זי האָט „דאָס קינד געבוירען אויף צרות און אומגליק און שמערץ..." װאָס דער פאָטער איז געשטאָרבען, װען דאָס קינד איז „נאָך געװעזען אונטער איהר הערץ..."

װען דו ביסט אַרויס פון דײַן בליהונג,
איז ער שוין בײַ אונז נישט געװען;
מײַן קינד, דו האָסט נישט קיין פאָטער,
ער האָט נישט דערלעבט דיך צו זעהן!

שלאָף, אָרעמער יתום! „דײַן גרויס אומגליק פאַרשטעהסט דו נישט!" „אַז דו װעסט אויסװאַקסען, װעט עס קומען צו דיר אויף זיבען װעגען! מיט דײַן מוטער, דער אָרעמער אלמנה, צוזאַמען. װעסט דו װײַנען און קלאָגען... נישט דאָ דײַן שפּײַזער!"

מײַן קינד, דו װעסט עלטער װערען,
שװער װעט דיך אָנקומען ס'ברויט,
דו װעסט דיך באַגיסען מיט טרערען, —
װײַל דײַן פאָטער איז טויט!

דאָס לעבען װעט זײַן אַ מין „שװימען און קאַלטען װאַסער, איבער ימים"... קאַלט װעט מען דיך באַגעגנען, קאַלט װעט מען דיך אָפּזאָגען: געה װײַטער, געה װײַטער!

אויפ'ן ים, אַז דו װעסט שװימען:
די פאַליעס װעלען טראָגען אַװעק!
צו װען עס װעסט דו נישט קומען,
נישט שלאָגען זיך צו צו אַ ברעג!

„געה װײַטער! געה! דו ביסט אונז פרעמד!" װעט מען דיך פאַרטרײַבען... דאָס איז דאָס מזל פון יתומים...

און „געדרופּענע אויף יענער װעלט קומען נישט צוריק"...

פריה איז ער געשטאָרבען, און אַזוי פיעל האָפנונג אויף נחת האָט זײַן טויט צושטערט... עס איז אַ ליעבע געװעזען... ע ר איז אַ מ ל ך געװען, ז י — אַ מ ל כ ה... אַ לעבען איז געװען װי אין אַ װײַן־גאָרטען. און דאָס קינד? דאָס פײגעלע אין דער נעסט?...

שלאָף קינד!

אמאל איז געווען א מעשה,
די מעשה איז גארנישט פרעהליך;
די מעשה הויבט זיך אנ'עט
מיט א אידישען מלך!
אמאל איז געווען א מלך.
דער מלך האט געהאט א מלכה...
„די מלכה האט געהאט א וויינגארטען, אין וויינגארטען איז
א בוים געוועזען, אויפ'ן בוים — א צווייג, אויף דער צווייג — א
נעסט".
די נעסט האט געהאט א פויגעלע,
דאס פויגעלע האט געהאט א פליגעלע!
א רייז שטיק גאלדען גליק!
דאס קומט אבער ארויס?
דער מלך איז אפגעשטארבען;
די מלכה — געווארען פארדארבען,
די צווייג איז אפגעבראכען,
דאס פויגעלע — אנטלאפען...
און וואס פאר א מזל ווארט דאס פויגעלע אויף דער וועלט?
דאס ווייסען אפשר די שטערען אין הימעל, אבער —
וואו נעמט מען אזא לייטער
פון מויזענטער מיילען;
וואו נעמט מען א מענשען,
ער זאל שטערען צעהלען?

נישט גוט איז דעם יתום! די יונגע אלמנה קאן אבער איהר
איינענעם צער אויך נישט פארגעסען:
ליולינקע, מיין פויגעלע!
ליולינקע, מיין קינד!
אזא ליעבע אנגעוואוירען, —
וועה איז מיר און ווינד!

ליולינקע, מיין פויגעלע!
ליולינקע, מיין קינד!
וואו נעמט מען א דאקטאר,
צו היילען מיר מיין וואונד!

און —

אויפ'ן בית־עולם שטעהט א מצבה,
איהר גרויס איז פון א שפאן;
עס זיצט דארט א יונג ווייבעלע,
באקלאגט איהר יונגען מאן...

זי קלאגט, וואס ר'איז געשטארבען,
געלאזט איהר א קליין קינד;
איהר לעבען איז פארדארבען —
ווי אהן א פאסטוך א רינד!

ערגער דאך איז דער פארלאזטער עגונה. — זי זינגט:
שלאף, מיין קינד, שלאף
דיין טייערען שלאף!
זאל גאט איהם באצאהלען,
שיקען זיין שטראף!

עס איז נישט דא קיין עפעלע
אהן א ווערעמעל דרינען;
ס'איז נישט דא קיין מאנספארשוין
אהן קיין פאלשע זינען...

איך האב גענעהט א קליידעלע, —
פינף ארשין די ברייט...
קיין גוטס זאלען די נישט האבען,
וואס האבען אונז צושיידט...

ער האט זי גענארט; אן אנדערע גענומען. — עס טרעפט זיך.

ב.

## דאס גרינגע אסתר'ל.

אסתר'ל הייסט דאס קליינע מיידעלע, וואס איז ערשט ארויס פון וויג...
עס קריכט שוין אויף אלע פיער; עס מאכט נאך דעם קעצעלע דעם הינטעלע...

און טאטע־מאמע

וואלטען שוין גערן זעהן א טריטאלע
פון געטרייען פיסעלע...

נאר אז מען לעבט, דערלעבט מען. אויף אלץ קומט די צייט! אסתר'ל שטעלט זיך אויף אויף די פיסלעך און פאלט, און הויבט זיך אויף, וואקעלט זיך, הוידעט, מאכט א פאר טריט און פאלט. און הויבט זיך ווייטער אויף און פרואווט זיך ווייטער. זי שרעקט זיך פאר'ן פאלען; זי איז אבער שטאלץ אויפ'ן געהען. זי וואקעלט זיך און געהט.

צום קוראזש זינגט מען איהר צו:

צינעלע, מינעלע, רייב די קלאצקעס,
רויטע פאמעראנצען!
אז דער טאטע שלאגט די מאמען,
געהען די קינדערלעך טאנצען!

אסתר'ל וואקעלט זיך אלץ אויף די פיסלעך:

צינעלע, מינעלע, רייב די קלאצקעס,
רויטע פאמעראנצען!
שכור'ט זיך נאר איין דאס קעפעל,
געהען די פיסלעך טאנצען!

און אפשר האט מען איהר גענעבען א לעק פון קעלישיקעל. פון וועלכען א „טייערער גאסט“, א מומע האט כיבוד געבראכט! עס איז אזוי אנגענעהם צו זעהן, ווי א קינד ווערט „לעבעדיג“!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אסתר'לס מוטער ליגט שוין אין א צווייטען קינפעט, אדער האנדעלט שוין און וואנדערלט צוריק אין גאס, צי אין קרעמעל. אסתר'ל באקומט חבר'טעס און מען שפילט זיך אין גאס צי אין הויף.

מען נעמט זיך אן ביי די הענט, מען מאכט א ראד, איין טייר־דעלע בלייבט שטעהן אין דער מיט.

דאס רעדעל זינגט:

א ראד און א ראנגע!
א שטרויענע פאנגע!
זיבען מאל ארום,
חייקע, קוק זיך אום!

דאס רעדעל דרעהט זיך ארום און ארום, חייקע לויפט צו און כאפט איינע פון רעדעל, און וועמען חייקע כאפט, די געהט אויף איהר ארט אין מיט דאר אריין.

אדער עס הויבט זיך אן מיט א מעשה:

„אן אלטער קאטלאר האט געדארפט קעסעל־כלים
צו באשלאגען;
„א צווייטער ווייסט נישט וויפיעל שינדעל־נעגעל
דארף מען האבען"...

דערביי צעהלט מען די קינדער פון ראר. אום נישט קיין עיך־הרע צו געבען, ווערט גענעהלט: „נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי"... און צום גראם: ארער ליעדערליי!

אסתר'ל און איהרע חבר'טעס לערנען זיך, שפילענדיג, צעהלען.

מען צעהלט אויפ'ן נוסח פון „אחד מי יודע": „איינס — א מילינג, צוויי — א צווילינג, דריי — מזומן, פיער — רעדער, פינף — פינגער, א. ז. וו.

מען שפילט זיך אויך אין פראגען מיט אנטוואָרטען. איינע פרעגט, די צווייטע ענטפערט:

— סייבעלע, סייבעלע!
— פי־פי־פי!
וואו איז די מאמע?

אדער וואו איז דער טאטע.
— ז'אי'ניש חי!
— וואס וועט זי ברענגען?
— א גלעזעלע ביר!
— וואו וועט מען עס שטעלען?
— הינטער דער טיר!

טייל מאל ווערט דאס קינדער־שפיל ערנסטער:

— וואס וועט ער ברענגען?
— א חת'לע פאר דיר!
מזל־טוב, טאכטער,
מזל־טוב דיר!
(קליידער) צוגעשניטען,
(קליידער) אויפגענעהט,
א ווארע מאכט, א ווארע מאכט,
דער חתן געהט.
א ווארע געמאכט,
א חתן געבראכט,
און אפגעהוליעט א גאנצע נאכט!

און אסתר'ל הויבט אן טראכטען וועגען א „משה'לע" א חת'לע; עס קומט איהר!

א שעהן מיידעלע בין איך,
רויטע זעקעלער טראג איך!
טויזענט טאלער פארמאג איך!

אדער:

א שעהן מיידעלע בין איך דאך!
רויטען פאדעם שפין איך דאך!
א רייכען טאטען האב איך דאך!
היינט — וואס פעהלט מיר נאך?

עס פעהלט איהר ווירקליך גארנישט, אויסער א חתן...
אסתר'ל זאגט (נאטירליך, אין געדאנק) צום פאטער:

טאטע, טאטע, נעה אויס'ן בן זכר!
און קלייב מיר אויס א שעהנעם בחור!
מיט לאנגע פאות און שווארצע אויגען!
צו דער הייליגער תורה זאל ער טויגען!

אדער זי כאפט אן (אויך אין געדאנק) די מוטער:

— מאמע, וואו געהסט דו?

די מוטער פרעגט צוריק:

— טאכטער וואס ווילסט דו?

און אסתר'ל בלייבט שטעהן פארשעמט און שווייגט. די מו־טער וויל דאך טרעפען, וואס די טאכטער וויל:

— ווילסט רו נישט א פאר שיכעלעך האבען!
וועל איך נעהן דעם שוסטער זאגען!
— ניין, מאמע, ניין!

און אין הארץ טראכט אסתר'ל פאודראסען:
אוי, איך האב א שלעכטע מאמע,
זי ווייס נישט, וואס איך מיין!

און עס געהט ווייטער:

— מאמע, וואו געהסט רו?
— טאכטער, וואס ווילסט דו?
— ווילסט דו א קליידעלע האבען?
וועל איך געהן צו דער שניידערקע!
— ניין, מאמע, ניין, וכו'

אפשר א היטעלע? ווען זי באשטעלען ביי דער „פוצערקע". א פאר זעקעלעך כאקומט מען ביי דער „קניטערקע". אסתר'ל ענטפערט אלץ „ניין" און „ניין"! און „א שלעכטע מאמע, זי ווייסט נישט, וואס איך מיין!"
אז די מוטער פרעגט אבער:

— אפשר ווילסט רו א חת'ל'ע,
— כ'וועל געהן דעם שדכן זאגען!
ראטאלט ערשט כאפרייט זי זיך און ענטפערט:
— יא, מאמע, יא!
הייסט, א גוטע מאמע כ'האב,
ווייסט זי, וואס איך מיין!

---

און וואס פאר א מאן ווילסט דו, אסתר'ל?
— „אפשר ווילסט דו א שוסטער פאר א מאן?"
אסתר'ל איז אבער א בעל־בת'ישע טאכטער, א מיוחסת, און גרן האט זי. זי וויל קיין בעל־מלאכה נישט נעמען: א שוסטער

וויל זי נישט, דדאטווע ציהען קאן זי נישט! קיין שמיד אויך נישט; „אייזען ברעכען קאן זי נישט“; זי וויל אפילו קיין שענקערין נישט זיין, פלעשער שווענקען איז נישט קיין זיס לעבען... א מלמד איז שוין יא עפעס רעכטס, ער לערענט די היילינע תורה, נאר „שבירות מאנען“ איז אויך נישט פון די גוטע זאכען!

א רבי'צין זיין וויל זי, זי איז אליין „א רבי'צינס אן אייניקעל“.

אויף אז „אויסרעדוועהלטען“ חתן מוז מען אמאל אבער װארטען. טרויערט אסתר'ל:

אויף א הויכען שטיין
זיץ איך און וויין;
אלע מיידלעך האבען חתנים,
נאר איך איינע — ניין!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט דער צייט דאך, האט גאט געהאלפען און אסתר איז א כלה געווארען...

די „כלה־צייט“ געהט אריבער, ווי א רויש, ווי א חלום. מתנות, קליידער... מען שטעלט א חופה. א תענית, א גאלדענע יויך... מורזיק, כלה־טאנץ, אזוי טענץ... און צרטארגענס באפט זיך אסתר'ל אויף אלס ווייבעל... זי פאהרט שוין אפ צו שווער און שוויגער. צו פרעמדע...

זי געזעגענט זיך מיט פאטער און מוטער:

זייט געזונט, ליעבע עלטערען,
איך פאהר אוועק
אין ווייטען וועג,
וואו קיין ווינט וועהט נישט,
וואו קיין פוינעל פליהט נישט,
וואו קיין האן קרעהט נישט!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

זיי מיר געזונט, מיין פאטער געליעבטער!
זאל שוין נעמען אן עק!
דיין זאלץ און ברויט האב איך געגעסען, —
ציגד פאהר איך אוועק!

עס איז ביטער, געליעבטער פאטער,
דער פוינעלע אין וויסטען וואלד אליין!
עס איז ביטער, געליעבטער פאטער,
מיר אין פרעמדען לאנד אליין!

זיי געזונט, געליעבטע מוטער,
זאל שוין נעמען אן עק!
דיין מילד פון ברוסט האב איך געזויגען, —
ציגר פאחר איך פון דיר אוועק!

זי שטעלט זיך פאר, אז זי זיצט שוין ביי שווער און שוויגער און טרעכט:

אין פרעמדען לאנד, אומבאקאנט,
בין איך עלענד, ווי א שטיין, —
אז איך דערמאן מיך אן דער היים
זיץ איך און וויין, איינע אליין!

אין די עפליגע טעג איז זי עלטער און טיפער געווארען; דאס הארץ האט געארבייט „אויף אלע כלים"...
אסתר'ל זיצט שוין אויף דער פוהר, די מוטער קומט נאך אמאל צו, און לערענט זי, ווי זי זאל עהרליך האלטען די שוויגער:

מאכטערל דו ליעבסטע,
טאכטערל דו מיין!
ציגר וועל איך דיך לערנען,
ווי א שנור צו זיין!
בשעת דאס שוויגערל
וועט געהן פון שול,
טראג איהר אונטער
א גאלדענעם שטול!
און אז דאס שוויגערל
וועט געהן צו טיש,
שטעל איהר א בענקעלע
אונטער די פיס!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם יונגען ווייבעל איז ביי שווער און שווינער אזוי באנג!—
זי בענקט אהיים און זינגט:

נעפלוינען, נעפלוינען די גאלדענע פאווע
איבער אלע ים'ען!
זאל דארט גריסען, מיין גאלדענער פוינעל,
מיין ליעב־הארציגער מאמען!
עס איז נעפלוינען די גאלדענע פאווע,
איבער'ן טייך דעם גלאטען;
לאז דארט גריסען, גאלדענער פוינעל,
מיין הארץ־געליעבטען טאטען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז נעפלוינען די גאלדענע פאווע,
איבער פעלדער און סעדער...
האט ער פארלוירען, דער גאלדענער פוינעל,
זיין גאלדענע פעדער!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און זי באקלאגט זיך:

ווי ס'אי' ביטער, ליעבע מוטער,
א פוינעל אהן א נעסט;
אזוי איז ביטער, ליעבע מוטער,
אין דער פרעמדר אויף קעסט!
ווי ס'אי' ביטער, ליעבע מוטער,
אהן וואסערל דעם פיש,
אזוי איז ביטער, ליעבע מוטער,
ביי א פרעמדען טיש!
ווי ס'אי' ביטער, ליעבע מוטער,
אין שטיבעל אהן א טיר;
אזוי איז ביטער, ליעבע מוטער,
מיר אהן דיר!

אפשר איז עס א פארגעפיהל, וואס זי דערמאנט אן „שטיבעל אהן א טיר"; עס געהען איהר די קרעפטען אויס, פאר בענקשאפט, פאר שרעק, פאר דעם, וואס דארף קומען...

צו יונג האט מען זי איבערגעפלאנצט אויף א פרעמדען ארט...
א ליעד שטעלט פאר א געשפרעך אדער א בריף־וועקסעל צווישען
מוטער און מאכטער:

— מאכטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
ווי האלט דיך די שווינער?
— די שווינער, — איז בייז, ווי א טיגער!
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
— מאכטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
ווי האלט דיך דער שווער?
— רער שווער, — ברוממ, ווי א בער!
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
— מאכטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
ווי האלט דיך דער מאן?
— ביים מאן — איז דאס לעבען א שפאן!
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין!

די שווינער באהאנרעלט זי שלעכט; וואס זי טוט, געפעלט
איהר נישט.

„שטעהט זי אויף פריה", זאגט די שווינער, „זי שטעהט אויף
קייען, ווי א קיה"... „שטעהט זי אויף שפעט", הייסט עס: „די
נבלה ליגט נאך אין בעט!"... „מאכט זי גרויסע חלות, שטעלט זי
די שווינער בדלות; מאכט זי קליינע, ציהט זי אויף איהר דעם
דלות! טוט זי זיך אן שעהן, מאכט זי די שווינער געמיין, מאוס—
איז איהר א ביוש, איהר שנור זאל זיך ארעם מראגען!

נעהט זי פארבעטען, ארט די שווינער, ווי זי טרעט; פארבעט
זי נישט, שרעקט מען זי מיט א גט; וואשט זי טיש און בענק, ווי'ל
זי אומישנע ארייננפאלען אין א קרענק — די גרינגע אסתר איז שוין
אויף דער צייט — טוט זי נישט וואשען, בארערט מען זי אין אלע
גאסען... געהט זי מיט'ן מאן שפאצירען, שילט מען זי מיט נער־
שווירען — אויף די פיס... זיצט זי אין שטוב, „ווי א קרוק",
שרייט מען „זי האט שוין פארדרעהט דעם שנוק!"

און עס קרעבצט דאס יונגע ווייבעל: ווער איז איהר לעבען—
זי ווייסט נישט, ווי דער שווינער אפצוגעבען... און די שווינער
לעגט אויף איהר קיין כבוד נישט... די מוטער פרעגט, און אסתר'ל
ענטפערט:

— מאכטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
וואס עסטו דארטען?
— א שטיקעלע ברויט
ליעבער דער טויט
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
— מאכטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
וואס נעהסט דו אנגעטאן?
— אין א קלייד,
מיט צרות גענעהט, —
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין!

און זי טראגט „שיר. וואס ווערען צוריסען אויף ניך; מען לאזט זי לעגען דעם קאפ אויף א קישען, נאר — כדי ליים זאלען וויסען!" און די מוטער פרעגט ווייטער:

— מאכטער, דו ליעבסטע, דו מיין!
וואו ליגסט דו דארטען?
— אויף א הארטער באנק,
ליג איך טויט קראנק,
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין.
— מאכטער, דו ליעבסטע, טאכטער דו מיין!
צי קומט צו דיר צו דער מאן צו געהן?
— ער נעהט נישט צו,
ער האט שכל, ווי א קוה,
מוטער, דו ליעבסטע, דו מיין!

---

— און

אז זי האט געדארפט דאס קינד שוין געווינען,
האט מען פאר איהר קיין באבען געפינען!
— שווינער, דו ליעבסטע
שווינערל, דו מיין,
שטעלט מיך צום פענסטער,
וועט אפשר גרינגער מיר זיין!
— נים איך וועל דיך שטעלען
אין פענסטער אריין,

און נישט עס וועט דיר
נרינגער זיין!
— שווינערל, דו ליעבסטע,
שווינערל מיין...
שטעלט מיך אין גארטען,
וועט מיר אפשר גרינגער זיין...
— נישט איך וועל דיך שטעלען,
אין גערטעל אריין,
און נישט עס וועט דיר
גרינגער זיין!

---

אדער: —
שווינגער, דו ליעבע שווינער, דו מיין,
עפענט אויף דאס פארטעלע,
אפשר וועט א פויגעלע זינגען,
אפשר וועט מיר גרינגער זיין!

„עפענט אויף דאס פענסטער, זאל כאטש וועהען אביסעל לופט, זאל א ווינטעלע בלאזען!"
די שווינער האלט זיך ביים איהריגען: עס וועט איהר נישט גרינגער זיין!
שווינער ליעבע, שווינער זיסע,
עפענט כאטש אויף דאס טירעלע,
זאל מיין מאן אריין,
אפשר וועט מיר גרינגער זיין!

און אז דער מאן קומט אריין, זאגט זי:

ווער איז מיין געליעבטער,
און ווער איז דער מאן מיין?
ווער וועט לויפען פיערציג מייל
אין דער מאמעס שטוב אריין?

איחר מאן האט גאר קיין שכל נישט, אבער ליעב האט ער זי, א גוטער איז ער. ער ענטפערט:

— אט דא בין איך, דיין געליעבטער,
כ'בין דיין מאנדעל דיין!
און אט לויף איך פיערציג מייל
אין דיין מוטערס שטוב אריין...

ער לויפט, קומט, טרעפט די שווינגער און רופט:

— גוט מארגען, שווינגערל,
— גוט יאהר מיין קינד!
— אייער איינציגע טאכטער
נעהט שווער צו קינד!

די מוטער איילט זיך צו פאהרען! און —

ווי ז'איז געפאהרען
שפאנען די פערד,
ווינשט זי זיך בעסער
צו ליגען אין ערד!
און ווי ז'איז אריבער
ד'אייזערנע בריק,
זעהט זי, שמשים
נעהען שוין צוריק!
און ווען ז'איז אריין
אין דער טאכטערס שטוב,
איז שוין די טאכטער
געלעגען אין גרוב...

(גישט געענדיגט)

1901

# „אין פאָלק אריין“.

„און עס וועט קומען א צייט—האָט עמיצער נביאות געזאָגט— ווען דער הייליגסטער צדיק וועט פארלאָזען זיין חדר, צי זיין הייל, וואו ער האָט התבודדות געהאַט, וואו ער האָט געמאַכט תקון פאר זיך אליין, פאר זיין אייגענער נשמה און האָט זי געוואָלט צוזאמענגיסען מיט דער נשמה פון דער וועלט, — מיט גאָט!

„און דער שטערנזעהער, וואס קוקט מיט קאלטע אויגען דורך קאלטע גלעזער אין קלאר־קאלטען הימעל אריין און בלאָנדזשעט צווישען פרעמדע, אפשר פארגעסענע וועלטען, וועט פארלאָזען דעם הויכען טורעם אויפ'ן הויכען בארג און וועט פאר'ן קאלטען הימעל אנטלויפען...

„און דער שמאָלצער און דער פיינער, וואס איז פאר מענשען־שוויים אנטלאָפען, וואס האָט זיך פאר'סמ'טען מענשען־הויך און מענשען־אָטעם אין דאך־שטוב איבער'ן זעקסטען שטאָק פארשאַנצט און פון אמאָל געזעהענע בארג און טאָל, וואלד און טייך, נעבעלדיגע „שטימונגען“ געמאַכט, וועט אָנהויבען בענקען צום מענשליכען גראָבען גערודער אויפ'ן מאַרק...

„און אלע, וואס האָבען דעם פעבעל פארלאָזט, וועלען זיך דער־פיהלען קראַנק, אָרעם, עלענד און פארשטויסען, ווי די קרעצינע אויסער'ן לאָגער, און וועלען אראָפּקומען און וועלען זיך בעטען: דערלאַנגט אונז די האַנט; מיר פאַלען!

„און אין איין ציטערניש פאר קעלט אין דער נשמה, וועלען זיי מקנא זיין די אָרעמסטע עפּעל־אידענע ביים פייער־טאָפּ, און וועלען מקנא זיין דעם נאכט־וועכטער, וואס בלאָזט זיך אויף די ליולקע אין גאַס און פון די פונקען דויטעלט זיך איהם דאָס פארשלאָפענע פנים... און דעם פישער, וואס שווימט איבער'ן טייך אין דער פינסטערער נאַכט, ביי א לאַמטערנע לעבען רודער, און דעם פאַס־

טוד. וואס בראט זיך זיינע גע'גנב'עטע קארטאפעל, ביים פייער פון דערנער אויפ'ן פעלד..."

אזוי האט עמיץ גביאות געזאגט. נאר די גביאות הויבט אן מקוים צו ווערען... מען נעהט אין פאלק אריין! און מען טוט געחען!

טייל האבען בייז געוויסען, ווייל זיי האבען א צו־לאנגע צייט אין פאלקס נאמען גערעדט און דאס פאלק נישט געפרעגט, און זיין מיינונג נישט געוואוסט. אנדערע פיהלען זיך, ווי אראפגעפלויגענע בלעטער אויפ'ן ווינט, און זוכען זייער רוה און ווילען זיך באהעפטען צום פעסטען, צום שטארקען, וואס שווימט נ י ש ט ארום אין דער לופט!

די ווארשעווער רבנים ווארטען נישט, ביז מען וועט זיי קומען שאלות פרעגען וועגען „טמא וטהור", און שרייבען און דרוקען „מודעות" וועגען הלכות מקוה אויף מאמע־לשון, צאינה־וראינה־לשון...

און זיי נעמען ארויס די הייליגע דינים פון די לשון־קודש'ע פוטער־פעסער, וואס שטעהען הייליג און שטאלץ אויף די אלטע האלץ־פרעסיגע שענק אין בית־המדרש, אין קלויז... זיי רייסען אפ די זיבען חתימות, די זיבען שלעסער, אויף וועלכע מען האט די דינים פאר'ן פראסטען עולם פארמאכט, און לאזען זיי אין איין העמד אין גאס אריין, אין מארק אריין... און אינגלעך טראגען זיי ארום און פארקויפען צו קאפיקעס און פארטיילען ארעמע אידענעם אומזיסט, און מען פארשטעהט די דינים, ווי „תחנות", ווי „צאינה־וראינה", ווי אן איבערגעזעצטען „יהי־רצון"...

און דאקטוירים קומען און זארגען פאר'ן ארעמען פאלקס נעזונט. דר. ביבאווסקי און דר. נאטליעב זעצען איבער פון פוילישען „דר. באלאווסקי'ס ווערק" איבער פאקען. וואס איז פאקען? וואס דארף מען טון, אום צו פארהיטען זיך פאר פאקען? און דר. באלים (?) דרוקט, און די אינגלעך טראגען ווייטער ארום אין די גאסען... עס איז נאר א שאד, וואס די דאקטוירים קענען וועניגער אידיש, ווי די רבנים, שרייבען אהן גראמאטיק, דרוקען אהן קארעקטור, און דער פראסטער עולם פארשטעהט בעסער הלכות מקוה, ווי הלכות פאקען...

ואחרון אחרון חביב — רער דר. בערדיטשעווסקי...

מיכה יוסף דר. בעדריטשעווסקי, דער אידישער ניטשע, וואס

לעבצט צו שעהנקייט, צו גבורה, וואס שטעהט אויף א שעהנעם פריה־מארגען און וויל מיט אמאל איבערבייטען אלע אלטע, אפּ־געריבענע מאראלישע מטבעות אויף נייע, שארפע מיט פולער־וואג, אונזער פילאסאף אריסטאקראט, אונזער בר־כוכבא, ריש־בר־יונה, אונזער, וואס איהר ווילט, לאזט זיך אויך פלוצלונג אראפּ אין מארק אריין, געדרוקט מיט גרויסע, געפינטעלטע אותיות, אויף ביבולא־פאפיר, איינגעהילט אין א העסליכער געלער שמאטע און דערצעהלט רעם פראסטען גראבען עולם: „א מעשה פון איינעם א קאוואל! וואס האט פערסאמט (אזוי לענט ער אוים) זיין ווייב“, בדי „מען זאל זיך דערפון א מוסר נעמען“ (ער שרייבט: אראפּנעמען).

מען זאגט, אז דר. בערדיטשעווסקי איז א צוריסענער מענש. איך זאג: אן אמת גאנצער!

ער האט אויפגעשריבען א גוטע פסיכאלאגישע זאך. קוים אבער האט ער זיך געיאגט: מען מוז געהן אין מארק אריין, האט ער עס אויפגעשריב[illegible] אויף באלטער מארק־לשון, וואו די מעשה ווערט דערצעהלט. [illegible]ון מיט דעם מארק־לשון רעדט דר. בעררי־טשעווסקי נישט נ[illegible] פאר'ן קאוואל, נאר אפילו פאר זיך... אזוי אריינגעקראכען איז [illegible]ר אין קאלטער קאוואלס נשמה!

ווען איך בין נערדיטשעווסקי'ס ווייב, וואלט איך מיך אביסעל געשראקען...

נאר נישט אי[illegible]דעם נעהט עס.

איך האב א קרובה לאה, א פישערקע. נישט „לאה די פי־שערקע“, דאס יונגע ווייבעל פון ווילנא. נאר לאה א פישערקע. בעסער געזאגט, א געוועזענע פישערקע, ווייל זייט מען האט אראפּגע־טריבען רעם פיש־מארק פון אייזערנעם טויער און אריינגעפיהרט אין די נייע געדעקטע האלען, האט לאה, ווי אנדערע הונדערט ארע־מע ווייבער, נישט געהאט מיט וואס פאר א נייעם טייערען ארט צו באצאהלען און איז געבליבען אהן אן ארט...

פון לאה'ן פלעגט שלאגען א ריח פון פיש מיילען־ווייט. היינט איז אויך נישט בעסער — זי טראגט ארום אויל און נאפט... אין אן אלטער ווערענע, אין אן אפּגעריסענער...

א צייט לאנג האט זיך לאה נישט געקאנט אפּרייסען פון אייזערנעם טויער. זי איז ווייטער געזעסען, נאר אהן פיש. מיט טיף־איינגעזעצטע גלעזערנע אויגען אין פארשטיינערטען פנים

פלענט זי קוקען אויפ'ן חורבן, באנלייטען מיט צער יעדען שטיין, וואס מען האט אויסגעריסען, יעדעס שטיק אייזען, וואס מען האט אוועקגעשלעפט פון די צונומענע באריערען... און, אז מען האט אויפגעדרודערט די ערד צו פארפלאנצען א סקווער, האט זי נעשאלטען!

די בוימער מ ע נ ע ז שטעהען אין גאס, גראז זאל וואקסען... א י ך נישט!

און די גאנצע וועלט איז שולדיג געוועז.

„די רבנים, פאר כל־ישראל ארבייטען זיי... געהט אין מאגיסטראט אריין, בעט רחמים — — וואס געהט עס זיי אן?"

„און אזוי פיעל אינטעליגענטען, אדוואקאטען, דאקטוירים — רעדען אלע לשונות און פאר ארעמע אידענעס האבען זיי קיין ווארט אין מויל!"

אויף שרייבער איז זי נאך אש־להבה געוועז.

— פאר אלעם האבען זיי טינט־און־פעדער, נישט פאר אונז!

„שרייב מיר א פראשבע, — באפאלט זיך מיך, — שרייב, אז מען לאזט אלע לעבען, — מייז, קעץ, אפילו הינט, פארוואס מיך נישט?

און טאר איך נישט לעבען, לאז ער פארטאג פארפאהרען, דער הונט־שלעגער און צונעמען, און אוועקפיהרען..."

היינט איז לאה, די פישערקע, אן אנדערער מענש.

ערשטענס, האט זי זיך אפגעוואנדט פון פיש און פיש־מארק און טראגט ארום נאפט מיט אויל... אויך א פרנסה מיט א דיה, כאטש אן אנדערען; צווייטענס, זעהט זי בחוש, אז מען זארגט פאר איהר!

די ווארשעווער רבנים זאגען איהר: הער, לאה די פישערקע! היינט ביסט דו אלט, נאר אמאל ביסט דו יונג געוועז, און יונגערהייט — ווער ווייסט? אפשר עפעס פארלאזט, נישט אכטונג נעגעבען, מאך נאך אמאל אן „אפצונג"... צעהל טעג...

און צייט האט זי, און טוט עס, און איז זיך מחיה — אראפגענומען א פלעק פון דער נשמה.

און די דאקטוירים געפעלען איהר אויך... אביסעל א שלעכט לשון, (דבנים שרייבען בעסער אידיש), אביסעל אויסטערליש, נאך

אייניקלעך האט זי. פאר פאקען ציטערט זי; ע פ ע ס איז זי געוואר געווארען!

נאר דערפאר אויף בערדיטשעווסקי איז זי בייז!

— אזא קליין, אזא מאוס ביכעל, ריין ביבולע־פאפיר און מען נעמט דערפאר מיינע בלוטינע פינף קאפיקעס! א מוסר, זאגט ער, זאל איך מיר ארויסנעמען, און מוסר פאר פינף קאפיקעס ק א ן איך קויפען? מיט אמאל וויל ער רייך ווערען...

אומזיסט וויל איך זי איבערציינגען, אז דר. בערדיטשעווסקי וויל נישט רייך ווערען, אז עס מוז זיין אן ארויסגעבער דערינען...

— ארויסגעבער—שמעבער, אבי אויסגענארט פינף קאפיקעס.

1902

# ליטעראטור און לעבען.

אמאל, אין די גוטע יאהרען, פלעגען זיין „שדים אויף די בוי־דעם“; לצים פלעגען ארומטאנצען אין די הויפען, נשמות פון עולם הדמיון — האלץ האקען אין אלע ווערלרער; פון אלע חורבות פלע־גען רוחות ארויסשרייען „קוקעריקו“, ווי דער בעסטער האן, און געשטארבענע אפיקורסים, אדער הינטער'ן פלויט באהאלטענע ריי־טשען — ארומלויפען אויף די רעבער בצורת כלב און בילען, און בעטען זיך תקון!

עס איז געווען אז אמת ראמאנטישע צייט, סאמע שילער'ישע „הוילע נייסטער“, און מלאכים אפילו האבען זיך אויך נישט זעל־טען באוויזען! פארקערט — זיי פלעגען זיך גאנץ אפט „יאווען“ און פונקט צו דער ריבטינער צייט, אפצ׳אווישען דער אלמנה'ס טרערען, אויפצוהויבען א יתומה פון גלאטען אייז... זיי פלעגען טיילמאל אפילו זיך באווייזען דעם רשע אין א חלום און אנ־זאגען איהם זהיר והזהר, ער זאל נישט איבערפילען דאס מעסטעל זינד! אויסער דעם — פלעגט אמאל, אומגעזייהט, ארויסוואקסען אליהו הנביא — אריינווארפען אז אפגעקומענעם דאנציגער סוחר א זעקעל געלט דורכ'ן פענסטער, ענדיגען א שטיקעל ארבייט פאר א קראנקען בעל־מלאכה, און גאר א פשוט'ען בטלן — אונטער־ווארפען א כשר'ע מציאה...

* *

*

וואס האט דאמאלט א „אידען“ געפעהלט?

„מי יאכילנו בשר“*) איז גאר קיין שאלה נישט געוועזען!

---

*) „ווער וועט אונז געבען צו עסען פלייש“.

אונטער אלע בריקען האבען נעבלעקט פאר'בשומ'טע קעלבער! נעלט? אין אלע אלטע קעלער זענען באגראבען געווען אוצרות פון אמאליגע קלויסטער. און יעדע פארנאכט האבען זיך אוצרות באוויזען! שמחות? זאבאוועס? אין אלע הויפען האבען קונדייסע־ווען לצים, סצענעס געמאכט: געווארפען זיך מיט שאלעכטס פון אייער און קארטאפעל; פראסט — צום קראנק־לאבען... אויסער דעם איז געווען מעהר ברית'ן ווי היינט, אנדערע סעודות מצוה'ס. ווי היינט! און אין אלע קרעטשמעס איז געווען מוזיק! דאס האבען שדים חתונות געשפילט!...

„הקפות“ איז היינט איין מאל אין יאהר און נאר ביי א מנין, דאמאלט האט יעדערער שבור'ער בעל־עגלה געהאט צעהן מאל אין יאהר הקפות און א גאנצע נאכט ארום א בוים אין א וואלד!

גענען שעבוד מלביות—פאספארטען. גרענעצען וכרומה שווערע זאכען, האט געהאט די קבלה פארשריבענע רעצעפטען, צו ווערען א רואה ואינו נראה: פ"ח תעניתים, תקצ"ז סגופים, תרפל"ג שמות און: נירא בעיניך, סטראזשניק, מען הערט דיך, ווי די קאץ!

האט זיך אמאל באוויזען א המן הרשע, א צורר היהודים— איז געווען א רפואה צו דער מכה: א ליב שרה'ס מיט'ן קניפיקעל, וואס האט פון איהם לאקשען געשניטען!...

אחוץ—וואס היינט־מארגען קומט „משיח־צדקנו“; איידער דו קוקסט זיך אום — א פאפירענע בריק, בולקעס אויף די בוימער, תחית המתים וכו' וכו' נאך אנדערע גוטע זאכען!

וואס האט געקאנט פעהלען אויף דער וועלט, אז זי איז גע־ווען מיט יענער אזוי פארקניפט און פארבונדען? עס האבען זיך „הימעל און ערד געקושט“; צווישען זיי איז געווען א צוזאמענ־האנג: א חלום, א מלאך אדער אן אנדערע מארע אינטערווענציע*) פון דער השגחה פרטית; צווישען הימעל און ערד איז געשטאנען א בריק, אויב נישט א פאפירענע — על כל פנים א שפינוועבענע.

די פאנטאזיע האט פון אונזער בלאטע ביז צום ריינעם בלויען הימעל אויפגעשטעלט א לייטער, און מענשען האבען פארמאכט די אויגען, געעפענט די מיילער און געקלעטערט אויף אלע פיער!

---

*) ארייגמישען זיך.

און אז עס האט זיך ניט נעלעבט, האט זיך גוט געשריבען (אפילו שלא על מנת לקבל פרס). די שרייבער זענען אויך געשטאנען מיט איין פוס אויף דער, און מיט'ן צווייטען אויף יענער וועלט... און אויף יענער וועלט (האבען מיר ראד א קיימא־לן!) זענען מיר תקיפים... אלע אומות האבען נאר „שדים" און מיר — דעם רבונו של עולם אליין! און מיט'ן רבונו של עולם'ס הילף האבען זיך אלע מעשיות גוט געענדיגט; דער „קורא נכבד"*) איז באלד אהן „הוריות" דוהיג און פעסט איינגעשלאפען, און אלע ש"י עולמות האבען זיך איהם נע־חלומ'ט!

ביי א מחבר, נאר און אפיקורס, האט זיך דער חלום, דער שד, דער מלאך, אליהו הנביא און אנדערע הימלישע אינטערווענציעס — פארשטעלט אין א ירושה פון א מוהמען אין אמעריקא... נאר סיי ווי סיי איז דער סוף געוועזען א מחיה. דער גוטער בחור האט גענומען די גוטע בתולה מיט נדן און דרשה־געשאנק בדת משה וישראל! דער שלעכטער בחור איז אוועק מיט „אן אפגעשנייצטער נאז" אדער — „ווי א קאץ פון דער מילך"...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אנדערע צייטען — אנדערע ליעדער...

די פריצים האבען אויסגעהאקט די וועלדער און די ארעמע נשמות פון עולם הדמיון האבען נישט, וואו האלז צו האקען... טרעפט זיך אמאל א הונט אויפ'ן דאך, איז עס א פראסטער, משוגע'נער אדער א מרה שחודה'דיגער הונט, און בילט נישט. און בעט זיך נישט קיין תקון... אויף שאסייען מיט ווערסטען האבען לצים קיין שליטה נישט; אוים הקפות! מיט די לצים צוזאמען זענען פארשוואונדען געווארען די פאר'כשופ'טע קעלבער... די באהן האט דריי פיערטעל קרעטשמעס פארמאכט און — ווייסט דער טייוועל — וואו שדים מאכען חתונה!... אליהו הנביא באווייזט זיך נישט, ווער ווייסט, אויב ער וואלגערט זיך נישט נעבעך ערגעץ ארום אלס „ניעפאמיאשטשי" אין א קאזאמאט אין סיביר, אדער ער זיצט נישט אין ירושלים, עסט יעב"ץ'עס דינע פרומע גריץ פון טויטע ביינער מיט עטליכע גרויפען פון שליידענס חכמה,

———

*) דער געעהרטער לעזער.

און נעהמ אלע פרייטאג אין באר אדיין על חשבון החלוקה, אונטער יוסף דיבלינ׳ס השגחה פרטית...

קיין מלאך זעהט מען נישט פאר א מיליאן... די יתומות מיט די אלמנות האבען שוין אפילו אויפגעהערט אויף זייער הילף צו האפען, ניכער שוין העלפען זיי אמאל אדויס פון דער נויט די „גאלדענע יונגע לייט“, וואס האבען פון די אלטע פריצים גע־ירש׳נט Prawem Kaduka דעם „Jus Primal noctis“!

מיט דער אלטער פארמאקאלאגיע צוזאמען האבען זיך איבער־געלעבט דער קבלה׳ס רעצעפטען אויף רואה ואינו נראה׳ס; ליב שרה׳סעם ווערען נישט געבוירען, פון אוצרות הערט מען נישט, און כשר׳ע מציאות, וואס זענען אמאל א האלבע פרנסה געוועזען, פיה־רען היינט גלייך אין קרימינאל אריין...

אוים ראמאנטיק! אוים פאעזיע! דאס לעבען איז טרוקען און פאסטנע!

עס ווייזען זיך אפילו אמאל עאוסאפיעס פיס אויפ׳ן ארט פון שרים; פון טייל נשמות ווערען אפילו מיש־פויקער און מען וואלט מיט דער צייט פון זיי שול־קלאפער געמאכט, אויפ׳ן ארט פון א „משיח־צדקנו“ האבען מיר אפילו אסך, אסך אזוינע, וואס ווילען אונז ארויסשלעפען פון גלות... עס איז אבער דאך נישט דאס!

עאוסאפיעס פיס כאפט מען גאנץ אפט, וואו מען דארף נישט; גוטע שטעלען האבען נאר יחידי סגולה, קוים איינם פרא־מיל פון אלע מעלער־לעקעד! און די משיח׳לער זענען שוין, ווי מען זאגט, אין שוסטער־נאס; וואו נאר א ישיבה־בחור, לערענט ער זיך דייטען אויף — דער כנסת ישראל...

עפעס רעכטס זעהט מען נישט!

---

„נייע צייטען, נייע פינזעל, נייע לידער!“ —

די ליטעראטור, האבען מיר א קיימא־לן, איז א שפיגעל פאר׳ן לעבען; זי באשאפט נישט קיין נייעס. ווער עס קוקט אריין, דער קומט ארוים; א רב, א ברחן, א נביד, א בטלן, א קאץ אפילו, אלץ קומט אדוים כהויה; און דעריבער איז קיין וואונדער נישט, אז מיט

דער נייער צייט איז אין דער העברעאישער ליטעראטור א מרידה געווארען און מען האט א געשריי געטאן „ר ע א ל י ז ם !“.
אוים ראמאנטיק! אוים פאעזיע!

---

אז עס איז א שטורעם־ווינט אויפ'ן ים, אז דער ים שפייט שוין אפילו מיט פאליעס דעם הימעל אין פנים אריין, אז עס טאנצען שוין שיפען און געהן אונטער, ווי בליי... ציטערט נאך אלס נישט דאס קליינע ביסעל לופט אינ'ם ענגען שפאלט פון פעלזען, וואו די ווייבע מאליוסקע*) האט זיך באהאלטען. זי ליגט זיך רוהיג און בנעימות אין איהר הייזעל, וואס וואקסט מיט איהר צוזאמען; נאר שפעטער — ערשט גאר שפעט, ווען דער ים איז שוין צוריק רוהיג, ווי א שפיגעל, עס שווימען שוין נייע שטאלצע שיפען, מיט נייע מאטשטען, נייע פעהנער — דאמאלט ערשט גנב'עט זיך אריין קוים א בלאז אין דער מאליוסקעס הייזעל! דאמאלט ערשט ווערט זי פארציטערט, און שטעקט ארויס דעם ווייסען קאפ מיט די גרויס־נארישע אויגען, צו זעהן: וואס פאר א שטורעם־ווינט עס וויל איהר חרוב ונחרב מאכען דאס הויז!

אין שוסטער־גאס, טרעפט זיך, האט מען שוין אין א נייעם פארגעסען, און זי האט זיך אלס נאך נישט אריינגע'גנב'עט צום תפוס אונטער שלאס און ריגעל! און נישט איינמאל געשיהט, אז בשעת ווען דער ארעמער תפוס טאנצט פאר פרייד, אז דער „נביא“ איז געבוירען געווארען, זענען שוין קיה און קעלבער מעלה־גרה דאס גראז אויפ'ן נביא'ס קבר!

אדער — למשל — איישישאק! ווען ווערט דארט מארע א הזמ?

ווען ער ליגט שוין אין פאריז אין טיסט־קאסטען...

ביי גאט קאן מען קיין שאלות נישט פרעגען; אזא מזל האבען שוין: די מאליוסקע אינ'ם שפאלט פון פעלזען, דער ארעסטאנט אונטער שלאס און ריגעל, און דאס פראנטעל, דאס גינגעריל אין איישישאק!

---

*) ווייכטיר, חלזון.

אזא מזל האט שוין אויך אונזער „אלטע מאמע“ — די העב־ראאישע ליטעראטור...

בשעת, ווען מען האט אין אונזער „אלטען הייזעל פון עס“, א געשריי געמאן: „רעאליזם“ און די אלטע ווענט מיט פוסבאדען און סופיט. מיט די איינוואוינער בכלל, האט געבאפט א ציטער, האבען שוין אנדערע גליקליכערע ליטעראטורען דעם רעאליזם אי־בערגעלאזט פון הינטען... זיי זענען שוין אפילו אריבער איבער מא־טעריאליזם, דעקארענטיזם און סימבאליזם און צאצקען זיך שוין מיט א נייעם בן־זקונים — מיט אקולטיזם. נאר ער האט אויך עפעס א גרין פנים, ציהט ווייניג ביי רער ברוסט, און וועט זיך אויך לאנג נישט האלטען...

וואס וועט זיין נאך אקולטיזם? אדער: וואס ב א ט י י ט ע ן רי שמות הקדושים, די אלע „איזמען“? פרעגט ביי וועמען איהר ווילט, נאר מיך לאזט צורוה, איך מיין, אז „די לצרה בשעתה“,*) ווען זיי וועלען מאדע ווערען ביי אונז, ווען עס וועט א ניי ליטע־ראדיש ניגערל אדער א מאליוסקע ארויפשפרינגען אויפ'ן אלטען דעבעל מיט א גאלדען שופר'ל אין זיסען מוילעבעל און א בלאז געבען דער כנסת ישראל א נייעם „משיח צרקנו“, א נייעם „איזם“! נאר נישט אין דעם שמעקט דער ק א מ י ז ם!

---

דער עיקר קאמיש איז ראס, וואס דעם נייעם ליטעראַרישען טעסטאמענט האט אונז געבראכט בן אבינדור!

וועגען בן אבינרור'ן איז רער עולם מחולק; רובנאוו אין „וואס־כאד“, און בן רוד אין „המליץ“, האבען זיך די לונגען געריהרט און אויפגעבלאזען בן אבינדור'ן, ווי א לונג־און־לעבער; געמאכט פונ'ם לכל הפחות א וויקטאר הוגא! (דער אלטער זאל מיר עס מוחל זיין, אויב ער רדעהט זיך איבער אין קבר.) דער רעשט עולם און דער עיקר „אונזערע“ גרויסע און קליינע גאוועליסטען, אדער — אפען גערעדט — די מיסט, וואס בן אבינרור'ס בעזעם האט ארויסגע־ווארפען פון שטאל, וואלטען איהם פארזייפט אין א לעפעל ווארעם וואסער! זיי זענען בופרים בעיקר אין זיין טאלענט... דער אמת

*) עס וועט צייט זיין, ווען די צרה וועט קומען.

לינט דא אויך אין דער מיט: בן אבינדור'ס מוזע איז א גוטע ליר־טעראַרישע הון, וואס לעגט כמעט אלע טאג אן איי... פון די אייער וועט קיין לעבערינגע זאך נישט ארויס, ווייל זיי זענען פון בלויז רייבען זיך אין אחד העם'ס וואנט... נאר דאס זענען דאך אייער, נישט קיילעבלעך פון ערד אדער פערדס־מיסט, אין וועלכע אונזערע ליטעראַרישע רשעים לעגען זייערע מיקראסקאפישע אייערלעך... בן אבינדור האט טאלענט, עס פעהלט איהם נאר בילדונג... ער איז איינענטליך נאך יונג, ער וואלט צייט געהאט זיך אויסצובילדען, נאר די מוכרי־ספרים לאזען נישט. זיי זאגען, אז קיין בעסערע סחורה דארף מען נישט... אז פאר בעסערע ליזט מען נישט... נאר נישט אין דעם נעהט עס... דאס קאמישע איז, אז צווישען אלע אייער, וואס בן אבינרור'ס מוזע האט ביז אהער געלענט, איז נאר קיין איינציג רעאליסטיש איי נישט געוועזען און עס וועט נישט זיין, ווארים בן אבינרור איז בטבע א פאר'חלומ'טער אירעאליסט,— אן אידעאלנע־נאציאנאלער פאלעסטיניעץ... ב ט ב ע באפט ער זיפצען אין דער לופט; דערביי האט ער שוין אזוינע אויערען, אז ער הערט, ווי וועלדער דאוונען, אדער ווי משה רבינו דרש'ענט א לא „אחד העם“...

נו, אדרבא, שטעלט אייך פאר א רעאליסט, וואס איז זיך נישט מישב און רייסט אויס פון רעד אידיש־שפאנישער נעשיבטע אז אלטען אויסנעקראבענעם לאפען פון א פעלץ, און פוצט און וואשט איהם אוים מיט ליבעראלנע ארעקאלאן, שטרייבט איהם איבער אויף א היינט־מארישען בעל־בת'ישען ביבער, און איז כופה הר כנינית, און נויט דעם העלד, דעם אומגליקליך־געבוירענעם דון־מינואל, ער זאל דרש'ענען פיער הונדערט יאהר צוריק אין שפאניען אויף לאסקער'ס אופן, אדער כאפען היים־געבראטענע ליבעראלנע בולבעס פון היינטינען ווירבאוו'ס מויל!... בן אבינדור זאל זיין א רעאליסט, וואלט ער אפילו ביי וועניג בילדונג דאס, עב"פ, פארד שטאנען, אז פאר פיער הונרערט יאהר איז צו פריה, און ה י י נ ט ווייטער, אויב די צייט איז נאר בנגר המזיקין, איז שוין צו שפעט צו קארמען דעם עולם מיט דער פראזעאלאנישער שעצקע...

אדער: שטעלט אייך פאר א רעאליסט, וואס שטעלט אויף א בדיי, אויסצופאשען פאלעסטינצעס לויט אחד העם'ס רעצעפט, אויף קלייען פון רעקענדארפ'ס איריש־היסטארישע ערצעהלונגען,

וואס זענען (צווישען אונז געשמועסט) אזוי עהנליך צו דער אידי־שער, ווי „לפני אדבע מאות שנה“ צו דער אידיש־שפאנישער גע־שיכטע!

דער איינענער בן אבינדור דרוקט „דניאל דירונדרו“ — א גלאז אידעאלנע־נאציאנאלנעם נאנעל־מאנעל! ער רוקט: סאטועלי'ס שידים, וואו דער פאעט טענ'עט זיך אוים מיט די פאליעס אזוי ראמאנטיש־בטלנ'יש־פילאזאפיש, אז אדם הבהן וואלט איהם מקנא געווען; פרישמאן'ס פאעטיש־דאמאנטישע נאבוועהען, וואו מתים האבען שוין נישט מעהר וואס צו טון, נאר צו דופען האלבער־נאכט אין שול אריין עולה תורה צו זיין א אירישען פארליעבטען משורר!

דער איינענער בן אבינדור אידעאליזירט אזוי פיין דאס קליינ־חנ'עווריגע מיילעבעל פון מנחם הסופר'ס ווייבס שוך, אז עס כאפט אן ביים הארץ!

בן אבינדור איז דוקא, לויט ווי איך קען איהם, אן עהרליבער מאן! ער איז נ י ש ט — דאכט זיך — אחר בפה ואחר בלב... און אט אין דעם שטעקט דער אמת'ער קאמיזם, אין דעם, וואס בן אבינדור, נעבעך, האט זיך אליין געווארפען א שטיין אין וועג אריין, איבער וועלכען ער שטרויכעלט אויף יערען שריט און טריט!

„שרייבט פון לעבען!“ רופט דער ארויסגעבער פון „אפרים קוה“, אדער דער מחבר פון „אהבה וחובה“, וואס שיקט זיין העלד ש מ ו ד י ר ע ן קיין אמעריקא און לאזט איהם צו זיין הייס־געליעבטער קיין בריף נישט שרייבען, ביז עס איז נישט צו שפעט, ביז זי שטארבט נישט מיט'ן בריף אין דער האנט אויף אן אפ־צערונג!

„פאטאגראפירט, שטודירט דאס לעבען, וואס איז ארום אייך, לאזט אייך נישט חלומ'ען“... אזא דעצעפט פארשרייבט דער מחבר פון „מנחם הסופר“, פונ'ם אומגליקליכען קליינעם אייזעלע, וואס ליגט נעבעך דערדריקט אונטער דער אומגעהייערער משא פון דער רעאליסטישער טענדענץ, אז מען זעהט איהם קיין פיצעל פון די אידעאלנע, גרויסנעוואקסענע אויערלער נישט ארויס!...

א מענש טוט זיך נאר אליין!...

נאר וואס קומט ארויס, אז עס איז קאמיש? „אין אחרי מעשה

ב"ד כלום"!*) בן אבינגרור איז א „פוסק", די ליטעראַרישע לעצ־טע אינסטאַנץ... און „רעאַליזם" איז ערגער, ווי א דין אין שלחן ערוך!

---

נאַטירליך האָט א שטר א שובר, פּראַצענט — א היתר עסקא, פּסח — מכירת־חמץ, שבת — ערובין, און דער דין אין שלחן ערוך, וואָס ראַכט זיך, ער שטעהט, ווי א מויער, האָט פּאַרט אַן אונטער־וועגעל עכ"פ „א יוצא מן הכלל"**)... דער דין פון רעאַליזם האָט אויך א „ווילאַזקע".

עס איז נישט נוהג, למשל, ביי חשבונות פון חובבי ציון, ביי נאַכריכטען איבער די קאָלאָניעס, ביים באַשרייבען זייער באַ־שטאַנד... דער חלק „ליטעראַטור" געהערט רוקא אָט בעסטען פון דערוויטענס! און דערביי מוז עס געשריבען ווערען מיט אי־דעאַלנע־רויטליך־פרעהליבער טינט!

נאָך מעהר — וואָס ווייטער דער שרייבער איז פון אָרט, איז אלס בעסער!

גוט שרייבט זיך פון אדעס, בעסער—פון וואַרשוי, וואויל—פון רינאַבורג, נאָר גוט פון איישישאָק און אמבעסטען נאָך וואָלט געווען פון אונטער די הרי חשך! פון דערוויטענס מישען זיך אויס דער „א"ת" און „ל"ח"***); אין דער „הכנסה" באַשיינען ראָטשילד'ס קאָלאָניעס די חובבי־ציוניסטע; פון דערוויטענס איז שווער צו באַמערקען, אז די הוצאה איז „כל ישראל'ס" אויסער ראָטשילדען, און דער גאַנצער אינווענטאַר איז ראָטשילדס, אויסער כל ישראל... פון דערוויטענס מאַכט די חובבי־ציוניסטע אייזערנע קאַסע אויך נישט קיין שלעכטען איינדרוק; על כל פנים איז נישט מעגליך צו דערזעהן קיין שפּאַרע, קיין לעכעל, אריינצושטעקען א מינדסטען פינגער... פון דערוויטענס זעהט מען אפילו נישט ווער עס שרייט "мы пахали", דער אָקס אליין, אדער די פליגען צווי־שען זיינע הערנער. און דער עיקר איז יעדער טעקלער ביי קאָלאָ־

---

*) אַז דאָס בית דין (סאַנד) האָט אָפּגעטאָן, איז פאַרפאַלען.

**) אויסנאָם.

***) אני חייב, לי חייב.

ניעם — פון דערוויטענס א הייסער פאטריאט, דער טערק א דימאנט, דער אדאבער — א זיירענע בריאה און אלע אונזערע קאלאניסטען זענען, לכל הפחות, גבורים, ווי די מאקאבעער און אמ, אמ וועט זיין נאך אמאל די קונץ מיט'ן בוימאויל!

קוססט דו אבער נעהנטער — זאל גאט שומר ומציל זיין; אלע חושים נארען דיך אפ! די קאסע, דאכט זיך דיר, איז נעמאכט „מעשה רשת", ר. ה. א נעץ מיט גרויסע אויגען, און די „מתעסקים בצרכי הצבור" האבען פינגער גלייך מיט אלע מענשען! דו ביסט חלילה קיינעם נישט חושד, נאר דאך ווערט דיר מארקאטנע אויפ'ן הארץ, און טיילמאל הויבט דיר אן אזוי צו שווינדלען פאר די אויגען, אז פון „מעשה רשת" ווערט נאר א שפינוועבס, און דו זעהסט אין דער האליוצינאציע: עטליכע גרויסע שפינען אין גאנצע הורמעס ישראל'יקלעך בצורת ארעמע אויסנעזויגטע פגרים'לעך פון פליגען... דו רייסט דיך אוועק פון דער קאסע און באטראכסט דעם גרויסען פאטריאט, דעם קאלאניסטען־מעקלער, דעם גענעראלנעם עצה־געבער, און האסט ווייטער א מעות, און דו וואלסט געשוואוירען, אז דאס איז יוסף ריבלינס א לייבליבער ברודער!

דער טערק פארלירט אויך דעם חן אין דיינע אויגען; ער שמייסט מיט'ן באמבוס אין דער פארעשווע און צאפט מיט'ן „באקשיש" דאס בלוט פון די ארערען... דער אראבער, די זיידענע בריאה, זעהט דיר אוים, רחמנא לצלן, ווי א געפעהרליכער רוצח'ישער גנב, און אונזערע מאקאבעער — כהויה, גלייך זיי וואלטען געלעגען אונטער די בעטען!

נאר ווי קומט רעאליזם צו חובבי ציון און פאלעסטינא? אזא צווילינג קאן נאר געבוירען ווערען אין מנחם הסופר'ם קראנקען מח... פאלעסטינא איז פאלעסטינא און רעאליזם איז נאר נוהג ביי נאוועלען... נאטירליך נישט יעב"ץ'עס, ווייל ער שרייבט נאוועלען אויך פון פאלעסטינא...

———

נאר מיינט נישט, אז רעאליזם, כאטש ער איז נאר נוהג ביי נאוועלען, איז א קלייניגקייט! אמת איז, אז אין דער התחלה האט זיך אלעמען אזוי געדאכט!

— מאי כולי האי — האט מען געזאגט — זאל זיין רעאליזם! אבי מען פארלאנגט נאר נישט קיין טאלאנט, אפילו קיין „לשון“, קיין „מליצה“, אפילו קיין גראמאטיק נישט, און צאהלען, קאן זיין, וועט מען, וועט איבער „רעאליזם“ קיין שדוך נישט אפנעהן!

פארקערט — מיט'ן גרעסטען פארגנינגען! „לא בשמים היא“ — רעאליזם דארף קיין הימעל נישט, „ולא מעבר לים“ — מען דארף נישט ווייט צו קריכען; מען דארף גארנישט ליעב האבען, נישט פיינט האבען, מען דארף קיין צוועק, קיין תכלית! אלץ איז גוט, ארום און ליגען טעמאטען, ווי האלץ! וואו דו ביסט, וואס דו זעהסט — באשרייב!

וואוינסט דו, למשל, אין ווילנא — באשרייב די בלאטע! לינסט דו אין בית־המדרש אונטער'ן אויווען — שטודיר די טאראקאנעס, אדער — די שמש'טע, וואס שיינט אריין דורכ'ן פענסטערל! ווער עס קען א בוגרת, א גרושה, אן אלמנה, שוועסטער, וואס רייסען איינע ביי דער אנדערער אויס די חתנים, לעהרער, וואס האבען שוין מזל און ברבה ביי אלע גענז און ווערען בשעת הרחק חולקים אויף בעלאמי, זאל באשרייבען! דערביי ווערט מען נאך אביסעלע פרייער, עס איז במעט א הפקר־וועלט, ווילסט דו— שטעקט א „פאליסמאן“ ארונטער די האנט, וואו מען דארף נישט— לית דין ולית דין!

עס איז אבער א טעות געוועזען! רעאליזם איז פאר אונזערע ברידער „אן עבודת הפרך“! און — נאך אלע טייכען שוויים, נאכ'ן נאנצען מיה און טאטער — איז נאך פון רעאליסטישען ליים קיין איינציגער רעכטער ציגעל צום העברעאישען „פתום ורעמסס“ נישט ארוים! פראסט — עס קלעפט זיך נישט!

עס האט זיך אויסגעוויזען, אז עס איז לייכטער אנצושיטען א געלעכערטען זאק מיט הוילע מליצות, קלוג צו ווערען פון ליפערטען אין פרישמאנ'ס איבערזעצונג, צו טרעפען, למשל, וויפיעל פינגער עס האט אין יעדער האנט די פרישמאן־ליפערטישע חיה, וואס האט פיער הענט און — מיט צעהן פינגער מעהר פאר א מענש.

אז עס איז לייכטער אויסצושלאגען א טראפען אידעע פון אלע זיננערס ארטיקלען און ראמאנען, אויסצוזוכען א קארן אין די גאנצע ספרים פון זיינע קריטישע פלעוועס, אז עס איז לייכטער אוועקצרגנב'ענען ביי פראנצאז'ען א „יזבור“, אוועקצושלעפען פאר ניידער־

מאפּאסאן די „לעצטע פראנצויזישע לעקציע“ אין עלזאס־לאטארינ־
גען אונטער דער פ ר י י ס י ש ע ר ממשלה און איבערמאכען
פון איהר א „לעצטע ה עב ר ע א י ש ע לעקציאן“ נאכ׳ן חורבן
אונטער׳ן ר ו י מ י ש ע ן י א ך. ארער — אז עס איז לייכטער
אין א גאנץ קורצער צייט צו פארניכטען, אויב מען האט, זיין איי־
גען שטיקעל טאלאנט און בלייבען, למשל, ביי היינעם פערזען־
מאס, אהן א רוח פון זיין פאעזיע ב פ ר ט, און אהן א אירעע
ב כ ל ל... אז עס איז לייכטער אפילו אויפצושטעלען א כנין, א
גאנצען „סיסטעם“ פון בעש״ט׳ם חלומות, ארער צו ררעהען א קרי־
טישע בייטש פון בן־אבינרור׳ס זאמרינגע ביבלעך — אז דאס אלץ
איז לייכטער איידער אויפצושרייבען די קלענסטע רעאליסטישע
נאוועלע!

---

און נישט נאר בן־אבינדור איז איבער דעם שטיין, וואס ער
האט זיך אליין אויפ׳ן וועג געווארפען, געפאלען...

סאמועלי איז אריין אין כרחנות איבער די אויערען און כאטש
זיי זענען, כ״ה, גענוג לאנג, וועט איהם שוין קיינער נישט פון רעם
זומפ נישט ארויסשלעפען... יעדעס ווארט שמעקט נאך פורים־שפיל,
חתונה־גראמען, נאך „אליקום צונזער“... נישט בעסער איז טאי־
וויאוו׳ן געראטען; רער איינענער טאוויאוו, וואס האט זוכה גע־
ווען צו הערען מיט זיינע אייגענע אויערען פון אזוינע, וואס האי־
בען זיך געשטויסען פון בארא̇ן הירש׳ס רייך, אז זיין גאנצער צוועק
איז גאר צו מאכען גוים פון אידען. און אז זינגער האט ראנענען
פראטעסטירט, האט ער (טאוויאוו, מיין איך) אויף איהם געעפענט
א מויל, און שיער נישט איינגעשלונגען, דער אייגענער גבור, געבער,
איז אויך אריינגעפאלען אין בטלנ׳ישער ברחנות, און כאלד דער־
נאך, אינ׳ם „מים שלגו“, אינ׳ם עפּוש פון אונזער היימיש גע־
באקענער פסיכאלאגישער פילאזאפיע, און דוקא מיט׳ן קאפ אראפ...
אפשר גלייכט איהר נישט? גאט אייך: אין זיין „השדכנות בתור
שדכן“ מאכט איינער מטעמים פאר׳ן „המליץ“ — ארטיקלען מיט
הארץ און מיט פייער, און שרייבט אונטער נישט ז י ך, נאר,
טאוויאוו׳ן צוליעב, זיין דרייצען־יעהריגע טאכטער! אין די אר־
טיקלען פארליעבט זיך א יונגערמאן, האט חתונה מיט׳ן שרייבערס
טאכטער. און דער היוצא לנו מזה זאל זיין: אז ווען מיידלעך זאר־

לען לעזען העברעאיש, וואלטען בחורים בעסער געשריבען... נישט סיין כעסערען סוף האט געהאט זיין געגעז־צר, זיננער! דער איי־ געגער זיננער, וואס איז שיער נישט אומגעקומען על קרוש השם, ווען נישט וואס טראכטטאן האט איהם קוים ארויסגעשלעפט ביי די שפיצפינגער פון די פיס פון טאוויאוו׳ס מויל, האט אויך גע־ פרואווט זיין כח אין רעאליזם!

ער האט אויפגעשריבען א „קרבן היום“! א מעשה נאר א קורצע, אויף צווייערליי פאפיר: ווערען און פראסטע, און גאנץ שעהנע דרוק.

צוויי מחותנים קומען זיך צוזאמען שמועסען מכח אן אנגע־ שלאגענעם שרוך. קריעת ים סוף האט דער שרכן געהאט, איי־ דער ער האט זיי, די סוחרים, (וואס האבען קוים א דראכמע צייט און ווילען גאנצע פורען כבוד) צוזאמענגעשלעפט, און צום סוף, אז דער נס איז איהם שוין, דעם ארעמען שדכן, געראטען, אז מזרח ומערב זענען זיך שוין צוזאמען געקומען לפונדק אחד, האט זיך געמאכט צווישען די מחותנים א וכוח מכח... נו, טרעפט מכח וואס?

מכח נדן?

ניין!

— מלבושים?

אויך נישט!

— קעסט?

איהר קריכט שוין ג א ד אין א זייט! איהר וועט שוין נישט טרעפען, זעה איך, וואס א רעאליסט האט אין זין! דער וכוח איז דוקא מכח ארגענטינא און פאלעסטינא; א י י ן מחותן האלט מיט׳ן בארא; הירש, און דער צווייטער האלט זיך אין דער סטאדע, און בארעט זיך פאר בן־אביגדור׳ן, טאוויאוו׳ן, יהלל׳ן, יעב“צ׳ען, צעדערבוימען, גמזו׳ן מיט׳ן „הגדיב הידוע“, ראטשילד׳ן צוזאמען; ער וויל נישט שמעקען צו ארגענטינא! כאלערניקעס, אפנים, זענען זיי ביידע געוועזען: א ווארט צו א ווארט, זיי חאַ־ בען זיך צוקריגט, צוזידעלט גלייך מיט ווייסברעמ׳ס גבורים, אפשר זיך נאר צופאטשט... און — און טאמער וועט איהר, על כל פנים, טרעפען וואס דער סוף איז געוועזען?

— דער שדוך איז אפגעגאנגען?

נאָך ווענינ!

— עס האָט איינער דעם אַנדערען נע'מסר'ט?

איהר פּאַרקריכט ווייטער אין א זיים!

— אַ מעסער אַריינגעשטאָכען?

אָך, איהר האָט גאָר קיין געפיהל נישט אין רעאַליזם!

— וואָס דען?

דער ש ד כ ן איז געשטאָרבען! פאַרשטעהט איהר: ער איז זיך אַזוי אַנגעלאָפען, אַנגעיאָגט, און הונגעריג איז ער געווע־זען, און זיינער האָט נישט געוואוסט מיט וואָס צו ענדיגען, איז ער, נעבעך, דער שדכן מיין איך, געשטאָרבען; ברוך דין אמת. איבערגעלאָזט א ווייב מיט קינדער...

און זעהט אליין: דאַכט זיך, גאָר פּשוט'ע זאַכען: פּאַלעס־טינא און אַרגענטינא, א ובוח דעריבער, מחותנים, א שדכן... סאַמע רעאַליזם, און די מעשה שמעקט פאַרט פון אַלטען שוויצ־באַד...

אפשר ווילט איהר וויסען ווי אַזוי אונזערע פריש־געבאַקענע רעאַליסטען מאָהלען נקבה'שע שעהנהייטען? נאָט אייך:

אַ פרוי א יונגע, א פיער און צוואַנציג יעהריגע, א הויך־געוואַקסענע און א דאַר־לייביגע; איהר פּנים איז ווייס און אויף דער ווייסקייט פון די בלאַסע באַקען באַווייזען זיך דאָ און דאָרט (פּת ושם!) זון־פלעקען (זומער־שפּרענקעלעך); איהר ברייטע נאָז באַשיינט און באַ'תג'ט איהר פּנים און איהרע (דער נאָזס)ביידע נאָזלעכער זענען, ווי גליסטיגער (נחמר) רויזען־בעכער. איהרע (דער מוידס) אויגען, זענען שוואַרץ און פלאַ־מענריג און דורך זיי קוקט אַרויס א זידענדיגע (רותחת) גשמה און א האַרץ פול מיט לעבען... איהר מויל איז קליין און די ליפּען איהרע זענען פולע און ברייטע און רויטע, ווי בלוט... איהר ווייסער און מאָגערער האַלז איז אָפען (מגולת), זי טראָגט אַ שלאָף־קליידער (שלמת שנה)...

אָט האָט איהר, און זייט מודה, אז „רעאַליזם" איז פאַר אונז, מחברים, א קלאָץ דעם האַלז צו ברעכען!

---

און עס איז א רחמנות אויף אונזערע מחברים, אויף אונזערע אָרעמע נאָוועליסטען!

אונזערע אריסטאקראטען, די רעדאקטארען, מיין איך, עקספלאאטירען זיי ערגער, ווי דער ערגסטער פארצייטישער פריץ — רעם פויער, ערגער, ווי פרעה! פאר אונז איז די ליטעראטור נישט קיין קוה און נישט קיין ציג, זי גיט קיין איינציגען טראפען מילך, פייבט צו מאכען די פאעטיש פארברענטע ליפען. זי איז קיין „קרדום לחפור כו“, מען זאל פון איהר כאטש האבען וואסער אויף קאשע, און איסער צווייידריי „מו׳לים“, וואס האבען, ארער עס ראכט זיך, אז זיי האבען, פרנסה בכבוד, קאן אפילו דער באריהמטער מנחם הסופר זיין ווייב די שיך נישט פאריבטען! נאך וואס ארבייט מען? אויף וואס הארעוועט מען? וואלטען כאטש אונזערע שרייבער נעהאט אן אירעע, אין וועלכער זיי וואלטען זיך פארליעבט, פאר וועלכער זיי וואלטען דאס לעבען נעשטרעקט. ביז׳ן לעצטען טראפען בלוט זיך נעראנגעלט; אן אידעאל, וואס וואלט זיי נעגעבען כח, דערפרישט דאס פוילע בלוט, די אלטע ביינער... דאס האבען זיי, ליידער, נישט! ווארים — מיינט נישט, אז „נאציאנאליזם“ מיט „פאלעסטינא“ זענען מעהר ווי „טעמאטען“ צום שרייבען; מיינט נישט, אז עס איז אזוי ערנסט דערמיט... זיי שפילען די אייגענע ראלע, וואס א „שרפה׳לע“, א „מחלוקת“, ארער אז אנרער ווינט, וואס מאכט זיך אין אונזער קליינעם גלעזעל וואסער...

עבודת הפרך מיט׳ן תנ״ך און צעהן ווערטער־ביכער אין דער האנט, ארכיים מען טאקע נאר פאר׳ן פיצעלע בבוד. און פאר דעם איינציגען טראפען אמכראזיא, פאר׳ן „החכם הסופר“ כיים לעבען, און א שווארץ רעמעל אין „הצפירה“ אדער „המליץ“ איכער הונדערט און צוואנציג יאהר, האט מען נאך די העזה צו פארלאנגען — אחוץ ציים, טינט, פעדער און פאפיר נאך — רעאליזם!

---

אמאל איז כאטש נעוועזען א רחמנות׳ריגע קריטיק! די אלטע נבאי׳טע (וואס מען האט נעקאנט קונה זיין נישט נאר בשלשה, נאר בכמה וכמה דרכים) — האט באטש באמת צונעטיילט כבוד אויפ׳ן ארשין! און פארוואס נישט? רחמנות איז א אידישע מרה. — „כל ישראל ערבים זה בזה“, איז א אידישער כלל, ווארים

באמת — „זונות מפרכסות זו את זו, ת"ח לא כל שכן!" און די אלטיטשקע קוקט ארויס פון ביהמ"ר, זי ו ו י י ס ט עס און פאר י ע ד ע ן מחבר, פאר י ע ר ע ן ספר, האט זי גע־וואוסט צו געפינען א ווארעם ווארט, א לעבליכע מליצה! —

די פרומע אלטע גבאי'טע האט מעהר נישט געוואוסט, נאר איין שפרוך פאר אלע: „פרו ורבו"; איין ברכה פאר אלע: ומלאו את הארץ! זאל זיין וואנצען, אבי לעבעריג צו מאכען די אלטע מאמע... זאל זיין עפוש, אבי איהר אריינצובלאזען אין דער נאז.

היינט, ליידער, ווערט ראס אויך צו שאנרען! אפילו קריטי־קום דערמאנט זיך, אז „יזכור" איז קארל עמיל פראנצאז'ס, הנ"ע אין הצפירה — דארף נויטיג דערצעהלען, אז ער האט ערגעץ אמאל אין א דייטשען ספר געלעזען אן עהנליכעס צו „שכול ואלמון". גראסגליק ווערט גאטס קאזאק און מוז אויסווייזען, אז „גלית הפלשתי" איז א פראסטע פאשקוויל, און אפילו דער איינענער זינגער, וואס מיר האבען איהם אזוי הויך געלויבט, איז אויך ערשט נישט לאנג ארויס אין „הצפירה" מיט א „דבר כל חזון", וואו ער וויינט בדמעות שליש אויפ'ן חורבן: וואס די מו"לים זענען ווע־ניג געבילדעט, די מחברים — כמעט נארנישט, און די מעצענאטען, וואס שטיצען די ליטעראטור — פראסטע בורים... און — איין „איש־יהודה־קריאות" (וואס א נאמען דאס האט!) ווייזט אויס אין „המליץ", אז דער איינענער זינגער האט איבערגעדרוקט מאַ־וויאַוו'ס א פעליעטאן...

נו, איז מען היינט זיבער טיט'ן לעבען? עקט זיך נישט דער אלטער גבאי'טעס וועלט?

---

נאר די מחברים יאָך די מחברים, זיי וועלען זיך פארט אן עצה געבען און נישט פארלוירען ווערען אין דער רעאַליסטישער צייט... א מ ת, אומגליקליך איז געבעך געווארען א מלאך!

---

איהר מוזט וויסען, אז איינער פון „אונזערע" מחברים האט געהאט ביי זיך א שרף, א ברענענדיגען מלאך, וואס פלעגט אויפ'ן ארבייטען, ווי אן אייזעל; ער האט איהם געמוזט דיקטירען אר־

טיקלען, שירים, מליצות, קריטיקען און וואס איהר ווילט נאר אליין... אזוי האט זיך געפיהרט א צייט, ביז מען האט דעם קרוג אפגעהאקט די אויערען! ביז גאט האט געוואלט, עס האט געשא־סען א בזעם, די רעאליסטישע באמבע איז אריין אין אונזערע ד' אמות, און — אונזער מחבר האט ארויסגעטריבען דעם שרף אין מיטען ווינטער, אין א הינטיש וועטער, אזוי ווי א בעל־עגלה טרייבט ארויס אן אפגעניצט אלט פערד אהן הויט, פלייש און ביינער!

דער שרף, נעבעך, איז נעגאנגען פון טיר צו טיר, ביי אלע מחברים זיך נעבעטען, ביי די פיס געלעגען... „ואין מאסף אותו הביתה", עס לאזט איהם קיינער נישט איבער דער שוועל! אויס „מלאכים!", „רעאליזם!" שרייט מען! מען ראט איהם, ער זאל פליהען צוריק אין הימעל אריין.

פליה! אז ער איז פארשטארט פאר קעלט; פליה! אז די נאסען־יונגען האבען איהם רעדווייז ארויסגעריסען די פעדערען פון די אמאליגע ווייסע פליגעל! אין דער ווייקסעל אריין האט ער זיך געוואלט ווארפען; אזוי פארצווייפעלט איז ער געוועזען!

און ער וואלט עס געטאן, נאר ער האט צוויי מערכות געהאט: ערשטענס, איז היינט די ווייקסעל פארשטארט און געפרוירען, ווי דעם פראפעסאר יוסף הלוי'ס פאעזיע, און צווייטענס, האב א י ך איהם געטראפען! איך האב'ן מיטגענומען, פאר רחמנות, אין „מאניאק"*) אריין, גענעבען איהם אביסעל הייסע זופע מיט א לעבעל ברויט און פאר דאס געזעצט זיך אביסעל אויפ'ן רייטענ־דיג און געפלויפען איבער ווארשעווער דעבער פון אמת'ע „כלי־קודש"...

---

עס איז געוועזען ביינאכט (בייטאג וואלט איך מיך געשעמט צו רייטען אויף אזא אפגעריסענער משונה'נער בריאה) און פון „כלי־קודש" שלאגט אזא „ימש־חשך", אזא פינסטערקייט, אז איך האב ג א ר נישט געזעהן! נאר פאר דאס — האבען זיך מיינע אויערען געפאשעט! איך האב אסך געהערט...

---

*) א ביליגע קיך.

דער שרף איז געוועהנט געווארען צו פאהרען מיט רער באהן, צו קריכען אויף טרעפ און האט כמעט ראס גאנצע פליהען פארגעסען... דערצו איז ער נאך מיר און שוואך! דעריבער שטעלט ער זיך אפ ביי יעדען קוימען, סאפעט און פרייכט און איך הער דערווייל א גוט ווארט.

און איך בין צופרירען דערמיט! ווען עס איז א פ ר י ש ע ר ג ע ז ו נ ט ע ר מלאך, וואלט ער מיט מיר ארויפגעשאסען גלייך צום הימעל, איבער די כמארעס, איבער'ן רעגענבויגען, מיר וואלטען געיאגט אויף די מילך־שטראסען, צווישען לבנה און שטערען.

איך בין מודה ומתודה, אז איך אליין, אז איך אלטער בבל פון דער אלטער מאדע, וואס בין א פארפאלענער ראמאנטיקער בטבע, וואלט דערפון הנאה געהאט, אפילו נחת געשעפט! נאר וואס וואלט איך געהאט פאר א רעאליסטישען ניצען דערפון? איך וועל פאבריצירען ראמאנטיק און אידעאליזם, בשעת ווען בן־אביגדור שריים: „רעאליזם", זינגער רופט „חכמה" און גאנץ „קהל־הקדוש" וויל — — שטרוי און קלייען? ! קיין איינציגער מוכר ספרים וואלט היינט אזוינס אין דער האנט אריין נישט גענומען, אפילו נישט אויף קאמיס מיט רריי פייען!

מיט ד ע ם שרף אבער קלייב איך רעאליסטישע שווארצע פערעל, אין רעם רייכען רוס פון אלע קוימענס, פון זיי וועל איך בינרען א שנור אויפ'ן האלז פאר „אונזערע ארעמע ברידער", פאר'ן „אירישען פאלק", פאר „כנסת ישראל"! עס וועט זיין א רעאליסטישער ראמאן אין גראמען, אדער אהן גראמען, נאר טאקע אויף וועלען־פאפיר. דער רעאליזם זאל נ א ך ג ר ע ב ע ר זיין, דערצו בעל־בת'יש געבונרען אין לערער, און דוקא מיט'ן גאלדענעם שניט! זאל דער עולם לעקען די פינגער!

נאר דאס אלעס וועט זיין שפעטער; כאפט נישט די פיש פאר דער נעץ! אצינד וועל איך אייך נאר שארפען דעם אפעטיט מיט אן א ח ד מ ש ש י ם פון דעם גן־עדן!...

פון די קוימענס וועל איך אייך דערווייל דערצעהלען א בשורה טובה, וואס וועט אייך דערפרישען דעם מארך אין די ביינער! עס וועט אייך הנאה טון, גלייך ווי מיר!

איך בין מודה ומתודה, אז ביז אהער האב איך געמיינט, אז די ליטעראטור האט גאר קיין פעולה נישט אויף אונזערע לייט;

אז דער „קורא נכבד“ זאגט „טי כאוו, א יא זדראוו!“, אז מיר שפּילען זיך נאר און ווארפען ארבעס אין וואנט. עס האט זיך אבער אויסגעוויזען פון די קוימענס, אז עס איז נישט אזוי... אינ׳ם „הפרדס“ האט אחר העם געשריבען „שטיקלעך“, און אין איינעם פון די שטיקלעך האט ער „אויסגעוויזען“, אז אמונה איז כחויה א פאס; נאך מעהר, אז דער אלטער כלל פון „אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו“*) איז דא ביי ד ע ם פאס, נישט נוהג... דאס פאס איז הייליג, אפילו ווען דער וויין איז איסגעזויפט, אפילו ווען א שענקער—א שווינדלער, האט עס אנגעגאסען מיט וואסער, אדער מיט נאך עפּעס ערגערס... ווייל דער עיקר — זאגט אחד העם — איז נישט די משקה, נ א ך דאס פאס!

איך בין אייך נישט מחויב איבערצודערצעהלען זיינע ראיות; ערשטענס, איז גענוג, אז „אחד העם“ זאגט; צווייטענס, איז אויף אזוינע באווייזען נאר לשון הקדש מיט איהרע אמת פילאזאפישגליטשינע אויסדריקען א לשון; בשעת ווען זשארגאן מיט זיינע ווערטער, וואס האבען נאר צו איינציגע טייטשען און דוקא—פעמטע, זיכערע, איז פאר אזוינע קונציגע צונגען־מענץ א לא יצלח; און דריטענס — נישט אין דעם בין איך דא אויסען! מיך און אייך דארף נאר פרעהען, אז אזוי ווי בן־אבינדור איז א פוסק אין רעאליזם, אזוי איז „אחד העם“ א פוסק אין פילאזאפיע, און זייט ער האט געשריבען וועגען פאס, איז דער גאנצער עולם פרום נעווארען...

אלע פרום! אויסגעשטארבען אלע אלטע אפיקורסים, אלע אונזערע היימישע ביכנערס, דארווינס, ספענסערס... קיין לעק אין קיין זכר! אין אלע קוימענס רעדט מען נאר פון גאט ב״ה; אין קיין איינציגען קוימען האב איך קיין איינציגווארט אהן זיין ליעבען נאמען נישט געהערט.

איך האב מיך געשמאלצען אין פוטער; עס האט זיך מיר געראכט, אז איך לעז נאך אמאל דער בת מלכה׳ס א ראמאן!

אין איין קוימען, למשל, הער איך:

---

*) קוק נישט אויפ׳ן קרוג, נאר אויף דעם, וואס עס שטעקט אין איהם.

— געלויבט איז גאָט, שעהן געלט פארדינט אין ארץ־ישראל־אתרוגים!

אין צווייטען — הער איך פ א ר ק ע ר ט, נאָר אלץ מיט'ן רבונו של עולם!

— עס איז מיר, ב"ה, געראָטען — איך האָב אָפּגעריסען די פּטום'ס, ארייננעפּאקט די קאָרפּירער אין ארץ־ישראל קאסטען, און—געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, א גאנץ שעהנעם יו"ט געמאַכט...

אין דריטען קוויטען קלינגט:

— געלויבט איז גאָט, הרדרדא, רבונו של עולם. אויס באָנ־דאנאָוו! א ו נ ז ע ר ע פּאַפּיראָסען! וויוואט שלעמיעל־עט־קאָמפּאני, וויוואט!

אין פערטען:

— פון יעב"צ'ן, געלויבט איז דער, וואָס איך בין נישט ווערט זיין ליעבען נאָמען צו דערמאָנען, קאָן מען אויך שעהן פּרנסה האָבען... עס איז א נאָנגבארע סחורה, ווי שיר־המעלות'ן, תקונים'לער, סליחות, להבדיל... תחינות...

— לעקציעס — הער איך אין פינפטען — איז ב"ה דאָ, בפרט זייט איך האָב אויפגעהערט צו רויכערען אין שבת בפרהסיא... פון „כל ישראל חברים" לעקט מען אויך אָפּ א ביין, גאָט ב"ה, זאָל נאָך צוריק געבען די סעקרעטאָרסטווע ביי חובבי ציון אדער, אויב נישט, עכ"פ א שטעלע ביים באראָן הירש, וואָלט איך ערשט גע־לויבט און געדאַנקט זיין ליעבען נאָמען! איך וואָלט אפילו פאר זעקס שעה קיין מילכיגס אין מויל אריין נישט גענומען!

דער שרף גיט א ציטער, אַפּנים פאר קעלט, און מיר פליהען צו אַן אַנדער קוויטען:

„איך האָב געמיינט (הער איך) אז עס איז טיין עק, דער הונ־גער רדעהט אין די נעדערעס, קיין משכון צו פארזעצען איז נישט דאָ, קיין בטוח בין איך נישט... וואָס טוט גאָט? גנב'ע איך אוועק א זילבערנעם לעפעל..."

דער שרף גיט ווייטער א ציטער, נאָר שוין פאר שרעק, אזא ליאָרם, אזא געפילדער האָט זיך ראָפּטום געמאַכט אין די נאָסען, און מיר זענען אראָפּגעפאַלען פאר גרויס פּחד.

נאך אינ'ס ארצפפאלען האב איך שוין געהערט אין וואס עס געהט: די רבנים אין ירושלים האבען גע'מסר'ט בן יהודה'ן!

---

און דאס ארצפפאלען האט מיד הערצליך באנג געטאן! נאך וואס, נאך ווען? וואס פאר א נייעס איז דא געשעהען? איז רען נישט מסר'ן א אידישע זאך? אברהם אבינו'ס אייניקלעך זענען רחמנים בני רחמנים, מיט אייגענע הענט וועלען זיי קיין עוף קיין קעפעל נישט אפררעהען, דערצו דארף מען א ספעציאלנע שוחט, אבער — פארוואס זאל „ער" נישט קומען אויף אנדערע הענט?

אמת, דער דין איז נישט אזוי, מסר'ן, הייסט עס, טאר מען נישט, נאר ע"פ דין איז פראצענט אויך נישט זעהר קיין כשר'ע זאך און פונדעסטוועגען לעבען אידען און לאבען, מאכען קינדער חתונה פון ליכווע, זייערע ווייבער טראגען דעדווייל די משכנות און עס ווערט נישט קיין לאך אין הימעל! און ווי אזוי דען זאל מען פטור ווערען א מאוס'ען קאנקורענט, אויסארבייטען זיך א שלישי, פטור ווערען פון א חוב, פארמאכען איינעם דאס מויל, עד זאל נישט אויסזאגען פון חדר, ארער מבער זיין אן אפיקודס, וואס בדעננט אלע מנפות אין א ריין־אידיש שטערטעל אריין? ווי אזוי דען וועט מען פיהרען א מחלוקת איבער רבנים און שוחטים? א לאך אין קאפ פון א שלחן־לייכטער היילט זיך או"ם! אפשר באַ־שטעלען ביי קרופ'ען, צי ערגעץ אנדערש, ספעציאלנע אידישע האדמאטען? נו, וואס דען טוט מען? אדרבא, ניט א בעסער כלי־זיין! דער מענש האט פארט נישט קיין קאלט בלוט פון א פיש, און אפילו פיש שלינגען אויך איינס דאס אנדערע איין!... און די אלע ווייטער, וואס עס שטעלען זיך זיי האר און נענעל קאפויר, וואס גע'מסר'ט האבען דוקא רבנים און דוקא אין ירושלים, די אלע גערענקען, אפנים, נאר אין דעם, וואס ירושלים איז ג ע ו ו ע ז ע ן און קענען נאר אונזערע היינטיגע, היגע רבנים אין ד י שטערט, וואו א דין־תורה פסק'ענט דער מיראוואי, שטארט־זאכען געהערען צו די „פני" אדער „טובי", וואו דער רב האט נאר צו טון מיט שאלות נשים און הינער־פופקעס, אין וואס עס קאנקורירט נאך מיט איהם יערער גמרא־מלמד; וואו דער רב לעבט רער עיקר פון

מתנות לאביונים, יום־טוב־פורים־חנוכה־חתונה־ און ברית־מילה־געלט; וואו דער עיקר איז דער טרפה'נער גראַשען פון שבת־שענק, הייווען און ליכט און דער כ ש ר ' ע ר עטאט איז נאר א צו־שפרונג צו דער פרנסה.

אמת איז, אז אמאל אין ירושלים זענען קיין מוסרים נישט געוועזען; מען האט נישט געהאט פאר וועמען צו מסר'ן און — מען האט נישט געדארפט, ווייל מיט מלקות און ארבע מיתות בית־דין וואלט דער גרעסטער טארקוואמאדא יוצא געוועזען! נאר פאר דאס פריהער נאך, אין מצרים, האט מען דעם ערשטען משה רבינו'ן גע'מסר'ט! שפעטער ווייטער, אין ירושלים שוין, אונטער דער ממשלה פון די רוימער, אין דער צייט פון די דיני גזרות, ווען אדמון איז א תנא געווארען, איז געשעהען די גרויסע הייליגע מסירה פאר פילאטוס'ען!

דאמאלט טאקע האט מען פארפלאנצט דאס הייליגע מסירה'לע, דאס בוימעלע, פון וועלכען מיר האבען א גאנץ מיטעלאַלטער די גוטע פירות געגעסען... פילאטוס האט זיך ניך און באלד אפגע־וואשען מיט איינמאל און מיט ריין וואסער די הענט און איז גע־בליבען א נקי־כפים עד היום הזה, און אונז האט דאס שווארצע מיטעלאַלטער מיט אונזער אייגענעם בלוט הונדערטער מיט יאהרען געוואשען און — איין נאס ווייסט, וואס פאר א פנים מיר האבען נאך היינט!

און ועה האט דאמאלט גע'מסר'ט? אונזערע רבנים'ס על־טער־זיידעס; די פרושים, די פארצייטישע רבנים, וואס זענען שטענדיג לאיאַל, גוט און פרום געוועזען; וואס האבען פארשאַלטען די בריונים, ארויסגע'גנב'עט זיך אלס טויטע דורך די טויערען צו די רוימער און, אז זיי האבען נושא חן געוועזען, נישט מעהר גע־בעטען, נאר מען זאל זיי איבערלאָזען דאס רבנות, די ישיבות, די שטריימלעך מיט די גזרות!

נאטירליך — א היינטיגער רב, א בבר פה, א בטלן, וואס קאן נישט קיין צורת מטבע, ווייל דאס וויב טיילט איהם צו יעדען פרייטאג א דרייער אויף טאבאק; דער תלמיד־חכם שאין בו דעה, דער, וואס ציטערט פאר'ן שמש, קצב און בעדער און ליגט אונטער'ן ערגסטען שניידערס צורימענער פארעשוועץ, איז נישט געפעהרליך...
מיט שופרות און חרמות שרעקט מען היינט קליינע קינדער, און

מען טרעפט רערמיט, גלייך ווי מיט א כשר׳ער מציאה, אין קרימי־נאל אריין... נאר מיינט נישט, אז אונזער רב איז ב ט ב ע אזוי! אז פון די אמאליגע פרושים מיט נעגעל און באקציין זענען לעמער געווארען, אז אין אונזער וויינגארטען אויפ׳ן גרונט פון „אתה בחרתנו“, נעמיסטינט מיט נאציאנאליזם, וואקסען נישט קיין טאר־קוואמאדאם! דאס איז נאר „среда заѣдаетъ“ און—גלייך מיט פאפירנא׳ס האן איז „משלי הזמן“ טעג׳עט דאס שטילסטע רב׳ל, אונטער פיער אויגען מיט׳ן רבונו של עולם, און פרעגט:

פארוואס האסט אונז נישט גענעבען
דיינע דונערען און בליצען?
אד, וואס העלפען שוואכע דרשות
אהן די נעגעלער מיט שפיצען?

גיב צוריק אונז רעם גיהנום
דארטען אויבען, דא אויף דר׳ערד!
גיב אונז מלקות, ארבע מיתות,
העק און שטריק, שפיז און שווערד!

באמש א קליינע גילאטינע!
גיב אונז כח, נעגעל, הערנער!
וועל׳ מיר רייניגען ריין גארטען
וועל׳מיר רייסען אוים די דערנער!

אם, דא איז דער הונט באגראבען!

קיין איינציגע פיאווקע וועט קיין איינציגען טראפען בלוט נישט אויסזויגען, בל־זמן זי ליגט אין באנקע... זי קלעפט זיך צו מיט׳ן חנ׳עווריגען ווירעלע צום גלאטען גלאז, און שאקעלט זיך אזוי אומשולדיג ריין, אזוי גוט און פרום, אז עס כאפט אן ביים הארץ! קיין צורת מטבע, קיין צוויי נישט צעהלען! נאר פרואוו בינד אויף דאס שטריקעל, נעם זי ארוים פון תפיסה און שטעל זי ריר אויפ׳ן לייב!

פרואוזט, נים אונזערע רבנים די ממשלה אין די הענט אריין, וועט איהר שוין זעהן, ווי אזוי די פאסטוכער פאשען די שאף!

און אפילו היינט, אין היינטיגען רור, דא ביי אונז, וואו דער רב האט נאר א פראווע אויף קדושין, מילה און א שטריימעל, האט זיך דאך געפונען א רב'ל, וואס האט אפגע'מסר'ט זיין אייגען קהל מיט כלל ישראל צוזאמען: אז אהן רב, קיטעל און טלית, שווערען אלע אידעלעך פאלש, ווארים... ווארים, אז דער רב קומט צו דער שבועה, כאפט ער א רובעל פאר'ן וועג!

נעמט דאס אייגענע רב'ל און שיקט עס איבער קיין ירושלים, גיט איהם א ממשלה איבער קהל דורך דער חלוקה, גיט איהם א שטיקעל דעה ביים טעדק, וועט ער לעגען דאמשילד'ען אין חרם ארייין פאר שקאלעס, פארשיקען אפילו יעבצ'ן אויף טערקיש־סי־ביר און מעשים טון. ווי די אידישע יאאנא ד'ארק — די בריסקער רבי'צין! ער וועט אפילו שותפות מאכען מיט'ן טעדק אין „עבודת הבורא"; דער מערק וועט שלאגען מיט'ן באמבוס אין דער פא־רעשווע ארייין פון א ו נ ט ע ן א ר ו י ף, דאס רב'ל וועט קלאפען במקל ורצועה, מיט'ן שופר און שול־קלאפער, אין קאפ אריין, פ ו ן א ו י ב ע ן א ר א פ, און אזויערנאך וועט זיך אמבעסמען דערהאלטען דאס „פינטעלע איד" אינ'ם אידישען הארץ אין דער מיט!

---

און וואס שרייט איהר? איהר האט אייך אויף י ר ו ש ל י ם נישט נעריבט?

וואס קאנט איהר בעסער האפען פון א שטאדט, וואס איז פון אייבינע דורות שוין א שפוק־ און מיסט־קאסטען, אן איזאלא־ציאנס־שפיטאל פאר אלע אידישע קהלות אין דער גאנצער וועלט געווארען? וואו נאר א בטלן, אן אינטריגאנט, א מאוס'קייט, א בלינד־געווארענער שוחט, אן אפגעשלאגענער פראצענטניק, וואו נאר א שנארער, א נגע, א צרעת, א קולאק — א רבי'צין, א משוגע־נער רב, אלץ, וואס „אין לו תקנה אלא קבורה"... דאס אלץ האט מען אויסגעשפיגען, אויסגעקעהרט און אוועקגעטריבען קיין ירושלים...

דא ביי אונז זענען טייל אפילו נאר פראסטע ש ו ט י ם געוועזען, נאר אוידא דארץ ישראל מחכים, ווערען זיי פ ו ס ר י ם...

אז „אוירא דארץ ישראל מחכים“ איז נישט קיין הוילע וואנט, נישט קיין אויסגעבלאזענע איי, האט איהר דעם בעסטען סימן אין יעבצ'ן, דעם אידישען טרייטשקע אדער אילאווייסקי... דא, האט מען פארשידען גערעדט איבער זיינע פעהינקייטען. היינט איז שוין קיינער נישט מסופק, אז דארט איז ער ערשט עכט קלוג געווארען... ער וועט שוין היינט קיין איינציג פיצעלע בלאטע פון קלענסטען געגעלע פון דער כנסת ישראל'ס מינדסטען פינגערל נישט לאזען אראפּפאלען. און — אויך די ירושלים־רבנים וועלען איהם אויס ל ו י ־ ט ע ר  ק א נ ק ו ר ע נ ץ  נ י ש ט לעגען אין חרם אריין אדער פארשיקען, וואו דער טערקישער פעפער וואקסט, וועט ער ארויסוואקסען א גאנץ גרויסע קלוגע שפּין, וואס זיצט אקוראט אין ירושלים אין הארץ פון ארץ ישראל, וואס איז טאקע די מיט (על כל פנים) פון דער אידישער וועלט, און כאפּען פליגען מהודו ועד כוש — פון אייזישאק ביז האציפלאץ... און אז יעבץ איז קלוג געווארען, וואס דארף נאך ווערען פון אמת'ע גמרא־קעפּלעך?

---

אומגעריכט פון דיינעם הימעל איז נאך דער רונער אין די חובבי ציון אריין! אך, וויפיעל דאס האט געקאסט, איידער דער רבני'שער הימעל האט זיך פאר זיי אויסגעלייטערט און איז ריין און אויסגעשטערענט געווארען! צו דעם צוועק האבען די „בני משה“ אנגענומען א גרויסען יעזואיטישען שלחן־ערוך טיט'ן ה ו י פ ט ־ פאראגראף: פרום צו זיין, כדי צו געפעלען דעם המון עם! סלוצקי, נעבעך, האט זיך געוואשען אין דער בלאטע פון רבנישע פּיס! עולי־רגל'ניקעס האבען אונטערגעשריבען די „עהרליכע חשבונות“ פון דער „חלוקה“ אין ירושלים; מיט גדוים מיה און אויף איינענע הוצאות, האט מען ארויסגעשלעפּט אויפ'ן אייפעל־טורעם א קליין פארגעסען דב'ל און געמאכט דערפון א רב־הכולל, א „גראז־דאכען“ מיט משה רבינו'ס פּנים! אינ'ם ווערמאנטישען „המליץ“ האט מען שוין אפילו אנגעהויבען צו שמועסען מכח איבערגעבען אלע חדרים, די גאנצע ערציהונג פון נייעם דור און אלע קהל'שע עסקים אין רבני'שע הענט אריין (באטש מיט יעבץ און רעקענדארף קאן מען יוצא זיין לכל הדעות) מיט א י י ן

ווארט — מען האט אלץ געטאן, די רבנים זאלען זאגען: „באם!" בדי די חובבי־ציון זאלען האבען „בים־באם"! און די שעפסען זא־לען זיך שערען אומגעבלעקט...

צום סוף, נא!

די אלטע יעזואיטען האבען אריינגענארט די נייע אין זאק אריין; בן יהודה זיצט תפוס, די פאבריק פון לשון־קדש־ווערטער איז פארמאכט, און נעה פרעגט שאלות ביי גאט!

---

נאר מיינט נישט, חס־ושלום, אז איך וויל דא א וכוח האבען, אדער נאך אפשר נאר מלחמה האלטען מיט די חובבי ציון; ערש־טענס: מה אנו ומה חיינו? ווי קומט א לץ צו שטעלען זיך מיט אזוינע לייט. וואס הערען דעם סולטאן, ווי די קאץ, ווארטען נישט אויף משיח'ן, בויען אליין די פאפירענע בריק און זאגען דער כנסת ישראל: בטלן, נעה פאטש! און אייל דיך, ווארים — קוים וועסט דו א ישוב האבען, וועסט דו שוין קיינמאל נישט פאטשען!*) צווייטענס, בין איך אליין א „חובב ציון", כאטש אויף אן אנדער אופן; דריטענס, איז אין דער חברה, אויסער די „בני" — נאך דא די „בנות" ציון, און זיי וואלט, נישט נאר א בייזער לץ, נאר אפילו דער גרעסטער אנטיסעמיט נעגלעט...; פיערטענס, — און דאס איז דער עיקר — עס איז נישט פאר מיין קאפ, נישט פאר מיין כח!

איהר האט אודאי געהערט, אז פארצייטענס, אין דער ראַ־מאנטישער אלטער צייט, פלעגען זיין — אויסער די גוטע זאכען, וואס מיר האבען אויסגערעכענט אין אנהויב פעליטאן — נאך פאר'בשופ'טע חיות ובהמות, וואס פלעגען חרוב ונחרב מאכען דערפער און שטעדט... פון צווייטען, פון מענשליכען צד, פלעגען ווייטער זיין אמאטארען — העלדען, אזוינע אמת'ע גבורים, וואס פלעגען זיך מקריב זיין לטובת הכלל, כאטש עס איז נאך דאמאלט קיין צייטונג נישט געוועזען און עס האט קיינער נישט נאטירט קיין איינציגען זיפץ פאר די א ר ע מ ע ב ר י ד ע ר...

אזא גבור פלעגט ארויסגעהן בחרבו ובקשתו, איינער אליין,

---

*) ווארט ביי ווארט פון „כורת" ארויס.

אהן חברות, אהן סובווענציע, אהן אן אויסגעבעטעלטען גראשען, ביי קיינעם זיך נישט אנגעפרעגט, ביי קיינעם אויף הוצאות נישט גענומען, און באגעגענען זיך מיט דער חיה רעה. אסך גבורים זענען געפאלען, טייל איז דאך געראטען צו באפרייען דאס שוואכע דארף אדער דאס שרעקינע שטעדטעל פונ'ם כשוף.

שלעכט איז אבער געוועזען דעם גבור, אז ער האט געהאט צו טון מיט א „דראקאן“.

דראקאן איז א פאר'כשופ'טער פיפערנאטער, אדער אזא גיפ־טיגע שלאנג, מיט — אדער אהן פליגעל, נאר מיט עטליכע טוץ קעפ... יעדער קאפ האט א באזונדערען פיסק, באזונדערען גיפט און א באזונדערע מעלה — אז, אפגעהאקט, וואקסט ער תוך כדי דבור צוריק! בייקומען אזא דראקאן, האט מען אנדערש נישט געקאנט, נאר סיידען, אז מען האט איהם א ל ע קעפ מיט א י י נ מ א ל אפגעהאקט!

אזא מין דראקאן זענען די חובבי ציון, און נישט, חס־ושלום, ווייל זיי זענען חובבי ציון, נאר ווייל זיי זענען א ח ב ר ה! אלס חברה האבען זיי טויזענטער קעפ, די קעפ זענען נאך צושפרייט און צוזייהט אויף ארבע פנות העולם... און גער זוך פאר זייערטוועגען א שנייד־מעסער?

אויב איהר מיינט, אז די מעשה מיט'ן דראקאן איז א „משל בחרס הנשבר“, ווייל דער דראקאן איז, להבדיל, גלייך מיט איוב הצדיק, עליו השלום, א לא היה ולא נברא, און אז ער, דער דראקאן, האט דעריבער געקענט שאדען נאר די, וואס האבען אינ'ם געגלויבט. בשעת, ווען די חובבי ציון זענען ד א, זענען א פאקט גלייך מיט אנטיסעמיטיזם, רעאליזם און אנדערע פאקטען? וועל איך אייך ענטפערען, אז אין דעם טאקע איז ערשט דער משל אמת! ווארים, צווישען אונז גערעדט, איז דער „ציון“ און די „חבת ציון“ אויך ווי איוב הצדיק נישט געשטוינען, נישט געפלויגען, און די „חובבי ציון“ זענען אויך דעריבער נישט שעדליך נאר פאר די, וואס ג ל ו י ־ ב ע און ג ע ט ר ו י ע ן!

אויב עס איז דא צו געפינען א חלוק, שטעקט ער נאר אין דעם, וואס דער דראקאן האט געהאט נאך א י י ן מאנען, איין מ א נ ע ן ה כ ו ל ל פאר א ל ע קעפ און דעריבער האט ער ווייניגער געברויכט. בשעת ווען ביי א מענשליכע חברה האט יעדער

קאפ א באזונדערע מאגען; יעדער קאפ מוז באזונדער בייסען, רייסען און פרעסען אויף זיין באזונדערען איינענעם חשבון, און דעריבער — קאסט אונז יעדע חברה אזויפיעל, אזוי טייער! דעריבער איז ביי „צדקה" דער רעאליזם נישט נוהג, די חשבונות מוז מען מאבען פון דער „ווייטענס", עס העלפט קיין שלאס און ריגעל, און נישט אומזיסט שרייט דער דאקטאר סקאמאראווסקי, אז פאר „ציון" איז דער רעאליזם סם, אז אויסלייזען דארף מען נאר אידעאליסטען, און די רעשט זאל מען איבערלאזען צו אלע שווארצע יאהר אין פינסטערען גלות!

---

ניין, ברידער! איך וועל מיר שוין איינשטעלען דאס לעבען און ארויסטרעטען געגען דער גרעסטער חיה ובהמה, אזוי אין לעבען, ווי אין דער ליטעראטור; איך וועל אפילו אנטרעטען שלאגען און ענרישען אויף די ווידעל, לעגען א פיננער אפילו מוסרים אין מויל אריין, נאר מיט א דראקאן, זייט מיר מוחל, קאן איך נישט האלטען מלחמה! ווייל א דראקאן מיט עטליכע טוץ קעפ קאן מען אפילו ביי קיין לינען נישט כאפען! בפרט, ווען רער דראקאן פדאלט גלאט אזוי הויל־אויפגעבלאזען־ווייך, אז עס נעמט איהם קיין מעסער נישט, און טוישט נאר דערביי יעדע רגע, און אזוי נעשווינד, די קעפ, אז עס שווינדעלט אין די אויגען...

פינף און דרייסיג קעפ שרייען: לויפט, פליהט, רייסט, יאגט קיין פאלעסטינא... עס רינט דארט פאר אייך האניג און מילך, דער טערק ווארט מיט אויסגעשפרייטע הענט, דער אראבער חלש'ט נאך אייך!... און אז עטליבע הונדערט צי א טויזענט בעלנים הערען און פארגעהען אין דער נויט, ווערען בלינד פון שלעכטען וואסער, אויסגעדארט פאר הונגער, אויסגעזויגט פון באקשיש; אז ווייבער ווערען דורכגעשמיסען פון באמבוס — אויף די נאקעטע ברוסטען, און נערה־שנתפתתה'ס וואקסען פון פאטריאטען, ווי האלץ — הויבט זיך אויף א זעקס און דרייסיגסטער קאפ און דרש'ענט: מיר האבען באלד געזאגט: לויפט נישט! א בפירוש'ער פסוק: בשובה ונחת תושעון! עמא פזיזא, רחמנא לצלן!...

זעקס און דרייסיג פארשטאפטע, פארפאנצערטע פיליסטער־

קעפ שרייען אויס: „פאנאטיזם! שלחן ערוך! לאנגע רצועות און בערד! רבנים!“ און דערנאך, אז דער עולם קוקט זיך אום, און עס ווערט איהם נמאס פאר'ן אלטען רבנ'ישען ליערעל מיט די פאר'חושכ'טע תנועות, הויבט זיך אויף א זיבען און דרייסיגסטער קאפ און זאגט: „אדרבא איפכא! אמת, עס זענען דא צווישען אונז עטליכע פלעדערמייז, אבער מיר אליין, מיר חובבי ציון, באמת... אדרבא, לערען כאטש שליירען! אט רדוקען מיר גאר ליפערט!“

זיבען און דרייסיג קעפ שרייען: אויס יפת! פאשאל וואו, יפת! אויס גריכענלאנד, אהיים, אידעלער! אונזער א י י ג ע נ ע קולטור! און אז מען קומט נעהנטער און פרעגט: ו ו ע ר איז די קולטור, ענטפערט אן אכט און דרייסיגסטער אפענער מח גאר בוידעם! איז די „גמרא“ מפרש, אז די „משנה“ האט נאר געמיינט — „טאנצען מיט ווייסע האנטשו“, אבער „מאטעמאטיק מהיכא תיתי“... און תוך כדי דבור געהט א באל פאר „יהורה“, הייסע חובבי ציון טאנצען מיט — אויך נישט קאלטע נקבות, עס געהט צו אייראפעאיש מיט אלע מפרשים, אפילו מיט קרייצען פאר די טענ־צער...

נו, גוט, שפאר ריך, אז דו ווייסט נישט מיט וועמען? און דערצו זענען אלע אונטער מאסקעס, זעקס און דרייסיג שטריימלעך וכנגדם ביבשה: זעקס און דרייסיג רזשעטאנען פון פארשידענע אוניווערזיטעטען! אז אפילו דביים חלום'ען שוין אויך פון „ישוב“, זיי „ווענשען“ אויך מיט די נעז, זיי האבען שוין אויך א ביין דער־פיהלט!

און אלע האלטען זיך אונטער א י י ן פאראוואן, אונטער איין „אהבת־ציון“... בא, וואלטען זיי כאטש וועניגער שלינגע אין די מיילער געהאט... דערווייל האבען זיי נאך גאנצע ברונענס!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האב נישט איינמאל געזאגט, אז איך בין בטבע נישט קיין לץ, נאר רוקא א בעל־בכי און אז נאר מיין פינסטערע פרנסה האט מיך פאר א לץ געמאכט; איך זאג אייך נאך אמאל: איך בין בטבע א ג ר ו י ס ע ר בעל־בכי, און ראד, כאטש ביז אהער בין איך פון שוחר נישט בלינד געווארען, און האב נאך כמעט גארנישט געוויינט אויף גלות־השכינה, אפילו קיין פ א פ י ר ע נ ע טרערען נישט פארגאסען, קאן ביי מיר די שרעקליכע מסירה קיין

איינציגנע טראָפּען נישט אַרויסגעאָרען! די רבנים'ס כבוד אַרט מיך נישט, אויף ירושלים אַלס שטאָדט, האָב איך שוין לאַנג אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט! און איך ווייס, אַז ווען איך זאָל וועלען לאַזען כאַטש א י י ן טרער אויף יערער אידישער מסירה, וואָלט איך אויף ס'ניי אַ מבול געבראַכט, עס וואָלט מעהר וואַסער געוועזען, ווי אין אַלע אונזערע ליטעראַטורען...

איך וואָלט געקאָנט ריהרען די ק א ל א נ י ז א צ י ע א ל י י ן, — נאָר איהר וועט עס נישט שאַטען. איך גלויב באמונה שלמה, אַז דאָס יונגע קינד וועט אַנדערש נישט געזונט ווערען און אַנהויבען וואַקסען, ביז מען וועט עס נישט באַפרייען פון'ם אומרייניקייט אויפ'ן קעפּעל...

ביז מען וועט נישט פאַרמאַכען די פאַבריקען פון קרעצינ־מיט־טינעז פאַנאַטיזם, די „זאַוואָדען" פון מלשינות־פּולווער, פּאַשקווי־לען־קוילען און שקרים־האַרמאַטען, ביז עס וועלען נישט אויפהערען „ערנסטע ווערטער", אין וועלכע עס קלינגען: עטליכע מטבעות, ווערמאַנט'ס עדות און צערערבוים'ס שכל הישר... ביז מען וועט נישט פאַרמאַכען אפילו — די „בתי חרשת" פון נייע בלעכינע לשון־קודש־ווערטער...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרטראַכט אין די געדאַנקען, וואָס פּאַסען נאַרנישט פאַר אַ לץ, האָב איך גאָר אינ'ם מלאך פאַרגעסען, און ער איז מיר דער־ווייל נעלם געוואָרען!

איך רוף, איך שריי, איך ווער הייזעריג, קיינער ענטפערט נישט!

צי האָט איהם זיין אַלטער בעל־הבית נישט צוריק גענומען פאַר רחמנות? צי האָט אויף איהם אַן אַנדערער, נישט מאַרישער מחבר, די השגחה־פּלינעל פאַרשפּריים? צי האָט איהם נישט עמיצער, חס־ושלום, גע'מסר'ט?

דאָס ווייסט איין בורא עולם, נאָר איך מוז אָפּהאַקען פון מיין פּעליעטאָן; פּליהען איבער די רעכער — האָב איך נאָר געקאָנט, נאָר צופוס געהן צווישען דעם מיסט — לאָו!

אַריע! צום ווירערזעהן אויף בעסערע צייטען!

1896

# די קראַנקע נערוועז.

עס טוט זיך מעשים! עס זעצט און קנאַקט; עס קאַכט, עס שויסט, עס זידט און פלאַקערט!

וואַס איז געשעהען אזוינס? רבונו של עולם! ווער האָט אויפגעוועקט און זער טויטען ים? ווער האָט ארויסגעלאָזט דעם ווילדען שטורעם? וואָס לויפען די לייט אזוי ארום, ווי משוגע?

עס איז, דאַכט זיך, קיין וויכטיג נייעס נישט געשעהען! סאַמע דראָבנע פאַקטען!

ווארים וואָס? אויסער „אחיאסף“ האָט זיך נאך איינער ערלויבט צו שרייבען און צו דרוקען העברעאיש! אמת, ער דרוקט זיי אונטער דער נאָז — בק"ק וואַרשוי; נו, דעריבער? דאַרף דעריבער די וועלט נישט שלאָפען?

א נייגעבאַקענער דר. דער פילאָזאָפיע האָט די „רויז“ אין „לכבוד פסח“ נישט פארשטאַנען... נו, על כן? דאַרף דערמיט וואַרשוי קלינגען?

„פלוני“, א געוויסער „פלוני“, האָט ארייגעשלעפט דעם ירושלים־בער — יעבצ'ן צום „הויז־פריינד“ אין באַר אריין, און האָט איהם, כמעט אהנ'ם בעדערס וויסען, ארייגעוואָרפען עטליכע בעזעמלעך — הבלל? איז א לאָך אין הימעל?

דאַרף דעריבער רודערען, ברענען, שטורעמען, קנאַקען?

אך, ווי דענערווירט עס זענען אונזערע לייט!

---

דריי־פיערטעל נייע געשיכטע שרייבען אונז די קראַנקע נערוועז!

קראַפט־עבינג — א באַריהמטער ווינער פּראָפעסאָר — איז

רער מיינונג, אז דער גאנצער אנטיסעמיטיזם, וועלכען מיר האבען אזויפיעל „גוטס" צו פארראנקען, וואס האט אונז געגעבען: אר־נעגטינא, פאלעסטינא, פאמריאמען, נאציאנאליסטען און... „אחיאסף" — וואס האט אונז אזוי נמאס ומאוס געמאכט גאנץ אייראפא מיט איהר ציוויליזאציע, וואס האט אויפגעוועקט אין אונז אזא הייסע ליעבע צו אראבער און מערקען און אפילו צו די ארגענטינישע קצבים — אז רער גאנצער אנטיסעמיטיזם איז נישט מעהר נאר א נערווען־קראנקהייט, וואס גרענעצט פראוורע מיט שגעון.

מיר, אידען, כאמש מיר זענען אן „עם סגולה", אן אויסדער־וועהלט פאלק פון אלע אומות, מיר ליידען פונרעסמוועגען אויך פון רי איינענע קרענק, וואס הערשען אין אייראפא. עס האט אונז נאך קיין איין מגפה פריי נישט דורכגעלאזט און דאס גראסירענדע נערווען־פיבער אוראי נישט...

מיר זאלען נישט זיין אזוי נערוועז, וואלטען כיר פאר שרעק די קעפ נישט פארלוירען און נישט געלאזט שארלאטאנען זאלען אונז מיט איין האנט פיהרען ביי דער נאז און מיט דער צווייטער גראבלען אין קעשענע... מיר זאלען נישט זיין אזוי נערוועז, וואל־טען מיר נישט געזוכט שוץ און הילף ביים קאנסערוואטיזם, ביי אונזער אייבינען בלוט־פיינט, וואס שטארקט זיך אויף אונזער פאהיבעל... ווען מיר זאלען נישט זיין נערוועז, וואלטען מיר נישט געלאזט גנבים זאלען אונז ראטעווען בשעת שרפה, און נישט גע־וואלט ארויסשפרינגען פון ראכשטיבער רורכ'ן פענסטער... ווען מיר זאלען נישט זיין נערוועז, וואלט דער מארגענדינער טאג אויף אונז געוויזען: אט דאס זענען די, וואס האבען ביינאכט די לאמפ נישט ארויסגעלאזט פון האנט! נאר מיר זענען אבער נערוועזער אלס אונזערע פעטערן־קינרער, מיר אליין העלפען צו דער פינס־טערניש, זי זאל אונז איינשלינגען; מיר אליין דרעהען זיך א שטריק ארום האלז, מיר אליין זאגען זיך אפ אפילו פון די רעכט, וואס קיינער וויל ביי אונז נישט נעמען!

מיר זענען אזוי נערוועז, אז עס איז א חרפה און א שאנר פאר לייט, אז אומגליק פאר אונז און אן אויסגעצייכענט געשעפט פאר די, וואס זענען שטענריג גרייט אונטערצוציגדען א הויז, אבי זיך אנצואווארעמען, פאר די — וואס יעדעס פאלקס־אומגליס איז

פאר זיי א טיכעל, פיש צו כאפען; פאר די, וואס דרעהען אויס זייער ווינט־מיהלעכל קענען יעדען ווינט אויף דער וועלט, מעג ער ברענגען די פעסט, נאר גרויסען זאל ער מאהלען...

---

און ווי נערוועז די לייט אליין זענען! ווי זיי ציטערען, עס זאל זיי עמיץ נישט אראפרייסען די מאסקע פון פנים! עס זאל נישט עמיץ אנצינדען א ליכט, מען זאל זעהן וואו זייערע הענט שטעקען!

נאר איך בין פארקראכען אין א זייט, נישט פון זיי וויל איך רעדען... איך האב אנגעהויבען צו רעדען פון „אחיאסף“, פון א דאקטאר דער פילאזאפיע, וואס פארשטעהט נישט די „רויז“, און פון פראצעס „פלוני קאנטרא יעבץ“.

וואס פאר א משוגע'נע נערוועז עס שטעקט אין דעם אלעם!

---

ווען נישט די משוגע'נע נערוועז, וואלטען זיך די בני אחיאסף נישט אזוי געשראקען פאר'ן „החץ“, נישט אזוי אגיטירט נעגען די „יום־טוב־בלעטלעך“, נישט אזוי אפגעערדט די מוכרי ספרים, זיי זאלען נישט האנדלען מיט דעם „סם“ — (אויף מיין) ?

ווארים איך קאן מיר גארנישט איינרעדען, מען זאל קאנען מיט איין „החץ“ און פינף־זעקס „יום־טוב־בלעטלעך“ זיי אזויפיעל שאדען מאכען! אונזער בעל־הבית'ל האט א דיקע גלאטע הויט; נישט אזוי געשווינד טרעפט איהם א „פייל“, אויך האט מען איהם צופיעל און צולאנג צוגעוועהנט צו גאנגעל־מאגעל און קאנדעל־צוקער, עס זאלען איהם אזוי לייכט שמעקען די ביטערע יום־טוב־בלעטלעך.

איך האף נאר, אז מיט דער צייט וועט דער עולם קריגען א בעסערען געשמאק, אז מיט דער צייט וועט אונזער „ישראל'יק“ עפענען די אויגען און דערקענען, ווער זיינע שונאים און ווער זיינע פריינד זענען... צי ווילען זיין נוטס די, וואס גיבען איהם, וואס ער וויל, אדער די, וואס גיבען איהם, וואס ער דארף

וועלען; צי מיינען זיין טובה די, וואס זאגען איהם דעם אמת, אדער די, וואס פאר׳שבור׳ן איהם מיט זיסען שקר, מיט פאלשע האפנונגען און דער עיקר, מיט פאלשע חשבונות...

נאר ביז דער צייט קאנען נאר די בני אחיאסף רייך ווערען, און אז עס וועט קומען די צייט — איבעררעהען דאס וווינט־מיהלעכל און מאהלען אפילו סאציאל־דעמאקראטיע. —

ליידער זענען זיי נערוועז, קאנקורירען נערוועז און האבען אויף דער וועלט נערוועזע נאכשטופער.

אין א געוויסער שטאדט, למשל, האבען זיך צוזאמען גענומען א הונדערט אחיאסף־שטופער, א הונדערט יונגע פארברענטע פאר־לעסטינצעס, וואס אויף יערען פון זיי, ווייזט אויס, קאן משיח קר־מען צו רייטען, און האבען געלעגט אין חרם אריין „די אפען" מיט „ר' שלמה" צוזאמען...

איז דאס נישט נערוועזיטעט, וואס גרענעצט, אויב נישט מיט שגעון, על כל פנים מיט אינקוויזיציע?

---

שלום־עליכם, איינער פון די בעסטע זשארנאניסטען, האט אמאל נישט געוואוסט, וואס מען מיינט: „פאקשיווע". אן אנ־דערער אויף זיין ארט רופט אריין דעם ערשטען בעסטען פוילישען איד און פרעגט, וואס דאס ווארט באטייט. ער איז אבער נערוועז, שטעלט ער זיך אנידער, ווי אן אקס מיט גרויסע הערנער, אין זיין אמעריקאנישען רעקלאמאציאנס „קול מבשר", און בלעקט ארויס: מאי פאקשיווע? כדי ער זאל „פאסט־פאקטום" נעוואר ווערען. אז פאקשיווע איז דאס איינגע, וואס „קראפיווע". דאס הייסט א מין נעוויקס, וואס פאכט אזוי אין א נארטען אריין, ווי זיין „קול מבשר" אין אן ארענטליכע ליטעראטור.

דאס איינענע האט זיך אצינד געטראפען א דאקטאר דער פי־לאזאפיע. ער האט נישט פארשטאנען די „רויז". מאי כולי האי? צי טרעפט איינמאל, אז א דאקטאר דער פילאזאפיע פארשטעהט נישט, וואס ער לעזט. און זעצט אפילו איבער, וואס ער פארשטעהט נישט? עס איז מעשים בכל יום! און דוקא נישט דעריבער, ווייל די זאכען זענען צו טיף, נאר ווייל א דאקטאר דער פילאזאפיע, איז

טיילמאל אזוי פלאך, אזוי פליטקע, אז עפעס טיפערס קאן זיין מח נישט כאפען...

איז אבער רער ראקטאר רער פילאזאפיע אזוי נערוועז, אז ער מוז אויפשרייבען „לאקשען", און עס טרעפען זיך נאך אזוינע נער־וועז־קראנקע, וואס באצאהלען דערפאר!...

---

נאר דאס אלעס איז קיין „מן המעשר" נישט פון די צולאזטע משוגע'נע נערוועז, וואס האבען זיך באוויזען אין פראצעס: „פלוני קאנטרא יעבץ".

ווענען יעבץ'ן און זיין „ליטעראטור" וועלען מיר רערען אויף אן אנרער ארט, מיר ווילען נאר אצינר אנווייזען, ווי רענערווירט זיינע באשיצער זענען.

איך וועל אייך נאר אין קורצען זאגען אין וואס עס געהט. פלוני ווארפט פאר יעבץ'ן: 1) אז ער האט נעשריבען א פאלשע היסטאריע, פון וועלכער אלע אומות העולם קומען ארויס איינגע־ריסט, ווי די קוימענקערער און א כנסת־ישראל — ווייס, ווי א מעהל־הענרלער. 2) אז אין זיין אידישער היסטאריע האט ער איבערגעהיפערט אלע באמת וויכטיגע פאקטען און היסטארישע מענשען, אויף וועלכע ער האט אדער א שפיי געטאן, ארער א קורצען „חרם" געווארפען, און האט ראנגען אויפגעבלאזען די עטליכע „פאלעסטינצעס", וואס האבען רערוויילע נאך גארנישט גע־טאן, באטש זיי האבען אזויפיעל געקאסט און קאסטען ווייטער... און 3) און דאס איז רער עיקר — אז ער שרייבט געפעהרליכע קינרער־ביכער, וואס ווילען אונז צוריקפיהרען צו די „גוטע, פרומע, נאר, ליירער, פינסטערע צייטען!".

די קריטיק איז ארויין, ווי א שטיין, אין אונזער ליטערארישען טייך און די גרויסע פיש האבען זיך ווילר דערשראקען! פריהער האבען זיי פאר שרעק געשוויגען, נאר דערנאך, אז מען האט גע־זעהן, אז דער פלוני שטעהט רערוויילע אליין, זענען די העכט ארויס־געשוואומען מיט די אפענע מיילער, נאר איינצושלינגען!

צו אלעם ערשטען איז ארויס א „זי" — א רבורה גינצבורג. פארוואס נישט א מחבר — א זכר? כרי מען זאל נישט קאנען

זאגען: „הריוט קופץ בראש“; הדיוט איז לשון זכר. און דער רעדאקטאר פון המליץ, וואס בייזערט זיך אויף א קליינע „עדה“ אין אמעריקא, וואס האט אויפגענומען פאר זיך אליין, איבגאנצען פאר א פאר מנינים, א בעל־דרשן, א אידענע, לאזט די אשה צנועה דרש'ענען פון טליץ־בעלעמער פאר כל־ישראל. נאך מעהר — אלס עלעגאנטער הער טרעט ער איהר אפ רעם אויבען־אן און מאכט פון דער וויבערשער נערוועז־לאניק א לייט־ארטיקעל!

און רבודה גינצבורג איז שרעקליך רענערווירט; זי האלט זיך איין מיט אלע קרעפטען קיין שלעכט ווארט נישט צו רעדען. און דאך איז איהר ארטיקעל א וואלר מיט שארפע באגנעטען. האניג און מילך — ראכט זיך — רינט איהר פון מויל, נאר דער האניג איז פול גיפט און די מילך איז איראניש זויער און געזעצט. זי וויל נישט פלוני'ן באליידיגען, ראך איז פון „א פלוני ראדט“ (איזה פלוני) בפרט, און פון א זשארנאן־שרייבער בכלל, א העזה צו קריטיקירען יעבץ'ן! דאס הייסט (אפנים) אריינברעכען אין דער חברה „שמור לי ואשמור לך“ און צו שאנרען מאכען דעם גאנצען „עסק“... זי אין — חלילה! — נישט בייז, נאר דער „פלוני“ איז א „פ ר ע מ ר צ ו ו י י ג ע ל“ אויף א ו נ ז ע ר בוים, אין א ו נ ז ע ר וויינגארטען, און די אשה צנועה וויל איהם מיט'ן שארפען צינגעל אפשניידען און ארויסווארפען — על כל פנים — פאר די אומות העולם... צו די דריי קנינים, וואס דער רבונו של עולם האט אויף דער וועלט, קומט, אפנים, צו נאך א קנין! היינט ווערט דער הייליגער קויליטש געפלאכטען אין פיערען, פון שמים־וארץ, ארץ־ישראל, תורה און יעב“ץ — ווער עס גלויבט נישט אין יעבץ'ן — וואן! ארויס פון כנסת ישראל! ווער עס קריטיקירט, ווער עס זאגט ארויס רעם אמת צו הויך, צו פראסט, ווער עס רופט אז די זאך ביים נאמען, ווער עס וויל נישט און לאזט נישט נארען דאס פאלק; ווער עס וויל נישט זיינע ווערטער איינוויקלען אין וואטע, באשפריצען מיט ארעקאלאן, פארזיסען מיט צוקער, ווער עס רענערווירט אונז — ארויס!

היסטאריע איז אנשטעקענד; באלד זענען ארויס נאך צוויי „גן־עדן־פאנעם“; אין זענען אריין, ווי די קוואקעם צווישען די מודעות אין המליץ... זיי קוואקען אויס דאס יונגע הארצ־וועהטאג, וואס מען האט יעבץ'ן ארא[illegible]ריסען די קרוין פון קאפ און זענען

מנרר (איך נעדענק נישט וויפיעל מאל ח"י), לטובת הפועלים אין ארץ ישראל !

אזא ערנסט־עהרליך־קלוג אריינטישען זיך אין א ליטעראַרישען ובוח, אזא מין פיין אונטערהאלטען א געפאלענעם גבור, אזא מין סימפאטישע אמעריקאנישע רעקלאמע — שרייבען און חתמ'ענען נ א ר העכסט דענערווירטע ראַמען !

איך גלויב, אז זיי שרייבען אמת — אז זיי האבען באמת זייער גאנצע מילכינע חכמה אויסגעזויגט פון יעבץ'ס בריסט, אז עס צאפעלט זיי באמת דאס הארץ, זעהענדיג, ווי מען רייסט דער אם די קאפקע פון אלט־קלוגען קאפ... נאר נישט יעדער צאפעל פון א מיידעל־הארץ דארף נאטירט ווערען אויף דער ליטעראַרישער בערזע, און אז מען זויגט שוין אפ ביי יעבץ'ן — הויבען ערשט אן צו שפראצען ציינדלעך, דארף מען ערשט אנהויבען עסען — אנהויבען באמת צו לערנען !

דערנאך איז דער רעדאקטאר ה' ראבינאוויטש אליין ארויס מיט א באמערקונג, אז די זשארגאניסטען, וואס שרייבען פאר זיי־צערין און קעבין, וואלטען געדארפט בעסער ווארנען פאר דער מהומה'דיגער עמיגראציע און נישט רעדען פון יעבץ'ן. די קעבין מיט דער זיצערין — מיינט ה' ראבינאוויטש — מעגען נישט וויסען, אז יעבץ "טאנצט אויף די הינטערפיסלעך" און "וויל צוריק שלעפען די כנסת ישראל אין מיטעל־אלטער אריין"...

נאר אזוי אומגערעכט קאן מען אויך נישט זיין ביי פעליג נעזונטע נערוועו. ווארים — וועמען האבען מיר די מהומה צו פארדאנקען, אז נישט די לשון־קודש'ע קעסעל־פויקער ? צי איז צעדערבוים'ס המליץ נישט געשטאנען אין דער ערשטער שורה און געפויקט "טרעוואגע" : — לויפט, רייסט, יאגט... ? אויף וועמען זשע פאלט דער חוב צוריקצופויקען ? צוריקצורופען ? די זיצערין און די קעבין לויפען, ווייל — ווייל אין יעדער שטארט זענען דא עטליכע לשון־קודש־פויקער, וואס צוטראגען די טרעוואגע אין אלע גאסען און לאזען קיין אנדערע ספרים, אויסער יעבץ און אחיאסף, נישט קויפען...

אמת — דער עולם האט געפויקט קיין ארץ־ישראל און געלאפען איז מען קיין ארגענטינא ; שולדיג איז דאך דער פויקער — די גאנצע "טרעוואגע" איז איבריג געוועזען !

און דארף מען צוריקפויקען זשארנאַן. זאָלען די פויקער אַליין שרייבען! קאָנען זיי נישט שרייבען אין קיין איינפאַך רורכזיב־טיגער שפּראַך, וואָס פאַרדעקט נישט די לעבער אין דער לאַניק, פאַרבלימט נישט די פינסטערע חכמות, און פאַרהאַקט נישט מיט געדונערטע ווערטער דעם לעזערס שכל הישר, זאָלען זיי זיך א זשאַרנאַן־פויקער דינגען! די פּראַקסע קענען זיי... ווילאַנג איז נאָר, אז מען האָט א „בילער" געדונגען גענען באַראָן הירש? ווי־לאַנג איז, אז מען האָט אונטער'ן טיטעל „אַן אמת וואָרט", פּאַ־פּולאַריזירט ווערמאַנט'ס מסירות? ווילאַנג איז עס, אז מען האָט נאָר נעדונגען א „דאַרן" גענען אַן אומשולדיגער אַרעמער „רויז"? וואָס? אצינד האָט קהל'יש געלט פאַרפעהלט?

איך גלויב באמונה שלמה, אז ה' ראַבינאָוויטש וויל זיין אומפּאַרטייאיש; איך גלויב, אז ער וויל אפילו מיט דער צייט דעם גאַנצען צעדערבוים'ישען ריח אַרויסטרייבען פון המליץ... נאָר די נערוועז זענען שולדיג, און ער וויל אויך, אז דער זשאַרנאַן זאָל זיך נישט אַריינמישען אין דער לשון־קודש'ער וועלט, ווייל — אהן זיינע שרייבער, איז דאָרט אזוי רוהיג, אזוי שטיל, אזוי שלום ושלוה! עס שרייבען סאַמע גוטע ברידער, קיין „פרעמדען" לאָזט מען נישט א לעז רעקען, נאַדיר! קומט עס פון דער זייט!

---

אין דער אַנמערקונג האָט זיך אַנגעכאַפּט אַן אַנדערער נער־וועזער שרייבער אין הצפירה. העד פּראַס איז אַרויס, „איש יהודי ספרא" האָט „איִנטערגעגאַרטעלט זיינע לענדען" און „פּאַטשט" אין הצפירה! ראַס שטילע וואַסערל רייסט איין די ברעגעס!

מיט וואָס פלוני קריטיקירט יעבץ'ן, רעדמאַנט ער נישט, כדי ער זאָל נישט דאַרפען רערויף צו ענטפערען; אויף דער זע, ווייסט ער, האָט די שלאַנג קיין ציין נישט... פאַר דאָס אבער האָט ער פאַרפּלייצט א שאַק נומערען הצפירה מיט ניפּט... און דוקא מיט'ן ערנסטען...

וואָס וויל פּראַס? אסור אויב איך ווייס! איך ווייס נאָר, אז לויט זיין לאַניק איז א משרת אָדער א קעכין א מאוס'ערע פּרנסה, אלס א פאַקטאָר ביי הלואות און פלוני האָט נאָר א פּראַווע צו רעד־

דען מיט משרתים און קעכינס; עס זעהט אויס, אז לויט פראס שכל הישר איז יעבץ א פארטשריטסמאן — ווי רען! נאר אז מען קאן אזוינס שרייבען, און נאך אזויפיעל דערפון שרייבען, האט מען זיכער קיין געזונטע נערווען...

נאר ראס איז נאך ווייניג. אויפ׳ן ארעמאן „מאקאר“ פאלט נאך א שישקע... טאוויאוו איז רא! א פעליעטאן אין המליץ! טאוויאוו איז מודה, אז יעבץ פעלשט די געשיכטע, ער פרעגט נאר: „וואס שארט אונז דער שקר“? וואס שארט עס — פרעגט טאוויאוו — אז מיר וועלען א פ נ א ר ע ן די קינדער? אז זיי וועלען עלטער ווערען — — מיינט טאוויאוו — וועלען זיי שוין אליין וויסען דעם אמת...

נו, זאגט אליין, צי א מענש, וואס האט א פרעטענסיע אויף בילדונג, אויף די קינדערשע הערצלעך זייהען שקרים, כדי דער ווינט פון שפעטערען לעבען זאל האבען וואס אויסצורייסען — צי ראדף אזא „מענש“ נישט נויטיג א קאלט־וואסער קור? !...

נאר ראס אלעס איז נאך ווייניג! נאך גארנישט! עס קריכט ארויס נאך איינער מיט א „נעוואלר“ — מיט „א פראטעסט פון כלל ישראל נעגען הויזפריינד!“.

נאר ראס גרענעצט זיך שוין טאקע מיט שגעון... עפעס א חצקון שרייבט אין נאמען פון כל ישראל, פון דער גאנצער אומה!!

נאר וואס איז מיין טרייסט?

מיין טרייסט איז, אז די נערוועז פון די אומות העולם, פון דער כנסת־ישראל און פון אונזער ליטעראטור וועלען זיך אמאל שטילען, און געזונט לאבען פון דער אלט־נארישער צייט.

1896

# די געלע פרעסע.

א פינסטערע שרעק איז אנגעפאלען אויפ'ן ליטעראַרישען נעסעל: די געלע פרעסע געהט! דער ערשטער שריט צום שאַנטאַזש איז געמאַכט געוואָרען! מיט אן אייזערנעם טאַראַן האט מען אויסגעהאַקט א שפּאַרעוודיג לאָך אין דער פעסטונג־וואַנט, אונטער וועלכער מען האט זיך אזוי רוהיג, אזוי זיכער געפיהלט...

„פּראָטעסטירען!“

די אלטע, די גרויסע, די שטראַלענדיגע מוזען אדוים מיט א פּראָטעסט....

און איך בין אן אלטער, א גרויסער, א שטראַלענדיגער און דאצו נאָך א שוואַכער מענש!

בנוגע צום אידישען טעאַטער איז אַש געךעכט, אזא יאַהר אויף כל ישראל! און פונדעסטוועגען, אז דער לייב אין גאָלדפאַדען'ס בר־כוכבא שטעלט זיך אינמיטען דריגען אויף די אונטערשטע פיס און געגעצט, און דער פרייטאָג־ און שבת־צו־נאָבטסדיגער עולם פּאַטשט בראַוואַ, אדער ווען די „אינגלעך“ אין „פּאַמיליע צבי“. וואָס פארלירען די העסלעך און די דרעגגלעך פון די דאַרע הענטלעך ארוים רופען: מיר זיגען! מיר זיגען! און דער אויבען דערמאָנטער טעאַטער־עולם שרייט: „הורא!“ — פּאַטש איך מיט, אז די הענט ווערען מיר געשוואָלען, און שריי „הורא“, ביז איך בלייב אָהן א האלז, כאָטש איך ווייס אויף קלאָר, אז די „אינגלעך“ ציטערען אפילו פאר'ן איינגעם פּאַפּירענעם בלי־זין—, אזוינע פּנים'ער האבען זיי, די סטאַטיסטען אויף במעלניא, און כאָטש עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אז דעם לייב פון בר־כוכבא ווילט זיך, געבער, גאָר עסען, נישט געגעצען...

וואָס דאַרפט איהר מעהר: אין גאַס, אז דער עולם הויבט אן לויפען, מאַך איך פיס, צי איך זעה א ביקס צי ניין; איך האָב מיר

אפילו קיין צייט נישט אומצוקוקען! און קוק איך אמאָל, פאַר'ן אַראָפּגעהן, אין גאַס אַראָפּ, און זעה מענשען אין קאַלאָשען און ווינטער־פּאַראַסאָלען, הויב איך שוין צום הימעל קיין אויג נישט אויף, און נעם א פּאַראַסאָל מיט קאַלאָשען!

און דעריבער, אז עס איז א געשריי געוואָרען „פּראָטעסטירען" — האָב איך געזאָגט: „פּראָטעסטירען!". כאָטש די חתימה צום פּראָטעסט האָב איך געמאַכט מיט א פאַרציטערטער האַנט, און דאָס האַרץ האָט דערביי געקלאַפּט, ווי ביי א גזלן...

וואָרים „ביני ובינך" — ליעבע לעזער! צווישען פּיער אויגען און אויער אויף אויער בין איך רוקא צופרידען מיט די ביטערע קרייטעכצער, וואָס הויבען אָן שפּראָצען אין אונזער גן־עדן'דעל... סימן טוב ומזל טוב! — די נעלע פּרעסע האָט זיך באַוויזען? — א מחיה! א קאַצען־שפּרונג צום שאַנטאַזש? — נאָך בעסער! דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אז מיר אנטוויקלען זיך, אז אונזער ליטעראַטור אנטוויקעלט זיך, אז—, להכעיס די ציוניסטען און די ס. ס.'אָוצעס — וואַקסט אין גלות אונזער קולטור, ווי אויף הייוועו!

און איך וויל עס אויך מסביר זיין מיט א משל; איהר ווייסט דאָך, כ'בין א שטיקעל גלגול פון רבנער מניר! שטעלט אייך פאָר, ליעבע לעזער (אַלע לעזער זענען מיר ליעב), א משפּחה אין א מדבר — איינע אליין א פאַמיליע אין א סטעפּ! מוז, נעבעך, דער קאָפּ פון דער פאַמיליע זיין אַלץ צוזאַמען! אי טאַטע פון קינדער, אי זייער לעהרער, אי זייער שטראָפער און שמייסער... און ווערט, לא עליכם, א קינד קראַנק, מוז ער נאָך זיין זיין רופא; בחרפּתני, אפילו א קליסטירעל מאַכען... און מאַכט זיך עפּעס, נאָט באַהיט, א קינד אויפ'ן קעפּעל, מוז ער איהם איינגעהענגרינג די הערלעך אויסרייסען... און שטאַרבט, נישט פאַר אייך געראַכט, א קינד? נאָך זיין קברן ווערען! און אז די קוה פאַלט אוועק? מוז ער ווערען וועטערינאַר! און אז דער הונט אויפ'ן הויף ווערט משוגע? — הונטשלעגער! און אז עס זאַמעלט זיך אָן מיסט אויפ'ן הויף? מוז ער נעמען שירץ און בעזעם און אויסקערען! — און דער אייגענער מוז זיין פונרעסטוועגען אי טאַטע, אי קרוש־ און הבדלה־מאַכער, און פאַרלאַנגט פאַר זיך רדר־אַרץ!

אַבער, אז די משפּחה צוואַוואַקסט זיך? אז מיט דער צייט

ווערט פון פלעק א רערפעל, פון רערפעל — א שטעדטעל, — א שטאדט — א שטיקעל מרינה, — — ווערט שוין די ארבייט צוטיילט! איז איינער טאטע, רער צווייטער לעהרער; א בעלפער, צום שמייסען און פעקלעך מאכען, פאראן באזונדער; עס באווייזען עקסטרא קליזעפאמפע־מאכער, האר־צופער, דאקטוירים; ספעציעלע מתעסקים, קברנים און — הונטשלעגער!

דאס זעלבע איז און האט געמוזט זיין און געשעהען אין דער ליטעראטור.

איך בין נישט קיין היינטיגער און געדענק נאך גאנץ גוט די צייט, ווען עס זענען געווען אינגאנצען צוויי־דריי כהנים אין בית־המקדש! אלץ האט געמוזט קומען אויף זייערע הענט. דאס זענען געווען: אי שירים־ אי פראזע־שרייבער; און דאס זעלבע לייט־ארטיקעל מאכער.פעליעטאנען־קלאפער, נייעס־שיטער און אינמיטען דערינען ווערען א וועלט־חכם און פארטייטשען, וואס א דונער, — וואס א בליץ איז... מיט איין ווארט: אנטון גלעקלעך, ארייגלויפען אין קדשי־קדשים מיט א פאן ווייררויך, ארויסלויפען און מאכען „חיק" מיט אן אקס אויפ'ן מזבח, און באלד כאפען א בעזעם און אויסקערען!

אך און וועה איז געווען צו די יאהרען!

היינט, אז מען האט זיך געמעהרט און געפרוכפערט, בפרט לעצטענס, אין דער צייט פון דער סטאליפין־פרייער פרעסע, איז שוין, דאנק זיין ליעבען נאמען, די ארבייט צוטיילט! יעדער האט זיך זיין ווינקעלע, זיין ספעציאליטעט. אייגער זינגט, דער צווייטער דערצעהלט, דער דריטער שרייבט חכמות, דער פיערטער וויצעלט זיך, דער פינפטער און אפשר דער זעקסטער צי דער זיבעטער — פיהרט טאקע מיסט!... מען דארף דאס אויך!

אמת, עס טרעפט און די מיסט־שלעפער שרייבען שירים אמאל אויך...

אבער, ערשטענס, איז יעדע אויסנאם נישט מעהר, ווי א באוויז אויף דער רעגעל! צווייטענס, האט יעדע קאץ איהר מערץ און יעדעס הארץ, אפילו פון א קוימען־קערער, זיין מאי! ווען עס ווערט אזוי ווייך, און עס זינגט זיך: טיו, טיו... טיו, טיו... און דריטענס — האט קיין פחד נישט! דער מיסט־פיהרער וועט צום שכל קומען! ער וועט דערקענען זיין פאך, דערגעהן זיין מיסיע.

צוליעב וועלכער ער איז באַשאפען געווארען! נישט אזוי געשווינד דערקענט זיך א מענש, און איידער מען קומט אויפ׳ן רעכטען וועג ארויס — זינגט זיך אמאָל אביסעל פאלש! מיט דער צייט קומט די הילף!

די ליטעראטור קאַן שוין נישט זיין קיין כל־בו, ווי א קליינ־שטעדטעלדיג געסעל! עס מוז זיין א גרויס־שטעדטישע גאס! דער רינשטאָק, וואס פיהרט אַפּ דאס אומריינע, געהט אין די זייטען. רעכטס און לינקס. ווער עס איז א דבר־אחר, מהיכא תיתי, לעג זיך אריין! אז נישט. געה אדיבער טרוקען, אין דערמיט! דאס איז שוין דער צווייטער משל!

אמת, א משל איז נאך קיין באווייז נישט! אבער מקרב אל הדעת איז עס!

און וואס אמבאלאנגט דעם עצם־ענין, וואס די געלע פרעסע, די ערשטע ניי־געבוירענע, איז שוין באפאלען א ליטעראט, איז קיין גרויס אומגליק נישט!... די ליטעראטען, פונקט אזוי, ווי פרויען, האבען ביז אהער פארנומען א נעקינסטעלטען פלאץ, א פאלשען ארט אין א געזעלשאפטליכען לעבען! אדער א גארנישט, א צדה, א משלחת. ארער א מלאך; קיין מענש קיינמאָל נישט! שלאגען זיך מיט א אירענע, בפרט אין גאס, אַפּ׳חשבון׳ען זיך עפענטליך מיט א ליטעראט, קומט אויס עפעס קראמיש, אויסטערליש, ווילר! פארוואס? שוין צייט אפצורייסען מיט די אלטע מנהגים, ארויס־שלאגען זיך די אלטע איינרעדענישען פון קאפּ. אן אשה איז אויך א בשר־ודם, נישט מעהר, נישט ווענינער, און א ליטעראט איז א מענש, ווענינסטענס דארף ער זיין א מענש... און דאס. וואס א קראַה רייסט אויס ביי דער צווייטער איין אויג, וואס איז דאס געוואלט? דוקא ביי פ ר ע מ ד ע?

און דער עיקר — ברענגט עס א גרויסען נוצען דעם פובלי־קום, אויב עס איז נאר דאַ! אויב די קוה, וואס מיר. לעבצענרינגע צו מילך, מעלקען איז פאראן, אויב זי איז נאר קיין פוסטער חלום נישט,—קאַן זי ווערען אוים קוה!

דאס פובליקום — אהן משלים גערעדט — מוז זיך צוגעוועה־נען צום געדאנק, אז ליטעראטען זענען מענשען, וואס ארבייטען און פארדינען מיט רער פעדער, ווי יענער מיט דער האַק און דער מיט דער נאדעל... און אז עס טרעפט זיך און א ליטעראט, — אויך

א מענש ! — גנב'עט בענרלעך אין קראם, אדער קישקע אין יאטקע, קומט איהם תפיסה, גלייך מיט אלע, אויב אלע גנבים קומט תפיסה... און אז ער גנב'עט נישט, און די נעלע פרעסע, וואס קאן זיך נישט רערוואַרטען, ביז עס וועט ווירקליך עפעס געשעהען, און טראכט צופאר אויס, און עס קומט צו לשון־הרע, רכילות, בלבולים און אלערליי שקרים, — איז גאר בעסער !

דאס פובליקום, וואס דארף ווערען אויס קוח, דארף זיך צו אלעם ערשטען אפגעוועהנען פון א מאוס'ען פעהלער, און דער איז דאס, וואס דאס היינטיגע פובליקום, אויב עס עקזיסטירט, שאצט אדער צו הויך אדער צו נידעריג דעם ליטעראט, שאצט צו הויך אדער צו נירעריג יעדעס גערדוקטע ווארט. אדער עס איז „שמאכטעס", „מעשה־ביכלעך", בטלנות, אדער פארקערט: היילינע נביאות, נישט אפצואווענדען, נישט איבערצושפארען ! זיי ווייסען נישט, אז א מענש שרייבט, ווי א מענש רעך... ווי ווער און ווי ווען...

אין נעוועהנליכען לעבען, אז עמיץ עפענט דאס מויל און זאגט עפעס, שרייט מען נישט תוך כרי רבור : שקרן ! אויך שפרינגט מען נישט רריי מאל קרוש, פאר דער צייט. מען טראכט נאך, קלערט איבער, מען ווערט געוואר, מען זאמעלט ידיעות, — מענשליך ! וואס הייסט, זיך „פארלאזען" ? אבער דאס גערדוקטע האט נאך גאר עפעס אנרערש...

און דאס איז שלעכט !

דאס געשריבענע ווארט האט געקאנט קרעדיט האבען פארציימענס, ווען א פערער אין דער האנט האט געהאלטען אייגער אין; א שמאדט, און רוקא א גרויסער ! ווען מיניסטארען האבען צונגלענס סטעמפעל, אדער רעם אין טינט איינגעריכטען גראבען פינגער אויפ'ן פאפיר במקום א חתימה... ווען רער סינגעט האט נאך געשפילט די גרויסע ראלע, ווי אין אחשורוש'ס צייטען ! דאס גרוים, עהרליך און כמעט היילינ האלטען פון געדרוקטען ווארט, האט געהאט זיין ווערט אין גוטענבערג'ס און קוים עטוואס שפעטערע צייטען, ווען אויף דער וועלט זענען צוויי־דריי רוקען געווען, און פון אונטער דער פרעס פלעגען ארוים סאמע תנך'לעך, ש"ס גמרא'ס, אדער חכמת יון : אריסטו ! היינט — ווען אלע אינגלעך שרייבען, ווען אין אלע גאסען ווערט גערדוקט, דארף זיך דאס

פובליקום אויסלערנען: שאַצען! יערען נעבען זיין אָרט, זעלטען שענקען צוטרויען, זעלטען נעבען קרעדיט, און צו דעם הויכען שטאַפעל וועט דאָס פובליקום קומען נאָר אַ דאַנק דער נעלער פרעסע! דאָס קינר מוז פאַלען, עס זאָל זיך אויסלערנען גענן!

און דעריבער נאָך אַמאָל: לעבען זאָל די נעלע פרעסע!

זאָל זי זיך גראַבלען אין מיסט — אין פריוואַט־לעבען, מיין איך, עס שאַרט נישט! ראַנגענען קאָן זיין נאָר די אַלטע בעל־בת׳ישע מאָראַל פון קלאַפ־שלעסער און פאַרהאַנגענע פענסטער. די מאָראַל אין ויירענע, אָבער אין פאַר׳ראַס׳טע (זיים מיר מוחל) אונטער־רעק... די עטיק, וואָס איז נעוועז נאָר אַ שורד־מאַרקע פאַר חנופה, צביעות, שעהנהייליגקייט און כל־דאָס־בייז... נאָר די אַלטע גבאי׳טע מיט די יונגע חטאים האָט נעמאַכט אַן אונטערשיד פון „רשות הרבים“, „בפהרסיא“ און „אונטער פיער אויגען“, „בחדרי חררים“!

וואָס הייסט פריוואַט־לעבען? פריוואַט לעבט אַ מענש אין אַ מדבר, פריוואַט לעבט אַ פרוש אין וואַלד, אפשר נאָך אַ פּאַרציי־טינער בטלן הינטער׳ן בית־המדרש־אויוועז. אַ מענש צווישען מענשען איז קיינמאָל נישט פריוואַט. רער, וואָס טוט עפּעס, — בפרט דער, וואָס שרייבט! — לעבט געזעלשאַפטליך, עפענטליך; דער מוז זיין אָרער ניצליך אָדער שעדליך, און קאָן, ראַרף און מוז געשאַצט ווערען... אמת, ראָס אַפּשאַצען געהערט צום ריכטער, אַנ־קלאַגען צום פּראָקוראָר, מסר׳ן צום שפּיצעל און ראָס אויפהענגען צום תלין... זענען מאַקע דערויף פאַראַנען ספּעציאַליסטען אין דער ליטעראַטור אויך... אייגער האָט גלאָט ליעב וויוויסעקציע... מו איהם עפּעס!

און ווי געזאַגט, אָבער עפענטליך קריטיקירט דאַרפען ווערען אַלע און פריהער פאַר אַלע דער שרייבער! ווער עס רעדט צום פּובליקום, געהערט צום פּובליקום! דאָס פּובליקום האָט רעכט צו פאָרלאַנגען, מען זאָל פון ציים צו ציים אָראָפּציהען דעם טלית פון די, וואָס שטעהען ביים עמוד, ביים שלחן און ווייזען איהם, ווער עס בעט פאַר איהם, ווער עס בלאָזט איהם שופר!

אַמאָל פלעגט מען זאָגען: קריטיקירען ראַרף מען דאָס ווערק, נישט דעם אויטאָר. הייסט: דעם אויטאָר, צוליעב דעם ווערק! ווייל דאָס פּרצוף־פּנים פון באַהאַלטענסטען אויטאָר קריכט אַרויס

אין זיין ווערק פון צווישען די שורות, פון צווישען די אותיות! ווי ער זאל זיך נישט פארשטעקען, וועמען און וואס ער זאל נישט הייסען רערען, וואס ער זאל נישט וועמען לעגען אין מויל אריין,— ע ר רעדט עס, ז י י ן הארץ זאגט עס! און א ווארט — א מאן! א מאן — א ווארט! און דער פאשקוויל, אויב ער איז אן אמת'ער, איז נישט מעהר, ווי א שליסעל צו דער רעטעניש פון ווערק! מעהר און ניצליבער אבער איז דער פאלשער פאשקוויל! דער, ווי געזאגט, וועט ברענגען דעם לעזער דערצו, ער זאל זיך אויסלערנען שאצען, א מבין ווערען, דערקענען דעם אונטערשיד פון א לייב אין וואלד און א לייב אויף גאלדפאדען'ס סצענע, אין בר־כובבא; פון אן אדלער אונטער'ן הימעל, און אדלער אויף דער מטבע, א נעמאלטען אויפ'ן „מזבח“ און א פאפירענעם אויפ'ן טיש!...

ר' נחמן'קע זאגט: די וועלט איז באשאפען געווארען גאר צוליעב דעם ווילען, און דער ווילען — צוליעב דער ברירה! אויסקלייבען, וועהלען דארף א מענש!

און אצינד געהט ערשט דאס נעריכטע:

אויב די שרייבער האבען זיך דיפערענצירט, מוז זיך אויך דיפערענצירען דאס „פובליקום“. שוין צייט, עס זאל אויפהערען צו עקזיסטירען דער „הויפען“—לעזער! די „מאסע“! די מענגע „צייטונג־ און בראשורען־שלינגער“ (ביכער זענען אוים דער מאדע ארוים), וואס האבען קיין פיזאנאמיע — קיין פרצוף־פנים נישט,— עפעס א שטיק נ א ל א ר ע ט ע! יעדע א ר ט שרייבען, יעדער שרייבער אפילו מוז האבען זיין פובליקום. „נ. פ.“ — אויך!

און אויף זיין אייגען פובליקום געשטיצט, וועט דער שרייבער בלייבען מענש!

ער דארף אפילו נישט זיין פון קריסטאל, עס זאל איהם די געווארפענע בלאטע אפילו פייכט נישט מאבען... גענוג, ער וועט האבען א מענשליך פנים. — מיט איין ווארט: א פנים! וועל'ן ווענינגסטענס זיינע מענשען וויסען, אז אויפ'ן פנים וואקסט קיין בלאטע נישט, אז דאס איז דורכגעפאהרען א גביר פון דער „גנלע פרעסע“ און האט עס מיט בלאטע באשפריצט! און דער עולם זיינער וועט לויפען, ד ע ר —מיט וואסער, י ע נ ע ר — מיט א האנטוך — און שטיל, גאר אהן פראטעסטען...

דאכט זיך, אזוי איינפאך!

און דאַך ווילט איהר נעלע און גרינע מתים זעהען? פאַרמאַכט די לאַדען בייטאָג, לעשט אוים ליכט און לאָמפּען בייגאַכט, און שלאָגט טים א ריטעל אין א טעלער מאַנגעזיע! — אדער, וואָס אין וואַרשוי איז לייכטער צו באַקומען — רופט צוזאַמען עטליכע ליטעראַטען און לייענט זיי פאָר א שטיקעל „נעלע פּרעסע“ — — צי האָבען מיר קיין פּובליקום, צי קיין מענשליך פּנים נישט?

# מיכל גאָרדאָן.

אינ'ם „הויז־פריינד“ 1888 האט אונזער מיטרעדאקטאר פאל־נענרעם איבער מיכל גארדאן געשריבען:

„נאך איירער די וועלט האט נאלרפארענ'ם ליעדער געקענט, זענען שוין באקאנט און מיט ליעבע אנגענומען געווארען די ליעדער פון אונזער עלטסטען פאלקס־דיכטער ה' מיכל גארדאן. און ווער געדענקט זיי נישט עד היום, באטש זיי לעבען שוין פיערציג יאהר! ווער קען נישט דעם „איד אין גלות“, ווער האט עם נישט געזונגען, על כל פנים נישט געהערט זינגען!“

דער ה' דינעזאן האט באזוכט דעם געלעהרטען פרעריגער, דעם בארימטען אברהם ניינער, וועלכער האט איהם געפרעגט איבער דעם געגאנטען געריכט. ה' רינעזאן האט עם איהם פארגעזונגען און אויפגעשריבען. הער ניינער איז אנטציקט געווארען איבער דער סטראפע:

„זיי זאגען, זיי וועלען איהם לעשען דאס פייער וכו'“

„דיזע סטראפע,—האט זיך אנגערופען ניינער,—דארף יעדער איד אין זינען האבען בשעת ער זאגט שמע ישראל.“ ניינער אלס רייטש און רעפארמאטאר איז קיין גוטער פריינר (באמערקט ה' דינעזאן דארט) דעם זשארגאן נישט געוועזען, נאר „דער איר אין גלות“ מאכט אויך שונאים פאר גוטע פריינד.

מיכל גארדאן איז ווענינ באקאנט געוועזען אין דער ליטעראטור, ווייל אונזערע העברעאישע, פוילישע און רוסישע שריפטשטעלער מאכען שטענדיג א שווייג איבער טון און ווירקען פון זשארגאן, פאר דאס אבער האט יעדעם אידישע הארץ, נישט וויסענדיג זיין נאמען, זיינע ליעדער געקענט!

מיכל גארדאנ׳ס ליעדער זענען די ערשטע וועקער צו בילדונג געוועזען. זיין אידעע איז אמבעסטען אויסגעדריקט אינ׳ם ליעד:

„שטעה אויף מיין פאלק, גענוג דיר צו שלאפען,
שטעה אויף און מאך שוין דיינע אויגען אפען,
וואס איז אויף דיר אליין אזוי א גרויס פלאג,
וואס דו אליין שלאפסט ביז האלבען טאג... וכו׳"

וועלכעס מען האט דערנאכדעם איבערגעניצעוועט און אויף פארשידענע אופנים פארדארבען.

וואס האט מיכל גארדאן, ז"ל, געוואלט מיט זיינע ליעדער?

ער איז געוועזען אן אמת׳ער איד, ער באזינגט גאנץ חיים און אנטציקט זיך מיט׳ן אידישען העראאיזם, וואס טראגט זיין הייליגע תורה איבער ימים, ארויס פון שרפות:

„נישט רא א שטיקעל ערד מיט מענשען באזעצט,
וואס איז נישט געוועזען מיט מיין בלוט באנעצט,
וואס איטליכער בוים, וואס איטליכער שטיין
האט דארט נישט געהערט מיין ביטער געוויין.

— — — — — — — — — — — — — — — —

„מען האט מיך געטראטען, געבויגען, געבראכען,
געהאנגען, געטרענקט, געווארגען, געשטאכען,
מען האט מיך פיעל מאל אויפ׳ן ראד געצויגען,
מיין ווייב און מיין קינר פאר מיר אין די אויגען...

באוויינט ער די אידישע צרות, דאך!
דאך האלט ער זיך זיינס:

דורך וואסער און פייער געה איך מיר איבער,
דורך טויזענטער שפיזען, גרויס ווי א גבור,
איך טראג מיר מיין פאהן אהן פחד, אהן מורא,
אין הארץ מיין אמונה, אויפ׳ן פלייצע—מיין תורה!"

און דאך, פארשטעהט ה׳ מיכל גארדאן, איז פון דאנען נישט געדרונגען, אז אידען דארפען זיין אומגעבילדעט, אוטריין און אבער־גלויביש.

דער אבערגלויבען איז דער ציל פון זיינע וויצען, און די ווי־צען זענען גייציג פראַצענגט פון זיינע ליעדער.

אינ'ם ליעד „די בארד" וויינט א אידיש פרום ווייבעל נאך דעם מאנס בארד, עליה השלום! עס דאכט זיך איהר, אז נאך אזא חטא ראַרף די וועלט אונטערגעהן, זי וויל נישט א מאן אהן א בארד, זי וויל זי צוריק, זי טופעט מיט'ן פוס: די בארד זאל ווערען צוריק!

די בארד זאל מיר ווערען, ס'נעהט אונטער די וועלט,
די בארד זאל מיר ווערען, א האַר נישט געפעהלט.
די בארד זאל מיר ווערען, ווי געוועזען גדוים!
די בארד זאל מיר ווערען, איך האלט עס נישט אויס!

זי האט געהאט א פארגעפיהל, אז עס וועט זי אן אומגליק טרעפען: זי האט שוין לאנג א חשד אויפ'ן מאן, אז ער איז פון „יענע לייט", און עס האט זיך איהר פריהער גע'חלומ'ט זיין בארד און לעבען איהר דער שטן המשחית — א שער!

ווי לאנג זענען דען די צייטען, אז אלע האבען געמיינט, אז דער איד שטעקט נאר אין רעד בארד! די בארד איז הייליג! געגעל באהאלט מען, אדער מען פארברענט, א האר פון א אידישער בארד, נעהט העכער, זי לעגט מען אריין אין א הייליגען ספר אריין!

אונזער פרומע אידענע וויל זיך מיט דער בארד באגעהן אזוי, ווי מיט הייליגע שמות, אזוי ווי מיט א צאפ — א בכור — א נפטר! זי וויל געהן אויפ'ן הייליגען ארט, אויסגראבען א גריבעל און באהאלטען די בארד!

„געוואלד, — בעררעלע", בעט זי זיך גאנץ ערנסט, „האב נישט פאדאיבעל!"

ווי טראגיש־קאמיש איז דער אידישער פעטישיזם!

אינ'ם ליעד „דער גט" טרעט די אומגליקליכע פרוי נאך מעחר בולט ארויס. איהר מאן מוז אוועק קיין פאלטאווע, נישט חלילה זי אן ענונה צו לאזען, נאר פארקערט, עס זעהט אויס, ער איז נע־פאהרען פרנסה זוכען, ער פארגעסט נישט זיין ווייב; וואס קומט אבער ארויס, אז זי, זי איז דערפון נישט צופרידען! מעשים רעים טוט ער דארט, דער מאן, אז די בארר געשווירען, פארשטעהט איהר

אליין, נאר ליידער גאר עפעס, ער נעהט אפילו אמאל אהן א היטעל, ער פארגעסט אז לאנג „והוא רחום", קורץ און גוט —

— — — — א חרפה אין א זייט.
מען זאגט, אז ער איז — געווארען פארשייט!

דאס גאנצע אומגליק איז נאר דאס, וואס ער קאן לערנען. וואלט ער א גראבער יונג געוועזען, וואלט ער גלאט געזינדיגט. וואלט ער נאר א תקוה, א תקומה געהאט, מאלע א מענש זינדיגט, מען טוט אן עבירה, נאר מען טוט אויך תשובה; ער קאן אבער לערנען.

ער זאגט: מע מעג, אט־דאס איז די צרה —
וואס ער האט געלערענט א שטיקעל גמרא,
אלץ, וואס ער טוט, זאגט ער, מע מעג,
אזוי געהט ער אראפ פון אידישען וועג.

און ווי געטריי א אידיש ווייב איז, ווי ווייט זי גלויבט אין זווג, כאטש פערזענליך האט זי צו איהר מאן נאר און נארנישט— פעט זי א נס.

זאגט דארטען מיין מאן, אז איך, זיין ווייב, בעט
ער זאל מיר דורך אייך באלד שיקען א נס!

חסידים און חסידות און גוטע אידען לאזט ער פון מויל נישט ארויס, ער קאן זיי נישט מוחל זיין זייער עזות, זייער אומריינקייט, זייערע מדות רעות, זייערע פאלשע מופתים, גארישע מנהגים.

ער וויל בילדונג!

די זון איז שוין לאנג ארויס אויף דער וועלט,
זי האט אלע מענשען אויף די פיס געשטעלט,
נאר דו אליין ליגסט געקארטשעט, געבויגען,
און האלטסט נאך פעסט פארמאכט דיינע אויגען.

איהר מענט האבען א טענה, אז די זון שטעלט נישט אויף די פיס, אז אויב זי איז אמאל אויפגעגאנגען, איז זי שוין איצטער ווייטער פארדעקט מיט שווערע פינסטערע וואלקען—נאר צי שיינט די זון דער מענשהייט, צי נייז, צי נעהט איידאפא צוריק, צי פאר־ווערטס... מיר, מיר דארפען בילדונג! מיר, וואס ליידען שוין טויזענטער יארען דורך דער וועלטס דומהייט, מיר, וואס פראטעס־

טירען קענען נישט־דולדען, קענען פאנאטיזם, מיר טארען נישט אליין בלייבען אומדולדזאם און פאנאטיש, א נישט, וואס פאר א ווערט האט אונזער פראטעסט? מיר שרייען אויף נעצענדינער, מיר ליידען פאר דער איינהייט נאטעם, מיר לאזען זיך ברענען און בראטען, און קוועטשען דריי טויזענט יאהר דעם אחד, און —

ווי קומט צו דיר, איד, א נעראנק א וויסטער,
אז נאט דארף האבען צו זיך א מיניסטער?
פון וואנען נעמסט דו מלאכים? —
זיי זענען אפגעטער,
דאס האסט דו נענאשט פון עשו, דיין פעטער!

---

אונטער'ן ווארט בילדונג פארשטעהט ער נישט די פארם, נישט דעם „אויבערטאנטעל", ער מיינט אמת'ע מענשען־בילדונג, וועלכע:

...רייניגט דאס הארץ גאנץ גוט
פון שלעכטע מדות, פון אומריינעם בלוט,
עס מאכט א גוט קינד צו פאטער און מוטער,
עס מאכט צו מענשען א מענש א גוטער!

אויך ענדערט זי דעם פארקער מיט גאט:

צי ביסט דו משוגע, וואס ליגט איז דיין מוח?
וואס שרייסט דו צו גאט, וואס רייסט דו מיט כח?
דער גאט דער גרויסער ער איז דאך נישט טויב,
פון דעם קלענסטען ווערעמעל הערט ער זיין לויב...

---

עהרליך און פיין און נעבילדעט איז מיכל גארדאנ'ס מוזע. זי איז נישט פארקאסעט, נישט פארפעפערט, האט נישט קיין „פאר־סאליעטען פערערניק"...

איהם נעראט נישט אפילו קיין ראמאנטיש ליעד (די שטיפ־מוטער), זי איז די עכט אידישע מוזע...

מיכל גארדאן איז געשטארבען!

.1890

# מענדעלע.

די צייטען פון „איינציגע אין ווערקשטעל“ זענען פארביי, די
ליטעראטור האט זיך דיפערענצירט. ארטיקלען, קריטיקען, ערינע־
רונגען א. ד. ג. וועלען שרייבען אנדערע; איך וויל מענדעלע'ן עה־
רען. און דאס טוען אלע. דאס האט שוין דאס פאלק אין דער נרוי־
סער מאסע לאנג געטאן. דאס פאלק האט אנערקענט זיין ארבייט,
און רופט איהם אויף זיין ארבייט. נישט שלום יעקב אבראמא־
וויטש, דאס איז א פריוואט־נאמען, א נאמען פאר א ווייב און קינד
און פאר'ן מעטריקול־שרייבער און פאספארטען־געבער; דאס פאלק
רופט איהם „מענדעלע מוכר ספרים“, מאהבת הקצור — „מענ־
דעלע“, אויפ'ן נאמען פון זיין בעסטער קרעאציע.

און מענדעלע איז ווערט דעם כבוד.

ער איז נישט נאר דער עלטסטער צווישען די לעבעדיגע שריי־
בער, ער איז אויך, און דער עיקר — דער ערשטער. בוים זיך א
ליטעראטור, האט ער עס דעם עקשטיין געלעגט: ער איז דער ערש־
טער, וואס האט, נאך א קורצער צייט פון זייטיגע פראבען, אנגע־
הויבען שרייבען לשמה, ריינע קולטור־ווערטען צו באשאפען...

און ער איז דער ערשטער, וואס האט נישט באטראכט זיין
ארבייט אלס א בריק (אום מעגליכסט מיט זיין לשון צו רעדען)
„אריבערצופיהרען די קליאטשע, זי זאל זיך פאשען אין אן אנדער
פעלד.“

ער איז דער ערשטער, וואס האט געהאט ליעבע און אכטונג
צו זיין קינסטלערישען אינסטרומענט — צום אידישען ווארט, און
האט עס געהאלטען און דערצויגען ריין; נישט גערמאניזירט, נישט
רוסיפיצירט, נישט אפילו אייראפעאיזירט, און ער איז דעריבער
דער ערשטער, וואס האט א אידישען סטיל באשאפען, זיין אינדי־

ווידועל־אידישען סטיל. אזוי רעדט מענדעלע אויפ'ן לשון פון זיין פאלק... און רעדט ער העברעאיש. ווי ער מיינט — צוליעב דער אייביגקייט, און וועלכער ער וויל און האט דאס רעכט צו קלא־מערען, שרייבט ער אידיש־העברעאיש. אזוי וואלט דאס פאלק גע־רעדט, ווען עס וואלט גערעדט העברעאיש...

און ער איז דער ערשטער, וואס האט מיט אפענע, אידישע און מיט פרעמדע ברילען נישט פארשטעלטע אויגען אויפ'ן אידי־שען לעבען געקוקט; אידיש־איינגעארטיג עס געצייכענט, די פאר־ביגע שטעלען געמאלט, אהן פרינציפען־ און וואלקען־ און נעבעל־דייטעריי, דאס ארעמע אידישע לעבען — די ווירקליכקייט...

און ער איז געוועזן דער ערשטער, וואס האט רערזעהן, און צו זיין דור משכילים און קולטור־טרעגער געזאגט: „פון רעפארמען רעדט איהר, פון השכלה, — דאס פאלק דארף ברויט", און דער ערשטער, וואס האט דערזעהן דעם קהל'שען בעל־טובה אין זיין ווירקליכער געשטאלט און דעם אינטעליגענט פון זיין דור, בשעת ער כאפט זיך ארויף רייטען אויף דער קליאטשע...

און נאך אין פיעל, פיעל זאכען איז מענדעלע נישט נאר דער עלטסטער צווישען די לעבעדיגע, נאר אויך, און דער עיקר — דער ערשטער, דער ערפינדער, דער באשאפער.

זאל ער עס אונז נאך בלייבען אויף לאנגע, לאנגע יאהרען!—

.1910

# שלום עליכם.*)

שלום עליכם איז רער פאפולערסטער פון אלע אונזערע שרייבער און דיכטער; ער איז דער מייסטער פון לאבען, און רי גרויסע מעהרהייט — זיינע אנהענגער; ווער עס קען לעזען, מיט גאנץ קליינע אויסנאמען — זיין לעזער, און ווער אויערען האט, אז ער אליין לעזט — זיין צוהערער, פולע הייזער: באלד דעם ערשטען טאג, נאב'ן ערשטען אנאנם — אויספארקויפטע בילעטען.

ווער איז פון שלום עליכם'ן נישט צופרידען?

דער אסימילירטער איר, וואס לעכצט נאך א אידיש ווערטעל, נאך א פיין־געשפיצטען אידישען וויץ, נאך א אירישען ביטול־ווארט — געפינט עס ביי שלום עליכם'ן.

דער בעל־הבית שמעלצט זיך אין שלום עליכם'ס ווערק, ווי א קניידעל אין פוטער. אן ענטוזיאסטישע אויפנאמע האט נאך פרייהער שלום עליכם געהאט אין בעל־הבת'ישען „חובבי שפת עבר." ביים לאבען פארדייהט זיך ראס עסען זעהר גוט. רער מאנען ארביים פיין.

און נירעריגער גענומען, ווער נאר ברויט האט, א טרוקען עסען, אהן פאר,־ ביי־ און נאך־געשמאק, און — אזא לעבען, באקומט ביי שלום עליכם'ן ראס, וואס איהם פעהלט, רעם צושמאק, און ער שמייבעלט ליעבליך איבער זיין ווערק און איז איהם ראנקבאר.

נאך נירעריגער — דאס פארטרויערטע, פארשאטענע באדערפטיגע שטיק לעבען, אהן א שטראל פון פרייד, אהן רער האפנונג פרייער אמאל צו אטעמען, א העבערען, גליקליבערען לאך צו טון,

---

*) א רעדע געהאלטען דעם ערשטען טאג פסח, 1913.

מיט אויגען — פארבינגערע שטראלען איינצוזאפען, מיט די אויערען — קלינגענדיגערע טענער צו פארנעמען, מענשען אפהענדיגע, פארוואָרפענע — געפינען זייער טרייסט אין אוועק מאכען דאס לעבען מיט דער האנט אינ׳ם ביטול... אינ׳ם ביטערליכען אויסלאכען — דאס איז דאך ערשט רעכט שלום עליכם! ער שמעלט דאך אלץ אויפ׳ן קאפ, יעדע האר פון וואנס לאכט, יעדע באוועגונג, וואס ער מאלט אזוי נאריש־לעבערליך.

נישט צופרידען מיט שלום עליכם׳ן קאנען נאך זיין די ראדיקאלע בלל־טוער... און דוקא די נישט זעהר קלוגע, די גאנץ קורצזיכטיגע...

— אז אפלאכער! — זאגען זיי אויף שלום עליכם, — וואס גיט ער? — פרעגען זיי — צו וואס רופט ער?

דאס זענען די, וואס מיינען, אז זיי טוען און אז זייער טון, ווי יעדעס מענשליך טון, איז א גאנץ אפגעשלאסענע ארבייט. דאס לעבען איז א שטיק ליים, זיי — די טעפער, און כחומר ביד היוצר. ווילט איהר — סקולפטארען, מאכען א קונסטווערק...

שלום עליכם טוט נישט, רופט נישט צו טון, ער לאכט... און זיי, ווי האבען נישט קיין צייט צו לאכען — אייביג פארנומענע הענט; יעדע סעקונדע האט איהר ארבייט!

דער עטוואס ווייטזיכטיגערער סאציאלער מענש וועט עס נישט זאגען. ער ווייס „לא עליך המלאכה לגמור“; נישט איין מענש און נישט אפילו איין געשלעכט הויבט אן און ענדיגט אן ארבייט, נישט ער איז מחויב, נישט ער קאן עס טון.

אין אלט־פויערישען הויז פלעגט געטאן ווערען אלץ, אנגעהויבען און אלץ פארפערטיגט. דער פויער האט געאקערט, געבראניעט, געזייהט, געשניטען, ארפגענומען פון פעלד, דורכגעארבייט מיט׳ן צעפ, געמאלען צווישען שטיינער, געבאקען און אויך געגעסען... די פויערטע האט פלאקס פארזייהט, פלאקס געשניטען, אין וואסער געווייקט, אויסגעקלאפט, פעדים געצווירען, אויף העמדער און ליילי־כער און קליידער־שטאף געוועבט און אויפגענעהט, און דאס הויז האט די אויסארבייטונג געטראגען. און דער, וואס האט דעם בוים אין וואלד אויסגעהאקט, האט איהם אפגעשיילט, צוזעגט, צושני־טען, א הויז געבויט און אליין אין הויז געוואוינט. וואקסט די קולטור, שטייגט די ארבייט, שטייגט זי איבער די פאר הענט פון

איין מענש, און די עטליכע פּאַר הענט פון איין הויז, און אויך דעם ווייסען און פאַרשטאַנד פון איין קאָפּ און פון עטליכע קעפּ. ווערט איין זאַך אויף טויזענטער פּאַר הענט צוטיילט, אויף הונדערטער פלעצער געאַרבייט, ווערט זי איבער הענט און פלעצער צו־שפּרייט.

די סאָציאַלע אַרבייט ווערט נאָך פּאַרטיילט צווישען צייטען, דורות — געשלעכטער גאַנצע זענען איהרע אַרבייטער.

די קולטור — אַז אַלטע געביידע, האַלט שטענדיג אין איבער־געבויט ווערען... קראַצט איינער, און אַפּט א געשלעכט, דעם שי־טעל פון מויערען און ווענט. באַזייטיגט איינער דאָס פּוילע, דאָס קראַנקע. א צווייטער — גאַנץ אָפט א דור — קנעט ליים, נאָך איהם א צווייט געשלעכט ברענגט ציגעל... קומען נאָך צייטען, ווען עס ווערט געבויט.

דער אַפּלאַכער שפּילט זיין גרויסע סאָציאַלע ראָליע — ער איז דער שימעל אַפּקראַצער. נאָכ'ן אָפּגעקראַצטען שימעל זעהט זיך ערשט דאָס פּוילע, דאָס קראַנקע אַרוים — ווילען זיך שוין באַוויי־זען הענט צו באַזייטיגען, און דערנאָך הענט צו פאַרבויען.

אַז אַפּלאַכער איז שלום עליכם.

לאַכט ער אויס דאָס נוטע? דאָס געזונטע? דאָס שטאַרקע אין אונז און ביי אונז?

ער לאַכט אויס די לופט־שלינגענדע נע־ונד'ניקעס אין תהו ובהו.

זיי ווערען דורך איהם אַנטפּלעקט. אַנטפּלעקטע מוזען זיי געהן... אוועקגעהן...

קענט איהר שאַך־שפּיל? קענט איהר די פיגורען אויפ'ן שאַך־ברעט? זיי שטעהען, זיי געהען, (נאַטירליך, פון שפּילער געפיהרט), זיי פּאַלען אַמאָל אָבער אויך, פון שפּילער־האַנט, פון שפּילער־טיש. פּאַרקייקלען זיך ערגעץ, און נעה זוך זיי.

זענען פאַראַן הוילע פיגורען מיט א בלייערל, א געוויכט אינע־ווענינ, זיי שטעהען שלעכט, וואַקלען זיך אין גאַנג, קאָנען אָבער קיינמאָל נישט פאַלען, אוועקקייקלען זיך און ערגעץ ליגען בלייבען; קאָנען קיינמאָל צו זייער רוה נישט קומען... דאָס בלייערל שטעלט זיי אויף. שטעהען זיי, געהען זיי וואַקלענדיג, פּאַלען און שפּרינגען אויף און וואַקלען זיך ווייטער...

ראס זענען די מנחם־מענדעלס, שלום עליכם'ס פיגורען, מיט וועלכע ער שפּילט, און איהר — לאכט, און מיר — לאכען...

איז דאך צווישען הוילע שאך־פיגורען מיט בלייערלעך אין שלום עליכם'ס מנחם־מענדעל אן אונטערשיר פאראן. די שאך־פיגורען, הילצערנע פיגורען, זענען נאר קאמיש; די לעבערינע מנחם־מענדעלס, דערהויפּט — א טביה דער מילכיגער — זענען לעבערליך, אבער דערצו טראגיש.

זאל זיין טראגי־קאמיש.

זיי לעבען דאך, זיי ליידען.

לאכט איהר דעריבער ביי שלום עליכם'ס ווערק, און, אפשר פון אייך אליין אומבאמערקט, פארדרעהט זיך אייך א טרער אין אויג, א שטילע טרער.

תפוצות ישראל לאכט; זאמעלט ראס געלעכטער, ווערט איהר האבען קאסקאדען־געלעכטער.

זאמעלט די שטיל־פארדרעהטע טרערען, ווערט איהר האבען א קרישטאלענעם טרערען־טייך...

פארטייטשט איך גוט שלום עליכם'ן?

אז זיינע ווערק — בין איך זיכער; וואס איהם אליין אנבאלאנגט — נישט שטענדיג ווייס דער ארבייטער פון טייל, רעם פלאן פון גאנצען...

איך וואלט געקאנט מיין אויסטייטש באגרינדען, איז אבער ווייניג, וואס שלום עליכם האט צו אונז געקאנט קומען נאך זעקס יאהר קראנקהייט — מיר ווילען, אז ער זאל אונז לאנג, לאנג געזונט זיין, לאנג לעבען און אונזער שימעל קראצען... דערצו איז די לופט אין אונזערע הייזער, אויף אונזערע פארזאמלונגען נישט גינסטיג... האב איך א געראנק געווארפען, און איהר, אויב איהר ווילט, אנטוויקעלט איהם אייך, לעזט נאכאמאל שלום עליכם'ן, קאנטראלירט מיין געדאנק און פרואווט אוים מיין געדעכטניקיים... איך האס אפּ און רוף, און בעט אייך מיטרופען:

געזונט זאל זיין שלום עליכם!

# יעקב דינעזאָן.

יעקב דינעזאָן איז מעהר מאָראַליסט — זיטען־לעהרער, אלס קינסטלער. וועניגסטענס האָט זיך דער קינסטלער אין איהם אניד רערנעלאָזט אויף די קני פאַר'ן ליבעראַלען זיטען־לעהרער, און האָט זיך איהם אונטערגעוואָרפען, אונטערגעגעבען, ראַכט זיך — אויף לעבענס לאַנג!

פריהער — הייסט עס — זיי ליבעראַל, גוט און עהרליך, דערנאָך ערשט — שעהן!

דאָס בילד, די סצענע, דאָס שטיק אפּגעמאָלט לעבען איז נישט קיין צוועק פאַר זיך אליין. — דאָס לעבען האָט אפשר פאַר זיך אליין קיין תכלית נישט! — דער קינסטלער מוז דעריבער לכל הפּחות באַווייזען — אַז איין מענש דעם צווייטען דאַרף ליעב האָבען; אַז איין געשלעכט דאַרף דאָס צווייטע נישט אונטער־דריקען; אַז פאַלשקייט, אינטריגען, פאַנאַטיזם א. ד. ג. שלעכטע מדות פיהרען נישט צו קיין נוטס; אַז „אידישקייט“ איז נישט דער אבערגלויבען אין צדיקים און זייערע נסים... וכדומה.

צי פאַרקלענערט דאָס דינעזאָן'ס ווערט?

געווים נישט. מען דאַרף נאָר קענען וואָרפען א ריק־בליק אויפ'ן אידישען לעבען פון פאַר גאָר דער לעצטער צייט... מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען און זיך גוט פאָרשטעלען: דלפנ'סע, סבצנ'סס, זיבען־בלאָטיווסע, ציאַכנאָווסע, און דעם גאַנצען תהו ובהו פון אלטע אידישע „שטעדט און שטעטלעך.“

איידער עס האָט פון דעם „תהו ובהו“ זיך געקענט ארויס־ארבייטען א וועלט, א מעהר אדער וועניגער אָרגאַניזירטע, נאָר מיט אלערליי פאַרשידענע נאַציאָנאַלע, קלאַסען־און מענשליכע אינטערעסען, אדער פאָרשטעלונגען פון אזעלכע; איידער עס האָ־

בען זיך נעקאנט אפשטיילען די וואסערען אויף אויבען און אונטען; ווי עס איז — אויסנעשטערענט ווערען א הימעל אין דער הויך, און פרוכטבאר ווערען א ערד אין דער נידער... ווייל דאס „יונגוואַרג“ — דער נאמען פון דער ניי־אויפשטעהענדינער וועלט — האט נאך אפהענדיג און פארמאטערט נעפיילט און איז איינפאך פארנאַנגען אין פאנאטיש־אונטערדריקענדער פינסטערניש, — האט נעמוזט פריהער עמיץ קומען און זאגען: „יהי אור“! — ווארפען א ליכטיג־ווארעמען שטראל איבער׳ן „חושך על פני תהום“. פריהער — ליכט. דערנאך ערשט וועט מען זעהן, וואס צו טון...

און אפשר שטעקט דער פעהלער נאך אין דער שפראך. אויב די שפראך — און אין דעם האט אין אנהויב פון רינעזאַנ׳ס ארויסטרעטען קיינער נישט געצווייפעלט. — אויך די שפראך איז פאר זיך אליין קיין צוועק נישט, ווייל זי האט קיין צוקונפט נישט — מוז אויך איהר ליטעראטור עקזיסטירען נישט פאר זיך אליין, נאר עמיצען ארער עפעס צו דינען... עמיצען אדער עפעס צוליעב.

ווי עס איז, דעם „יהי אור“ האט רינעזאן געזאגט.

אויך איהר וועלט, איז רינעזאן קיין זון נישט, קיין לבנה און קיין שטערן נישט. די דארפען פילייכט ערשט קומען. ער איז אבער אויך נישט קיין פאלש פלעמעל, וואס הויבט זיך און ציטערט איבער דער בלאטע, אראפצופיהרען דעם וואנדערער פון וועג... אויך נישט קיין נידריג־פליהענדער *ג ל י ה ־ ו ו א ר ע ם*! ווי אויך קיין פונק, צווישען די לויזע פונקען, וואס הויבען זיך, און פליהען מכלומר׳שט, איבער א שמידעריי, און גיבען אמאל א ליעבע סעקונדע דעם אויג, אבער קיין מאל גאר נישט דעם הארץ. און אויך נישט איינער פון די פונקען, וואס די ווייטער־לויפענדיגע לעבענסלאקאמאטיוו ווארפט הינטער זיך... און קימערט זיך נישט, נישט אום זיי, נישט אום זייער באנעגעניש...

אויב איהר וועלט, איז רינעזאן קיין אדלער נישט. ער פליהט נישט אזוי הויך, ער האט נישט אזוינע שטארקע פליגעל און אויך קיין שארף אדלער־אויג, ארומצונעמען ווייטערע האריזאנטען... ער איז אבער אויך קיין נאכט־פויגעל נישט. וואס אנטלויפט פאר׳ן

ערשטען שטראל פון טאג, און אויך נישט קיין פאפוגאי פון פרעמדע, נישט איבער־געלעבטע ווערטער...

אן עהרליכע, געטרייע שוואלב איז ער. אן עהרליך־געטרייע שוואלב, וואס איז גרייט יעדע סעקונדע זיך אויסצורייסען ביז דער לעצטער פעדער אויף דער ברוסט, אונטערצובעטען דעם יונגען געשלעכט, עס זאל איהם ווארעם זיין אין נעסט... וואס איז געפאסט יעדע רגע, אויפצורייסען זיך די ברוסט, און אנקארמענען דאס יונגווארג מיט'ן אייגענעם ווארעמען בלוט...

נישט קיין זון, נישט קיין לבנה, נישט קיין שטערן, נאר אן אמת־בשר נשמה־לעמפעל, וואס האט זיך אריינגעשטעלט אין פארפינסטערטען ארון קודש, פון וועלכען מען האט שוין די ספרים ארויסגענומען, און עס איז נישט מעהר געבליבען דערינען, ווי דאס קדוש־ און הבדלה־פלעשעל... אן אמת־בשר נשמה־ליכט, מיט וועלכען ער איז אראפגעגאנגען אין טיפסטען תהום אריין, וואו דער ז א מ ע ן פון נייעם לעבען האט געפוילט. און האט עס געוועקט צום אויפלעבען, צום בליהען און ארויסבליהען איבער'ן תהו ובהו...

איבער דער צייט פון פינף־און־צוואנציגיעהריגער ליטערארישער ארבייט, האט דינעזאן דעם אידישען לעזער נישט פיעל נעמען געגעבען: „דער שווארצער יונגערמאנטשיק", „א שטיין אויפ'ן וועג", „הערשעלע" און „יוסעלע" און א פאר קלייניגקייטען. אבער דאס, וואס ער האט געגעבען, האט דאס פאלק גענומען און געלעזען, און איבער און איבערגעלעזען. עס האט געפיהלט, אז דאס איז זיין, „א פלייש פון זיין פלייש, א ביין פון זיינע ביינער." און עס איז אין פאלק, ווי זאלץ אין וואסער, צוגאנגען. עס איז אין זיין בלוט אריין. קרעפטיגערס וואלט נאך זיין מאגען נישט פארדייעט. גרעסערס — זיין מויל נישט פארנומען. און קיין טראגעדיע האט נאך אזוי פיעל טרערען נישט אויסגעפרעסט, אזוי פיעל הערצער נישט צוריסען און פארציטערט געמאכט, ווי דאס ארעמע, דערשלאגענע „יוסעלע", וואס רופט זיך אליין „גנב"; אין עס האט נאך קיינמאל נישט אויפגעפלאמט אזא גערעכטער האס קעגען אל־דאס־בייז און שלעכטס, ווי קעגען „שווארצען יונגערמאנטשיק", וואס האט מיט זיינע אינטריגען אומגעבראכט א פאמיליע פון אומשולדיגע נפשות. און ביז'ן היינטיגען טאג, קען זיך

דער „לעזער“ נישט בארוהיגען, נישט וויסענדיג דעם אמת'ן סוף פון שעהן־זינגענדיגען, ליעבען און געטרייען „הערשעלע“, וואס מען האט נאר מיט'ן עטאפ פון שטאדט ארויסגעפיהרט, און מען ווייסט נישט עד־היום: וואוהין, און — צי לעבט ער נאך, און ווי אזוי?

דינעזאן איז א מאראליסט. ער וויל דעם לעזער גוט און עהרליך מאבען. ריין־וואשען זיין נשמה, קלוג און קלאר מאבען זיין קאפ. דער קינסטלער האט זיך דעם זיטענלעהרער אונטער־געווארפען, און ער נויט זיינע העלדען, זיי זאלען ערקלערען זייערע געליעבטע — בדי דער אידישער לעזער זאל הערען — וואס עכט־אידישקייט איז; וואס גוט און פרום הייסט. און אויך: פון וואנען עס פאלט רעגען און שניי, וואס וואלקען זענען; פארוואס איז טיילמאל דער היטעל רויט... נאר ער קומט נישט אויף בל־ישראל מיט דער בייטש, ווי דער אלטער משביל, און שווישטשעט איהם נישט איבער די פלייצעס... ער איז קיין „בייזער מלמד“ נישט, און אויך קיין „אלטער אפקורס“ מיט'ן אויסגעלאסענעם געלעבטער נישט! און אויך נישט קיין פראקוראר, וואס רעבענט אויס דעם באקלאגטען דעם „על־חטא“ מיט א שטאלצען נצחון אדער פאר־ביטערטער ענג־הערצינקייט. ער רעדט ווי א ברודער צום ברודער, גאנץ אפט ווי א מוטער צום געליעבטען קינד — פון הארץ צו הארץ, מיט א ליעב־הארצינער טרויער און טרויעריגער ליעב־הארצינקייט... אזוי ווי מען האט געדארפט רעדען צו די קראנקע געטא־קינדער... דער קינסטלער אין איהם קנים פאר'ן מאראליסט, אונטערגעגעבען, אונטערגעווארפען. אבער נישט געבונדען און ווי א קרבן אויף זיין מזבח פארברענט. ער לעבט און אטעמט. מיר פיהלען זיין אטעם, מיר הערען זיין פולס איבעראל... שוואכער ביי די הויפט־פערזאנען, ביי די העלדען, וואס דער מאראליסט הייסט טון זיין ווילען און ארומשוועבען אין דער לופט, אהן פלייש און ביינער, און רעדען וועגען השכלה, חכמה, אידישקייט, יהדות און עהרליבקייט... פאר דאס אבער שטארקער אין די נעבען־פער־זאנען, אין די ביי־מענשען, פון וועלבע דער מאראליסט לאזט גאנץ אפט אראפ זיין אויג, פארגעסט אן זיי, און לאזט זיי בליהען און וואקסען ביז צום פיינסטען ארטיזם. — זאגאר אין „שווארצען יונגערמאנטשיק“ טרעפט איהר די קהל'שע מומע, א קאבאליסט, שמעיה דעם בטלן, פיסקאלניק דעם מלמד... די אלטע דינסט אין

„אבן נגף“. סצענען פון אסירישען לעבען, בילדער פון בית־המדרש, דאס פיהרען איבער׳ן מארק א פארזינדיגט מיידעל, און דערגלייכען זאכען, וואס רייסען זיך דינעזאנען פון דער האנט ארויס, און לעבען זייער באזונדער, איינענארטיג לעבען, דעם מא־ראליסט ווי להבעים...

נאך פינף און צוואנציג יעהריגער ארבייט האט דינעזאן׳ס נשמה א נייעם פריהלינג באקומען. דער „פריינד“ האט זי נאך אמאל בליהען געמאכט. א נייער דאמאן „אלטערל“, מאסען ביל־דער און נאוועלען, יום־טוב׳דיגע דערצעהלונגען... איבערגעבען די־נעזאנ׳ס נייע, ווי זיינע אלטע זאכען, איז באשיינפערליך איבעריג: ער איז דער געלעזענסטער פון צווישען אלע, דער באקאנטסטער צווישען אלע. עס איז זיך שווער פארצושטעלען א אידישען לע־זער, וואס זאל דינעזאנ׳ס זאכען נישט קענען.

עס קאן אונז מאטערען אן אנדערע פראגע:

זיינע לעצטע זאכען שרייבט דינעזאן היינט! היינט, ווען פון „תהו ובהו“ איז שוין א אידישע וועלט אדויס, ווען עס האט אויפגעבליהט א ניי לעבען מיט ניי ברענענדיגע לעבענס־פראגען.

צי איז דינעזאן מיטגעגאנגען?

ניין! ער האט זיך נאך טיפער אראפגעלאזט... טיפער, פון וואנען דער אלטער „תהו ובהו“ איז נאך נישט פארשוואונדען גע־ווארען; טיפער, צו די נידעריגסטע ספערען און שיכטען פון פאלק, וואס קאנען אהן איהם נישט באפרייט, נישט אויסגעלייזט ווערען פון דער פויל־פייכטער פינסטערניש! און דארט אונטען זענען נאך די מאסען, דאס רוב פון פאלק... די טויזענטער, און צעהן טויזענ־טער נשמות, וואס בעטען זיך תקון...

א נוטער איד האט אמאל דערצעהלט, ווי ער האט געבלאנ־דזשעט צווישען די הרי־חושך, וואו די מענשען האבען אין דער איי־ביגער פינסטערניש במעט די אויגען פארלוירען, ווייל מען האט נישט מיט זיי וואס צו טון געהאט; ווייל מען האט נישט געוואוסט, ווי אזוי זיי צו באנוצען. און וואס עס ברענגט קיין נוצען נישט, דאס ווערט נישט געשפייזט, דאס פארגעהט מיט דער צייט... און דער עולם, וואס האט שוין לאנג נישט געקאנט די אויגען באנוצען, האט געלעבט מיט די אייערען, ווי די האזען; מיט׳ן חוש־הריח, ווי די הינט, און האט געקלעטערט אין דער פינסטער פון איין לעבענס־

צווייג צו דעם צווייטען, ווי א פויל־טיר. און אז עמיצער האט דערצעהלט, אז ער האט פון עלטער־עלטער זיידען, פון דער צייט פאר'ן גלות, צו די הריחושד א קבלה, א מסורה וועגען ליכטיגע טעג, אדער א חלום וועגען ליכטיגען גן עדן, האט מען געלאכט, אדער געזאגט : עס האט אמאל געמוזט זיין אזא קרענק, אזא אונטערגאנג, אזא שגעון אפשר ! און די יחידי סגולה, וואס האבען נאך געהאט א זכר פון אלטע גוטע צייטען, זענען פארשווינען געווארען, און זייער גלויבען אין ליכט, און אין חלומות פון ליכטיגען גן־עדן, נאך טיפער אין די הערצער באהאלטען. און אז ער, דער גוטער איד, האט אהין פארבלאנדזשעט, האט ער די יחידי סגולה אויפגעזוכט, צוזאמענגערופען, און געזאגט : „קומט, וועלען מיר זיך צוזאמען ארויסארבייטען פון דער פינסטערניש, און געהען צום ליכטיגען טאג, צום ליכטיגען גן עדן.“ און מאנכע, וואס רעד גלויבען האט אין זיי נאך פעסט געלעבט, האבען געפאלגט און מיט'ן רבי'ן געגאנגען, געגאנגען און געגאנגען. איבער טאל און איבער בערג, איבער וואלד און איבער פעלד. אהן ליכט, אהן א וועג, איבער שטיינער און איבער דערנער... און צווישען חיות רעות. —

און אויפ'ן וועג זענען מאנכע פון די עטליכע מנינים יחידי־סגולה אפגעפאלען, מיד און אפגעשוואכט, מיט געראניעטע פיס. האבען זיי זיך אראפגעלאזט אויף דער ערד, און געזאגט : ווייטער געהען מיר נישט ! מיר ווילען נישט אויסהאלטען, דא ווילען מיר שטארבען, ווייל די גרענעץ פון מענשליכען לעבען איז נעהנטער פאר דער גרענעץ פון דער פינסטערניש ! אנדערע האבען גע־שאלטען פאר צארן, און פאר צארן אין ליכט פון גן־עדן געלייקענט. נאך אנדערע האבען זיך געבעטען : ווער וועט זיין אונזער ראש, וואס וועט אונז פיהרען צוריק?...

און גאנץ ווייניגע זענען ווייטער געגאנגען ; קרעכצענדיג, פול מיט ספקות, פול טרויער... נאר איינער צווישען זיי, דער עלטסטער, האט איבער דער גאנצער צייט כמעט געהאלטען זיך ביים רבין'ס גארטעל, טריט ביי טריט נאכגעגאנגען, און האט קיין איינציגע סעקונדע נישט געצווייפעלט, קיין רגע אין בעם נישט אריינגעפאלען, איבער'ן גאנצען וועג קיין בייז ווארט נישט געערט.

מיט געראַניעטע פּיס איז ער נעגאַנגען און אין דער פֿינסטער צום ווייטען ליכט געשמייכעלט...

אַבער שפּעטער, אַז דאָס ליכט האָט זיך באַוויזען...

אַז מען האָט פֿון ווייטען אַ זילבער־שווידיגען נעבעל דערזעהן; און אינמיטען דעם נעבעל — אַ גרויסע, העלע לויטערקייט; און אינמיטען דער לויטערקייט, — אַ שניי־ווייס געדעקטען טיש, מיט גאָלדענע שטולען אַרום טיש; מיט צדיקים, וואָס האָבען גע־שיינט ווי די זונען, אַרום טיש; מיט די קרוינען אויף די צדיקים'ס קעפּ...

דאַמאָלט האָבען די, וואָס האָבען פֿריהער געשאָלטען, גע־צווייפֿעלט, געוואַקעלט זיך, געוואָלט זיך אַראָפּלאָזען און שטאַר־בען אין דער פֿינסטער — אָנגעהויבען טאַנצען, זינגען, און מיט טאַנץ און געזאַנג לויפֿען צום ליכט, צו דער העלקייט, צום באַווי־זענעם גן עדן...

— געראַרפֿט האָט מען — האָט דער גוטער איד געזיפֿצט — אָנהויבען פֿליהען, זיי האָבען אָבער קיין פֿליגעל נישט געהאַט, זע־נען זיי געלאָפֿען...

אַבער דער אַלטער, דער שטענדיג־צופֿרידענער, גלייכהאַרצי־גער; דער, וואָס האָט איבער דער גאַנצער צייט, אין דער פֿינסטער־ניש, צום ווייטען, געהאָפֿטען ליכט געשמייכעלט, — דער האָט פּלוצלונג אָפּגעלאָזט דעם רבין'ס גאַרטעל און האָט־זיך אָפּגע־שטעלט.

— וואָס איז מיט דיר? — פֿרעגט דער גוטער איד, — האָסט דאָך שוין דעם גן־עדן באַשיינפּערליך פֿאַר די אויגען?

— אמת, — האָט דער אַלטער געזאָגט — אָבער וואָס וועט זיין מיט יענע?

און ער האָט זיך איבערגעדרעהט און געוויזען צו די הרי־חושך... ער וויל אָהן זיי ווייטער נישט געהן, ער מוז צוריק, און זאָגען זיי, וואָס ער האָט געזעהען... זיי וועלען איהם גלויבען... מיט זיי צו־זאַמען וועט ער קומען!... ער וועט מיט'ן לעצטען קומען...

און ער איז צוריק געגאנגען צו די הרי־חשך...

— און דער — האט דער גוטער איד געזאגט — איז געוועז, אויב נישט דער גרעסטער, על כל פנים — דער בעסטער פון אלע... יענע האבען נאר געקאנט פערבלאנדזשען...

.1908

1.

# כאַסיע די יתומת.

**אַ דראַמע אין פיער אַקטען פון יעקב גאָרדין.**

דאָס הויז טראַכטענבערג איז אַ רוסישער מיטעל־שטאַרט איז אַ פרעהליך הויז. עס ווערט געשפּילט פּראַפעראַנץ, מאַנכמאָל, אַז דאָס אירישקייט דערוועקט זיך — אַקע, טאַטע־מאַמע הייסען נאָר „יואל" און „פריידע"; די קינדער — „וואָלאָדימיר" און „קאַראָלינע". עס לוינט זיך מיט זיי צו באַקענען. אונזער ר' יואל איז אַ „קאָמערטשעסקי" מענש—ער האָט געמאַכט אַ פאַרמעגען, פרענט'ן: ווי אַזוי? ניט דער טאַכטער צעהן טויזענט רובעל נדן, און איז „פּרעדסיעדאַטעל" אין סוחר'ישען קלוב. ער פיהרט אויך די תלמוד־תורה, און האָט באַקומען פאַר זיין ארבייט און עטליכע רובעל אויף בילדונג — אַ מעראַל. מיט דער סטענגע פון מעראָל צ׳שיידט ער זיך קיין רגע נישט — ער טראָגט זי שטענדיג אויפ'ן האַלז.

און ר' יואל איז ווירקליך אַ „קאָמערטשעסקי" מענש, אַ מענש מיט „קאָמערטשעסקע פּרינציפּען" און דאָס באַטייט: וואָס עס נוצט איז גוט. צדקה קאָן אויך אַמאָל נוצען, אויב מען באַקומט פאַר איהר אַ מעראַל. פּרינציפּיעל איז ער ליבעראָל. איבערהויפּט, וואָס אנבאַלאַנגט חבר'קייט מיט דער דינסט, אויב זי איז נאָר נישט זעהר העסליך, און פון דעם קומט ארויס אַ צווייטער פּרינ־ציפּ: מען דאַרף ת י י מ י ש ע אין שטוב נישט אריינלאָזען; פרעמדע איז לייכטער פּטור צו ווערען. אויך דייט ר' יואל ארום אויף „פּאַראַלעלען" — זיין שטראָף פון נאָט. אַמאָל פלעגט נאָט שטראָפען עם־הארצים מיט לשון־קודש ווערטער, היינט אין די קול־טורעלע צייטען, — מיט אויסלענדישע. און ר' יואל שיט מיט

„פאראלעלען". זעלטען וואו מען דארף, ניינציג פראצענט וואו מען דארף נ י ש ט. אלס ליבעראלער קאמערטשעסקי מענש, וואס דארף אליין לעבען, און לעבען מיט כבוד און מיט אפענעס, און באהאלטענעם בעלי־הבת'ישען עולם־הזה — איז אונזער ר' יואל נישט קיין זעהר הייסער טאטע, פאר דאס אבער א זעהר אויפמערקזאמער מאן, און ביי וואס עס מאכט זיך פאר א שטיקעל סקאנדאל אין שטוב און איבערהויפט, ווען ער אליין איז שולדיג דערינען, און פריירעל עפענט דאס מויל און וויל זאגען שטראף־רייד, — ווערט ער זעהר ווייך, זעהר גערירט און בעט זי רחמים, זי זאל זיך, חס ושלום, נישט נעמען צום הארץ, דערמאנט זי אן די טראפען, וואס זי דארף נעמען — —

ווארים, „פריידע" איז, נישט פאר אייך גערעכט, א שוואך מענש, ווי עס פאסט פאר אן אויפגעקומענע גבירה; זי ליידט אויפ'ן הארץ און טאר זיך נישט רעגערווירען, זיך קיין ענמת־נפש נישט צולאזען. זי איז אויך אין דער מאס קורצזיכטיג און לאזט די פענסנע פון האנט נישט ארויס, „פריידע" קוקט, אבי זיך דאס הארץ נישט צו ריהרען, אויפ'ן מאנס און וולאדימיר'ס חטאים דורך די פינגער, אבער א מויל אויף שרייפען האט זי, מוסר זאגען קאן זי, און, אז עס קומט אויס, נים זי זיך א שטעל און זאגט, און זאגט... און פאר דעם גאס־מוסר האט טאקע אונזער יואל שטארק מורא און דערמאנט זי אן איהר שוואכקייט, אן די טראפען, בשעת ווען „וולאדימיר" פראטעסטירט נענוג הויך. דער מאמעס מוסר שטעהט איהם שוין אין האלז. „נאר נישט מוסר!" שרייט ער; ער פאר'סמ'ט דאס לעבען.

און וולאדימיר וויל א ו ד א י לעבען, אויך א בעל־בת'יר שער עם־הארץ, נאר א אינגערער, דאס בלוט איז קאכענדינער. קאנקורירט ער גליקליך מיט'ן פאטער אין קיך און מיט'ן קינפטי־נען שוואגער (א פריסיאדשנע פאוויערעני) אויף אנדערע ווערטער. און אז עס פארפעהלט געלט, כאפט מען עפעס פון שטוב... סחורה איז אויך די שוועסטער זיינע — א כלה־מיידעל, נאר אזוי געשווינד חתונה האבען וועט זי נישט, דער חתן האט נאך קיין פראקסע נישט. מיט דער צייט ו ו ע ט ער באקומען, מיט נאט זיין הילף! און דאמאלט וועט זיין א לעבען, א פריי לעבען, א ווייבעל מעג אליין, ווארים קאראלינא ווייסט, ו ו י אזוי צו לעבען, זי

ווייסט, אז א מאן איז א מאן, און אז מען דארף א געליעבטען, געפינט מען...

אבער אן „אנשטענדיג" מיידעל איז זי, ווי עס פאסט פאר טראכטענבערג'ס טאכטער. זי ארבייט אויך פאר בילדונג. לערענט די דינסטען לעזען, שרייבען און אפילו גראמאטיק מיט סינטאקסיס: ווי הייסט די זאך, וועגען וועלכער מען רערט? און ווי הייסט דאס, וואס מען רערט וועגען דער זאך? און דערווייל כאפט מען א שמועס וועגען נוטס און געשמאקס... וועגען וויזיטען פון די הוידמענער אין קיך, „געשעפטען" אין גאס...

און אט אין אזא הויז אריין פאלט באסיע די יתומה.

באסיע איז דערצויגען געווארען אין א דארף ביי ארעמע טאטע־מאמע, נאר אין דארף, אויף דער שוים פון דער נאטור, פון וואלר און פעלד! באסיע איז אן אפענע יונגע, הייסע, אימפולסיווע נאטור. זי מוז גיהן צו רער מוהמען, ווייל די מוטער איז איהר געשטארבען און די שטיף־מאמע קנייפט און שלאגט. באסיע פארדינט עס נישט, נאר אין שטוב איז א דלות, דער רלות טאכט ביטער. און אויף וועמען זאל מען אויסגיסען דאס הארץ, אז נישט אויף אן איינען שטיף־קינד? און אז עס נעהט איבער די מאס, נעמט רער פאטער און פיהרט זי אפ אין שטאדט אריין צו זיינע רייכע און אזוי נאהנטע קרובים. דארט וועט איהר גוט זיין...

ווי אזוי ווערט באסיע איינגענומען?

די טראכטענבערגס ראַרפען א דינסט. י ע נ ע האט מען געמוזט אפשאפען. מען האט איהר „פארשטופט דאס טויל", רער סקאנדאל איז נישט ארויס אין גאס אריין, און אפגעשאפט — קאן באסיע איהר שטעל פארטרעטען. דאס פארשטעהט „פריידע" אויף ארט און שטעל. זי פארשטעהט אויך, אז באסיע וועט זיין א ה י י מ י ש ע, נישט קיין דינסט, וועט מען איהר נישט ראַרפען צאהלען. פאר דאס וועט זי פון איהר מאכען א לייט, זי וועט זי אויסלערנען קאבען, וואשען, פרעסען. די טאכטער וועט זי לערנען שרייבען, לעזען און גראמאטיק, נישט צופרידען איז נאר יואל.

ווי געזאגט, איז אונזער ר' יואל א קאטערטשעסקי מענש מיט פרינציפען. און ער ווייסט, אז א היימיש דינסט־מיידעל איז פאר איהם קיין גוטער „פאראלעל" נישט; אזוינע ווערט מען, ביי א שלעכטען אויסגאנג, מיט עטליכע רובעל נישט פטור; אויב עס וועט זיך

מאכען א סקאנדאל, וועט שוין קאסטען און קאסטען. עס וועט זיין, ווער עס זאל זיך אננעמען... אפטרעטען דעם ווייב מיט'ן שוואכען הארץ איז אבער אויך א פרינציפ, און — כאסיע בלייבט...

כאסיע בלייבט און אויסגעוויזען האט זיך, אז ר' יואל האט רעכט געהאט. נישט גוט מיט א היימישער. דאס דארף־טיידעל איז געווארען א מאנגעט פאר איהם, פאר וולאדימיר'ן, פאר'ן קינספטי־גען איידעס — דעם פריסיאזשני פאוויערעני. דאס אלץ אבער וואלט נאך קיין גרויסע געפאר נישט געווען. צו אזוינע זאכען איז מען אין הויז געוועהנט... מיר ווייסען שוין, אז פריידע, אויב זי טרעפט איהר מאן אין קיך, שטעלט זי זיך זאגען מוסר; קוים אבער דערמאנט ער אן איהר שוואך הארץ און די נויטיגע טראפען, באַ־רוהיגט זי זיך און פארשווייגט... קאראלינע, אז זי טרעפט איהר חתן נישט וואו מען דארף, קנייפט זי די רינגסט און בארוהיגט זיך דערמיט... און וולאדימיר — דער שארלאטאן, איז סיי ווי סיי פארפאלען. פון דעם מאטעריאל וואלט העכסטענס א קאמעדיע גע־ווען, נישט קיין דראמע. און כאסיע די יתומה איז מ ע ה ר, ווי א דראמע, כמעט א טראגעדיע.

כאסיע ווערט מעהר, ווי פארפיהרט; זי פ א ר ל י ע ב ט זיך אין וולאדימיר'ן. כאסיע ווייסט ווער און וואס ער איז, זי ווייסט מיט וואס עס שמעקט דאס באקענען זיך מיט'ן יונגען טראכ־טענבערג. זי ווייסט, אז דאס וועט זיין איהר אומגליק, און דאך איז יונג בלוט קיין וואסער נישט... זי האט'ן ליעב. זי האט'ן ליעב אויפ'ן נאטירליכען דארפישען אופן, אהן חשבונות, אהן האפנונג אויף חתונה האבען, מיט'ן נאנצען באוואוסטזיין, אז דער סוף מוז זיין א ביטערער, א שרעקליכער. און אין אנהויב, אז דער פון אויבען אפגעגלאנצטער וולאדימיר האט אביסעל אפשיי פאר'ן דארפישען מיידעל אהן א פיצעל קולטור — בענקט זי נאך איהם, בענקט זי נאך איהר אומגליק, וואס וויל איהר נישט נאכגעהן, נישט נאכיאגען. און, אז עס באווייזט זיך, — ווארפט זי זיך אין אפ־גרונט אריין מיט אפענע אויגען...

---

מיט וואס דארף זיך ענדיגען אזא זאך?
געוועהנליך ענדיגט זיך עס דערמיט, וואס אזא וולאדימיר

זינגט אויס די פרוכט און ווארפט די שאָל ארויס אויפ׳ן מיסט. פון מיסט איז זיך שווער אויפצוהויבען. אז מען פאלט, פאלט מען שוין וואס אמאָל נידעריגער... און, ווייל מען נאך טראגישער — נעמט זיך דער קרבן דאס לעבען.

עס קאן זיין אנדערש אויך: כאסיע איז דאך פארט א ח י ר ט י ש ע. און אז עס קומט ארויס, ווי בוימאויל אויפ׳ן וואסער, נעמט אזא טראכטענבערג, א קאמערטשעסקי מענש מיט פרינצי־פען און פאראלעלען, און מאכט זי חתונה מיט א „גראבען יונג". און פאר כאסיע׳ן עפענט זיך אן אנדער מין גיהנום: א נישט געליעבטער מאן, א גראבער מאן, און אייביגער פארוואורף, באַ־שטענדיג געשלעג, שאנד און פיין, און ווייל מען רופא, קאן ווי־טער זיין זעלבסטמארד: כאסיע קאן עס נישט אויסהאלטען, און נעמט זיך דאס לעבען.

נישט מיט דעם אבער ענדיגט גארדין זיין דראמע.

גארדין שטעהט אויף דער גרענעץ צווישען „שונד" און קונסט; נעהנטער צו קונסט, אבער אינגאנצען פון מעלאָדראמאטישע סצע־נען קאן ער נישט אפלאזען. ער האט אמאָל א ריח פון שעקספיר (די ערשטע צוויי אקטען פון מירעלע אפרת); ער שמעקט אויך אמאָל מיט העכערער ראמאנטישער ליריק (דער ליעבעס־אקט אין „כאשע דער יתומה"), איהם פעהלט אבער די מאס, און ווייסט קיינמאָל נישט, וואו און ווען צו ענדיגען. גאנץ אפט האט מען דעם איינדרוק, אז עס האט שטאף פארפעהלט פאר א גאנצען אַוועגט, און ער מאכט צו די רעשט מיט „שבת־שמיד". נאך די ערשטע צוויי שטארקע, שעקספירישע אקטען פון מירעלע אפרת געהען צוויי שוואכע, ציהען זיך צוויי צוגעטשעפעטע אקטען, וואס פארדארבען דעם איינדרוק פון די ערשטע, און דאס זעלבע תאט ער געטאן מיט „כאסיע די יתומה".

אפזאגנען זיך פון כאסיע׳ס זעלבסטמארד האט גארדין נישט געוואלט און נישט געקאנט. ער קען זיינע פאפענהיימער — דאס פובליקום אין אידישען (ווענינגסטענס אמעריקאניש אידישען) טע־אטער און ווייסט, אז זעלבסטמארד איז א שטארקער טרומף — וייבער חלש׳ען! די זאך מוז אבער ווערען אויסגעצויגענער, עס זאָל צוגעמען דעם נ א נ צ ע ן אווענט! און צוליעב דעם הייסט גארדין: וולארימיר זאָל חתונה האבען מיט כאסיע׳ן, די טראַ־

טענבערגס זאלען זיך אפזאגען פון וולאדימיר'ן... וולאדימיר מיט באסיע'ן — לעבען אין רחקות — און וולאדימיר קאן נישט לעבען אין רחקות. ער איז נישט געוואוינט דערצו. ער אליין פאר־רינען קאן נישט. לעבען פון באסיע'ס זאקען־ארבייט הייסט נישט דערעסען. און קיין סערטעל איז האנט אריין נישט נעמען... וולא־דימיר הויבט אן פאר צרות צו טרינקען. וולאדימיר זיצט אויז (אזוי רערצעהלט ער) אין די פרעהליכע ערטער. וואו ער טרעפט זיך גאנץ אפט מיט'ן שוואגער. און זינגט אזוינע טרויעריגע ליע־דער. אז די פרעהליבע קאמפאניע ווערט טרויעריג און ווייגען מיט איהם צוזאמען... אין דער היים איז וולאדימיר בייז. נערוועז. ער קאן נישט פארטראגען באסיע'ס טרויער. עס שטערט איהם דאס ווייגענרינגע קינד — ער האלט עס מעהר נישט אויס און נעמט און שרייבט א בריף צו פאטער און מוטער. אז ער וועט זיך שיסען. אויב מען וועט איהם נישט העלפען... „איך האב עס נישט אין זין — בארוהיגט ער באסיע'ן — נאר זיי, זיי דארפען משוגע ווערען! עס וועט זיין א סקאנדאל!“

און אז די קונץ איז געראטען. די טראבטענבערגס קומען העל־פען נאר איהם אליין, נישט באסיע'ן, פראפאנירט ער איהר, זי זאל אהיים פאהרען. וועגינסטענס אויף א צייט. צום פעטער אין דארף אריין... ער וועט זיך געווים פארבענקען נאך איהר, שרייבען נאך איהר אדער קומען צו איהר... די טראבטענבערגס באשטעהען אויף דעם אויך. זאל זי איהם נאר ארוים פון די אויגען, די רעשט וועט קומען אליין... באסיע אבער קאן עס שוין נישט איבערטראגען...

און באסיע רי יתומה נעמט און סמ'ט זיך... און נאררין האט פארפולט דעם גאנצען אוועגט! באסיע'ן די יתומח גיט ער אין מויל אריין א גרויסען און הייסען מאנאלאג צום קינד אין דער וויג... זי וועט אפשר מיטנעמען דאס קינד מיט זיך? וואס פאר א מזל קאן האבען א יתומה? באלד אבער הייסט ער זי א ישוב האר־בען. איבערלאזען אויף גאטס בארוהט און א ל י י ן געהן... הייסט דערנאך וולאריטיר'ן חרטה האבען און ווארפען זיך מיט א הארץ־רייסענדיג געוויין אויף באסיע'ס קערפער און שרייען: אז נישט ד א ס האט ער געמיינט. נישט ד א ס האט ער גע־וואלט! און הייסט באסיע'ס פאטער אויסרופען: „ווי א יונג זאפר טיג בוימעל איז זי אהערגעקומען“. וואס האט מען דא פון איהר

געמאכט! און — נאך די אלע קונצען — קומט, נאטירליך, ארויס נישט דאס, וואס נאררין האט געוואלט! דער איינדרוק, וואס מען האט באקומען פון די ערשטע אקטען, ווערט אפגעשוואכט; מאַדאם קאמינסקא, וואס שפילט כאסיע'ן, קאן ביי איהר גאנצען טאַלענט, רעס פיערטען אקט נישט רעטען. זי שטארבט זעהר גוט, אבער וויינען אויף איהר טויט, וויינט נאר וולאַדימיר, דאס פובליקום גענעצט...

און דאך האט דאס שטיק גליקליכע מאמענטען. אויפמערקזאם מוז מען מאכען אויפ'ן ליעבעס־אקט, ווען כאסיע איז זיך מודה פאר וולאדימיר'ן, אז זי האט געווארט אויף איהר אומגליק, זי איז נעכט נישט געשלאפען און געוואלט. עס זאל קומען; היים געוואלט! שעהן, ראמאנטיש שעהן, איז דער מאמענט, ווען כאסיע וויל פול און גאנץ מאכען איהר גליק, און וויל האבען דאס דארף ביי די טראכטענבערגס אין סאלאן, ווען זי שטעלט אויס אין צוויי רייהען די וואזאנען אלס אן אלעע פון בוימער, און לענט אויס די סטענגעס אויפ'ן ארט, וואו עס דארף פליסען דער טייך און זעצט זיך מיט איהם ביים ברעג פון טייך און הייסט איהם שווייגען... „שווייג! שווייג!" בעט זי זיך, וויל זי פיהלט, אז אין שטילען דארפישען אוועגט דארף ער נישט רעדען! זי האט'ן ליעב, נאר ער פאסט דאך נישט דערצו... זי וואלט'ן דאך אַנדערש געוואלט, אנדערע רייך פון איהם הערען! גוט נעכאפט איז כאסיע'ס אנקומען פון דארף, ווי זי פאלט אין טראכטענבערגשען הויז אריין מיט מוסר, פרינציפען, פאראלעלען און קארטען געשפילט... און נאך, און נאך אנדערע ערטער...

די אמעריקאנישע אייסגאבען לעבען ביז היינט פון אונזער בעלעטריסטיק, עס ווערט כמעט אלץ איבערגעדרוקט; אונזער אידיש טעאטער וויל אויסגלייכען דעם חשבון, און פעקעלט צו אונז איבער אמעריקאנישע דראמען: דאס קאסט נישט.

„אוי, דלות, דלות!" ווי כאסיע'ס פאטער זאגט. נאר ארעמקייט איז קיין שאנד און נאררין האט טאלענט.

געשפילט איז געווארען דאס שטיק קארעקט. אויסגעצייכענט האט זיך, ווי געוועהנליך, מאדאם קאמינסקא. מאדאם טרילינג, וואס שפילט אזוי גוט מירעלע אפרת, איז א גוטע „פריידע" ערשט פון צווייטען אקט, וואו זי האט מעהר צו טון. — גוט איז וולאַ־

רימיר (ה׳ סעראצקי). ווען ער ווערט אין לעצטען אקט אויפגע־לעבט צווישען דער משפחה און לויפט באשטעלען פאר כאסיע׳ן א בויד אויף רעסארען און איינקויפען גוטע זאכען אויפ׳ן וועג. א גליקליכען מאמענט האט מאטי שטרייכעל (ה׳ טיטעלמאן), ווען ער צעהלט דאס געלט, וואס ער באקומט פון נאריש׳ען רייטש, פון טראכטענבערג׳ן. ווארים אייגענטליך וואלט ע ר גערארפט צו באר צאהלען, אזא גוי פטור צו ווערען. נ י ש ט פיין פיהרט זיך נאר אויף דאס פובליקום. וואס קומט אזוי וועניג אין טעאטער אריין.

.1905

## 2.

## „די לוריא׳ס.“

צי קענט איהר די אמת׳ע לוריא׳ס ? ווארים עס זענען פאראן פאלשע אויך. ווי וועניג יחוס מיר האבען נישט, געפעלשט ווערט ער: מיר האבען פאלשע כהנים, פאלשע לויים און פאלשע לוריא׳ס...

אן אמת׳ער לוריא איז א בייזער, א שטאלצער, א נוקם ונוטר — ריהרט זיי נישט אן. דאס איז א פייער, וואס ברענט ביז׳ן שאול תחתיה. דאס זענען שלאנגען, וואס בייסען ביז אין דער לעבער. אזוי, ווענינגסטענס וויל גארדין דער אמעריקאנער טע־אטער־שטיק־מאכער — א שפאס „לוריא“ !

„איך בין א לוריא“ ! שרייט גרליה, א איר אן עושר און א תלמיד חכם דערצו. „איך בין א לוריא !“ רופט זיין ברודער טוביה, א מילנער, אפילו א שטיק עם הארץ, נאר פארט א לוריא ! „איך בין א לוריא“ — ווארפט דעם פאטער אין די אויגען אריין אן אויסגעשריי די טעאטער־כלה גרליה׳ס טאכטער. „איך בין א לוריא !“ זאגט מיט איינגעהאלטענער קראפט, ווי עס פאסט פאר א ביהנע־ליבהאבער — טוביה׳ס זוהן...

וואס די מעשה איז, פארשטעהט איהר שוין אליין. די בריי־דער קריגען זיך איבער א ירושה, די קינדער ליעבען זיך... און ווייל עס איז קיין טראגעדיע נישט, וועלען סוף כל סוף די וואלקען פארשווינדען, די זון פון דער ליעבע — אויפשיינען, און מען וועט אהיים געהן פון טעאטער מיט א לייכט הארץ ! —

אבער נישט אזוי געשווינד, ווי עס רעדט זיך, געהט עס צו.

גרליה'ס און טוביה'ס פאטער איז געשטארבען פאר זיין פאטער און זייער זיידע—נאך וואס דאס איז געשעהען, ווייס איין גארדין—און דער זיידע האט אין דער צואה געקירצט רעם עס־הארץ טוביה און כמעט אלץ אוועקגענעבען דעם שעהן־און וואויל־לערנער גרליה. דאס איז נומער איינס.

דערפון ווערט א פראצעס, און א פראצעס נעהט מיט ארוואר־קאטען, די אדוואקאטען „צאפען בלוט", ווי מען פלעגט זאגען; ווערט ביים ארעמען טוביה דאס הארץ נאך פארביטערטער, דער האס צום ברודער — שטארקער. האט איהר שוין נומער צוויי. נומער דריי איז דער אום'כבוד. וואס א תלמיד־חכם לעגט בכלל אויף אן עם־הארץ — גרליה, דער מיוחס אין שטארט, קאן זיין גראבען ברודער נישט פארטראגען, זאלץ און רויך אין די אויגען איז ער איהם.

און אז עס קומט נאך דערצו — שכנות: א הויז קעגען א הויז, טיר קעגען טיר, קאנט איהר פארשטעהן, וואס א „פייער" עס צופלאקערט זיך צווישען די הייזער... און עס מוז זיך נאך מעהר צופלאקערען, ווען גרליה ווערט געוואר, אז זיין טאכטער, די בת יחידה זיינע, זיין אויג אין קאפ, האט ליעב זיין גרעסטען שונא'ס זוהן — זיין ברודער טוביה'ס איינציגען זוהן, דעם אויג אין קאפ. די גרעסטע ליעבשאפט...

נישט וועניגער ברענט עס אין טוביה'ס הארץ. א געזונטער עם־הארץ, א „בר־נש" און א „בעל־גוף" — דאס ווייב איז איהם פריה געשטארבען און ער האט מעהר נישט חתונה געהאט, ער וועט זיין בן־יחיד קיין שטיפמאמע נישט געבען. כאטש די געזונטקייט שפארט איהם — זיין גאנץ בענקעניש און ליעבשאפט גיט ער איהם אוועק, און אצינד, אין סאמע־דארנעם פייער פון פראצעס, הערט ער פון זוהן, אז ד ע ר וויל שלום, און שלום וויל ער, ווייל ער איז אין זיין גרעסטען שונא'ס טאכטער פארליעבט...

און געדענקט — דאס זענען לוריא'ס! זיי וואלטען זיך שוין לאנג געממית'ט, ריק־און־לענר צובראכען, ווען נישט דער רב פון שטאדט — א מזג־טוב, אן אמת'ער אירישער צדיק, וואס שטעלט אונטער, ווען עס מאכט זיך עפעס, זיינע פלייצעס — —

מיט איין וואָרט: שלעכט! מיר וועט רא האר אויסוואקסען — שרייט טוביה ווייזענדיג אויף דער פלאכער האנט — און דאס

ווערט נישט זיין! „איך וועל שטאַרבען". זאָגט דער זוהן. וואָס איז אויך א לוריאַ. „שטאַרב!" שרייט טוביה און צוכדעכט דעם שטעקען פאר גרימצאָרן. דאָסזעלבע טוט זיך ביי גדליה'ן אין הויז... די לאַגע אין „ראָמעאָ און יוליאַ" איז „א הונט קעגען דעם"; די לאַגע אין „דער נקמה פאר א גרענעץ־מויער" פרעררא'ס — א גאָרנישט! דאָס זענען ראַר לוריאַ'ס!

און פונרעסטוועגען, אז גאָרדין וויל, כאַפּט ער זיך ארויס פון דער נעץ. שפּרינגט ער ארויס, ווי א פורעל פון וואסער, און שאָ־קעלט זיך אָפּ און בלייבט טרוקען... נישט אומזיסט שטעהט ער צווישען „שייקעוויטש און שעקספּיר" וואו שעקספּיר וואָלט זיך קיין עצה נישט געגעבען, קומט שייקעוויטש און האָקוס־פּאָקוס — אוים טראַגעדיע!

פאַרשטעהט איהר מיך. גדליה קלייבט אוים פאַר דער טאָכ־טער א חתן, מן הסתם — א חתן א איריאָט (דער עולם מוז דאָך האָבען וואָס צו לאַכען). אי וואָס, גדליה איז א תלמיד חכם, האָט פיינט אן עם הארץ, ווי א שפּין — האָט אָבער דער חתן א מעלה: זיין פאָטער (איהר מעגט שוין פּלאַצען פאר לאַכען) זיין פאָטער איז „גלאָסני" אין שטאָדט־דומע, און אז מען מאַכט איין האַנט מיט'ן גלאָסני — ווערט מען אראָפּנעמען טוביה'ס מיהל — ווערט זיין אוים שכנות מיט'ן עם־הארץ... אוי, דאָס שכנות! א ביטער שכנות! עס איז פון רעד הויט ארויסצושפּרינגען! אז זיין כת יחירה שפּילט פאר'ן רב מיט דער רביצען פּיאַנע און זינגט א ליער ווענען מענשהייט — נעהט טוביה'ס זוהן און מאַכט אונטער די פענסטער א „תקיעה־גדולה" אויף א שופר! אדער מען וואָרפט אומישנע א פּאַק מיט מעהל פאר'ן פענסטער און מען פאַרמעה־ליגט דעם רב'ס אטלאָסענע קאַפּאָטע. רער רביצענס חתונה־קליי־רעל און ר' גדליה'ס פּלודערן. מחילה! און ווערט עמיץ אין גדליה'ס הויז קראַנק, געהט טוביה און דינגט יונגען און מיידען און הייסט זיי זינגען און טאַנצען און רעדלער מאַכען אונטער די פענסטער און די טעאַטער־מוזיק מוז נאָך צושפּילען אויף טראָמפּייטען און קעסעל־פּויקען!

וואָס? איהר זייט אראָפּגעפאַלען פון א טראַגעדיע צו א פאַרס? קיין וואונדער. שעקספּיר האָט צוגעמאַכט אן אויג, און שייקעוויטש איז ארויסגעשפּרונגען און פיהרט דאָס רעדעל...

און אויף זיין באַפעהל נעמט גדליה א שטעקען און שלאָגט אויף דער סצענע ל ע י נ י  כ ל  י ש ר א ל די בת־יחידה; זי פאַלט און צוברעכט א האַנט... איז דאָס אַלץ ווייניג נאָך, פאַלט זי אַריין אין א נערוועןקרענק, ווערט זי געפּערליך... און — איבער־געביטען ווערט גדליה'ס הארץ, ער, דער שטאָלצער, בייזער תלמיד־חכם, בעט ביי טוביה עם־הארץ — שלום, ער מוז רעטען זיין קינד...

און אַצינד, אַז שייקעוויטש האָט שוין זיינס אָפּגעטאָן, פאַר־שווינדט ער אויף א ווייַלע און עס נעהמט ווייטער א שטיק שעקספּיר. טוביה עם־הארץ דיקטירט ביים רב דעם צובראָכענעם ברודער די תנאים פון שלום: ער מוז איהם אָפּגעבען די ירושה, מודה זיין אין כתב, אַז דער זיידע, דער אַלטער לוריא, דער ראש וראשון פון די לוריאַ'ס, די קרוין, דאָס שיינדעל פון דער משפחה האָט אַז עולה געטאָן... ער, גדליה, מוז איהם, טוביה'ן, אָפּצאָהלען די ירושה מיט פּראָצענט פאַר גאַנצע צוואַנציג יאָהר! ער מוז איהם אויך פאַרגיטיגען די קאָסטען פון פּראָצענט מיט א סומע פון א פּאָר טויזענט רובל מיט קאָפּיקעס! און פון הויז מוז ער אויך אַרויס — דאָס הויז מוז ער איבערגעבען טוביה'ס זוהן און זיין קינפּטינג ווייב — גדליה'ס טאָכטער. און נאָך איינס: גדליה מוז בפרהסיא, שבת פאַר קריאת התורה אין בית המדרש, מחילה בעטען טוביה'ן, כמעט א ודוי זאָגען פאַר'ן עולם!

גדליה באַשטעהט אויף אַלעם, עס שטיקט איהם דער כעס. נאָר זיין ליעבשאַפט צו דער קראַנק־געוועזענער טאָכטער איז שטאַר־קער, ער שרייבט אונטער, גאָר די טאָכטער כאַפּט אַרויס דעם כתב און צורייסט — פאַר  ד ע ם  פּרייז ווי זי איהם נישט קויפען!

און — טוביה גיט נאָך...

און צו ענדע ווערט שעקספּיר צוריק פארשוואונדען און שייקעוויטש קומט אַרויס — עס כאַווייזט זיך א חזן מיט משוררים, טאַנצען מענער און ווייבער א ראָד, דער „הייליגער רב" כאַפּט אויך א יד פון א נקבה און טאַנצט...

---

נעשפּילט איז דאָס „שטיק" געוואָרען אין אידישען טעאַטער אויף דער קראָלעווסקאַ, און געשפּילט איז עס געוואָרען  מ י י ס־

מ ע ר ה א פ ס ! נעראסלאווסקא, מאירזאן, ארלער, האבען געגעבען קאנצערט. נאך מעהר אויסגעצייכענט האט זיך זשעלאזא אלס רב — דער פיינסטער און ערעלסטער טיפ אינ'ם שטיק — איין בערמאן האט אביסעל איבערגעטריבען און מעהר געשפילט מיט די שטיוועל אלס מיט הארץ און קאפ...

אין אלגעמיינעם, ווי געזאגט — א קאנצערט.

און וואס? זאל איך מיך בייזערען אויף ארלער'ן, וואס האט איינמיטען א דראמע א קופלעט געזונגען? עס איז אן עולה, א גרויסע עולה! וואס העלפט אבער, אז אינ'ם קופלעט־זינגען שטעקט מעהר טאלאנט, ווי אינגאנצען נאררין מיט'ן שטיק?

נעה, בייזער זיך!

.1906

3.

## „צווייהט און צושפריים."

פאראן צווייערליי פאגראמען: ה ו י כ ע און ש ט י ל ע.

ה ו י כ ע פאגראמען מאכען כוליגאנעס, שבור'ע, בארוועסע, אויף איינענע פויסט און חשבון, אדער אונטערנעהעצט. הייזער ווערען צושטערט, פארמעגען צוראבירט, מענשען—אלטע, ווייבער און קינדער — פארוואונדעט און געטויט...

אזא פאגראם שרייט, אז מען הערט אין איראפא! איראפא, ווי ווייט עס שארט איהר נישט, ווערט צורודערט, פארציטערט און — פראטעסטירט... און ניט א מארק אדער א פראנק.

די ליבעראלע פארטייען און מענשען אין לאנר אליין: בייזערען זיך אודאי. דער כעס שוואכט אפ די רעגירונג. יעדער פראטעסט, יעדער געוואלד־געשריי — רייסט א ציגעל פון דער אלטער מויער...

א קאפיקע פאר געראבירטע און פארוואונדעטע — נישט... געלט דארף מען אויף אנדערע צוועקען, אבער שרייען, מהיכא תיתי...

דאס זענען די הויבע פאגראמען. הייזער ווערען איינגעריסען. מעבעל צוהאקט — עס טוט זיך מיט פייער, מיט העק, מיט אייזענס — — — —

פאראן אבער שטילע פאגראמען: די אידישע פאמיליע ווערט צושלאגען, און קיינער זעהט נישט, און קיינער הערט נישט.

דאס הויז איז גאנץ, נאר לער. טאטע־מאמע און אלע קינדערלעך, קיין עין הרע, לעבען, נאר צושלאגען, צוואווארפען!

„צוזייהט און צושפרייט" איז נישט נאר דאס פאלק, די פאמיליע איז צוזייהט און צושפרייט! אהן אייזען און העק און „אהן א טראפען בלוט צו פארגיסען" איז א מערדעריי נעשעהען — א פאמיליען־נשמה איז געקוילעט געווארען אהן א מעסער, און עס וועט קיין האן נישט קרעהען! א פאר'סמ'ט גלות־בלימעל — א האלץ־שוואס האט זיך אין הויז אריינגע'גנב'עט, און דאס הויז איז צופוילט און צופאלען געווארען...

אט א טאטע — א איד א סוחר. א פארקויפטער מיט לייב און לעבען און מיט דער גאנצער נשמה דעם פריץ... אונטערטעניג, פאריאגט, פארהארעוועט, צובייזערט — מיט א באהאלטענער, טיפער ליעבשאפט צו קינדער, מיט א טיף־באהאלטענעם דורשט צו נחת פון קינדער — — —

אט א מאמע, א תחנות־ און סדור־אידענע. א גוטע, א שטילע... זעהט און פארשטעהט נישט, וואס ארום איהר טוט זיך; הערט נייע ווערטער, נאר „מאלע, וואס קינדער פלאפלען"... און מען הערט זי רעדן אין שטוב, ווי דעם רב — — —

א דינסטמיידעל — א שונא אין שטוב. בעלי־בתים — בלוט־זויגער...

און קינדער...

נאך צוזאמען זייענדיג, זענען זיי צוזייהט און צושפרייט!

אן עלטערע טאכטער — א גרושה — א פוסטע, לאבענדיגע, לעבענס און ליעבע דורשטיגע, אנטלויפט מיט א רענטיסט.

די איננערע — א האלב־געלערנטע, וויל ווערען א גאנץ־באלערנטע, עס ציהט זי „אויף קורסען" קיין בערן, א שטאדט, פון וועלכער טאטע־מאמע האבען קיינמאל נישט געהערט...

און זיהן זענען פאראן — איז דער עלטערער א לעב־קינד — א קארטען שפילער, א „גוטער בחור" ווי מען זאגט, און ווי עס פאסט פאר אן אויפגעקומענעם אירם א זוהן... דער צווייטער איז א סאציאליסט, דער דריטער — א ציוניסט און דאס פארצויגענע מיזינקעל — א ליבהאבער פון קעצלעך מיט הינטלעך.

און די עלטערען קוקען און זעהען נישט, הערען און פארשטעהען נישט, און אז דער אפגרונט, וואס איז אויסגעגראבען געווארען צווישען זיי אין די קינרער, אנטפלעקט זיך זיי פלוצלונג — הויבט זיי אן צו שווינדלען פאר די אויגען. שרייט דער טאטע צו דער מאמען: א מאמע ביסטו? וואו זענען דיינע קינרער? און זי פרענט: און דו, טאטע? און זי האט חרטה אויף'ן גאנצען עסק!

צי איז נישט בעסער געווען אינ'ם קליינעם שטעדטעל, וואו זי האט פריהער געלעבט, וואו זי האט מיט פיש געהאנרעלט און מען האט זיי גערופען „טשאלענט"? דאמאלט זענען די קינרער געווען! און היינט? היינט הייסט זי „שאלענט", פאראן שפינלען און „שמאטקעלער", אבער די קינרער זענען קיין קינרער נישט!

---

טראגיש און קאמיש זענען אזעלכע עלטערן, וואס ארבייטען און הארעווען אויפ'ן אלטען שטייגער, און האבען נאר איין עולם הזה — נחת פון קינרער! טראגיש־קאמיש זענען זיי אין דעם מאמענט, ווען דער נחת צושפריצט זיך, ווי א דין־גלעזערנע שויב! פלוצלונג — אוים קינרער, נישטא קיין קינרער!

מענשען, וואס זענען געוועהנט צו זעהן אין הויז דעם אנהויב און דעם סוף פונ'ם גאנצען לעבען און דעם גאנצען תכלית פון אנהויב ביז'ן סוף, ווערען פלוצלונג געוואר, אז זייערע קינרער שפייען אויף דעם „תכלית": אז דאס זענען ווילדע וואנדער־פיינעל מיט אויסגעשפרייטע פליגעל צום אוועקפליהען. זיי האבען קיין הויז און קיין היים נישט... אין דער פרעמד זעהען זיי עפעס, וואס עס ציהט זיי — א רעגטיסט, ארץ־ישראל, בערן — איינעם ציהט נאר קיין סיביר...

אלטע מענשען, וואס האבען געהאט נאר איין מאראל: שלום, שטיל זאל זיין, אונטערטעניג שטיל; רינגען דעם פריץ און פאר־רינגען ביים פריץ — אזעלכע אלטע מענשען ווערען מיט אמאל געוואר, אז זייערע קינרער שפייען אויף דער מאראל. האלטען זי פאר נירעריג און ווערטיג און מאוס'ן זיך פאר איהר — „אירען דארפען נישט קושען דעם פריץ'ס האנט" שרייט דער ציוניסט. „קיין מענש טאר דעם צווייטען נישט רינגען" —

פארדיכט דער סאציאליסט. „קיינער האט איכער קיינעם נישט צו זאגן, אפילו טאטע־טאמע איכער קינדער נישט" — זאגט די טאכטער, וואס וויל קיין בערן.

און אלע זענען אדער ווילען אוועק.

„צושיירען זיך — אדרבה — פארשטעהט דער אלטער טאטע אויף זיין אופן — נאר ווי אזוי? אייביג מיט קינדער צוזאמען לעבט מען נישט. „על כן יעזוב" איז א כפירוש'ער פסוק! „מען מאכט א קינר חתונה, עס נעהט דערנאך אראפ פון קעסט, מען מאכט זיך א באזונדער געשעפט, מען פארדינט א קערבעל..."

און דא איז א טאכטער, פאר וועלכער מען האט איינגעקויפט יחוס, דעם פיינסטען שדוך געטאן, און זי וויל אוועק מיר דעלוויין...

מען האט זיי א סקאנדאל געמאכט, אפגעשיקט די תנאים, א בהלה, אן אומגליק, און זי — די טאכטער — לאכט! זי איז צופרידען רערטים, זי איז פריי געווארען!

און פאר די קינדער, וואס דארפען זיין שטיל און אונטערטעניג אונטער טאטע־מאמע'ס פלינגעל און טון „וואס גאט הייסט, וואס טאטע־מאמע הייסען און אלע גוטע פרומע לייט", — איז נאר וועניג גלייך צו זיין מיט אלע, דעם קאפ איפגעהויבען און אויסגלייכען זיך אליין די ביינער — א וועלט פארזארגען ווילען זיי! דער סאציאליסט וויל, גאט וויים וואס, א וועלט גליקליך מאכען! דער ציוניסט וויל קיין ארץ־ישראל, מיט זיין מאגערער שוואכער האנט — ערד ארכייטען, כוימער פלאנצען — און זי, דאס טירדעל, וויל קיין בערן!

די טראגי־קאמעדיע האט כאארכייט שלום־עליכם אין זיין דרייאקטיגען שטיק: צוזייהט און צושפרייט, וואס שפילט זיך אין אידישען טעאטער אויף קרולעווסקא.

דאס שטיק האט אלע גרויסע מעלות און אלע קליינע חסרונות פון שלום־עליכם, וואס וועט זיך קיינמאל פון קיין וויץ נישט אפזאגען, וואו מען דארף יא און וואו מען דארף נישט. און דאס שטיק גרעניצט דעריכער מיט'ן פארס.

„די יונגע פויגעל", וואס דארפען זינגען „נייע לידער" מוזען אלע זיין קאמיש און, אז עס כאווייזט זיך דער גאדזיראטעל, — ארויסשפרינגען פון פענסטער און כאהאלטען זיך אונטער טישען...

קיין איינציגער בלייבט שטעהן... און דאס טראגישע ווערט צו־שפריצט. און צום סוף ווען דער אלטער טאטע, וואס לויפט אין ראק און צילינדער צום פריץ בלייבט פלוצלונג שטעהן, דאס הארץ הויבט אן רעדען, און ער צוואויינט זיך אויף זיין מזל,—ווילט זיך איהם צו שרייען!

— וויין נישט, נארישער איר! וויין נישט, נארישע אידענע! נארישע הינער, פון אייערע אייער זענען ענטען נישט ארויס, ווייט אויפ'ן וואסער וועלען זיי זיך נישט לאזען...

זיי וועלען צוריק קומען!

---

נעשפילט איז די זאך נעווארען אים אלגעמיינעם גוט. אויס־געצייכענט האט זיך מאירזאן (דער פאטער). ארלער האט שלעכט פארשטאנען די ראלע פון שליח, וואס ברענגט אפ די תנאים. ער דארף זיין א דורכגעטריבענער כל־בו, וואס שינרט פון אויפגעקו־מענעם נגיד די הויט, און ער האט נעשפילט א נארישען שדכן.

אבער, לויט זיין פארשטענדניש, גוט די ראלע אויסגעפיהרט!

.1906

4.

# די מוטער.

א דראמע אין דריי אקטען, פון דוד פינסקי.

די מוטער — די אלמנה וויל דאס צווייטע מאל נישט חתונה האבען. איהר געשטארבענעם מאנס שותף און גוטער פריינד שדכנ'ט זיך צו איהר: זי זאגט איהם אפ. און נישט דערפאר, וואס זי וויל איהם נישט. אין נישט דאס געדעכעניש פון פאר־שטארבענעם מאן לאזט זי נישט חתונה האבען — זי זאגט זיך אפ פון שרוך צוליעב די קינדער. זי וויל זיך מיט די קינדער נישט

צושיידען. עס איז איהר אזוי גוט מיט'ן זוהן און מיט דער טאכטער צוזאמען. באלד אבער פאלט דאס ברויט מיט דער פוטער קאפויר! די קינדער קומען אהיים: די טאכטער פון שפאציר, א הונגעריגע, און כאפט זיך צום עסען, נאר דאס איז א צופעליגער מאמענט, וואס האט קיין פאלגען אין דער דראמע נישט. דער זוהן קומט אן. ער קומט אריין א צוהיצטער, א צופלאמטער, א גליקליכער: ער איז פארליעבט איבער די אויערען און געליעבט איבער די אויערען! זי האט'ן אנגענומען. און ער כאפט ארום די מוטער און קושט זי און האלזט זי — א פרייר! נאר עס וועט זיין א געפעהרליכע פרייד!

— וועד איז דיין כלה?

— וועד? מאשא!

און די מוטער קאן אויפ'ן שרוך בשום אופן נישט באשטעהן: מאשא'ס פאטער האט געהערט צום טעאטער, אין טעאטער האט ער געשפילט און צווישען חברים און חבר'טעס מיט ליבווע געהאנדעלט. די הויט פלעגט ער פון זיי אפציהען! פאר דאס, אז מען האט געשפילט א געשלעג, פלעגט מען זיך אן איהם גוקס זיין און ווידקליך שלאגען, „מכות רצח“ שלאגען, אז מען פלעגט'ן אראפפיהרען פון דער ביהנע א טויטען...

ווייטער א פארבייגעהענדיגער מאמענט, ווארים מאשא, ווי עס ווייזט זיך שפעטער אויס, האט נארנישט גע'ידש'ענט פון פאטער. זי איז ווידקליך א גוטע, א ליעבע און, ווי דעם חתן'ס שוועסטער זאגט, טאנצענדיג איבער דער שטוב: א „פרעליעסט“!

די „מוטער“ אבער וויל נישט, בשום אופן נישט. הייסט וועהלען צווישען זיך און מאשא'ן. און אז דער זוהן וויל נישט נאכגעבען און די טאכטער האלט מיט'ן זוהן, — צושפאלט זיך די פאמיליע, פארלאזט די מוטער דאס הויז און געהט צום צווייטען מאן.

אזוי פארקניפט זיך די דראמא אין ערשטען אקט.

די מוטער האט חתונה געהאט, דער זוהן אויך, די טאכטער בלייבט מיט'ן ברודער צוזאמען.

מיט נייע קינדער האט זיין ליעבער גאמען די „מוטער“ נישט געבענשט, און זי בענקט, נאטירליך, נאך איהרע קינדער. שרייבט צו זיי בריף נאך בריף; די קינדער אבער שיקען זיי

צוריק, נישט־געעפענט. אין זעקס־זיבעו יאהר ארום (עס איז שוין דא אן אייניקעל פון די יאהרען) ווערט די מוטער געוואר, אז די טאכטער איז איבערגעשטאנען א קרענק (ווייטער א צופעליגער מאָמענט), נעהט זי צו די קינרער. און די וויזיט ביי די קינדער איז שוין דער אינהאלט פון צווייטען אקט.

די מוטער קומט אריין און טרעפט נאר די דינסט אין שטוב. פון איהר ווערט זי געוואר, אז זי איז פון די קינדער אינגאנצען פארגעסען געווארען. איהר פאטרעט האט מען פון דער וואנט אראפּגענומען! עס באוויזט זיך דאס אייניקעל — ער האט קיינמאל פון קיין באבען נישט געהערט! עס קומט אריין די שנור — און זי וויים נישט, וואס מיט זיך צו טון. עס איז א רחמנות אויף דער אלטער. נאר זי וויל נישט האנדלען קענען מאנס ווילען, און זי פיהלט נאך, פילייכט, איהר באליידיגונג!

זי שלאגט זיך מיט דער דעה. ענדליך זיגט דאס גוטע, זי פארהאלט די שווינער. באלד קומט אן די דעקאנוואלעסצענטין — די טאכטער: א בלאסע, א שוואכע, כאפט זיך מיט די נעגעל ביים הארץ, און דאך קאן זי בשום אופן אויף דער מוטער נישט קוקען, בשום אופן. נאך א מינוט, און דער זוהן קומט אן, ער עפענט די טיר, דערזעהט די מוטער און — ציהט זיך צוריק!

אין דריטען און לעצטען אקט קומט די מוטער פון דער וויזיט צוריק אהיים צום מאן און זיין שוועסטער, וואס וואוינט ביי זיי. זי וויל באהאלטען איהר הארץ־וועהטאג. פארקערט: גאר גוט געווען! א נחת! מען האט זי ליעב! מען האט אן איהר קיין רגע נישט פארגעסען — זי פאלט אבער פון די קרעפטען, דאס אומגליק רייסט זיך געוואלדיג ארויס — עס ווערט איהר ערגער. לויפען נאך א דאקטאר? ניין, די קינדער וויל זי, די קינדער. זאל מען זיי אנזאגען, אז זי איז קראנק, אז זי שטארבט! זיי וועלען קומען, זיי מוזען קומען. — דער צווייטער מאן לויפט עס טון, די טיר פארמאכט זיך הינטער איהם. איבער דער צייט, וואס ער זוימט זיך, קלאמערט זיך די מוטער מיט די לעצטע קרעפטען אום איהר האפנונג, אז זיי וועלען קומען. צו דער קראנקער מוטער וועלען זיי קומען. אט געהען זיי, אט קומען זיי, אט זענען זיי דא! אט קושט זי און האלזט זי זיי, אט דריקט זי זיי צו צום הארץ. און אז דער

מאן קומט צוריק איינער אליין, פאלט זי, ווי אן אונטערגעהאקטער בוים.

---

די דראמע מאכט אַן איינדרוק, האט שטארקע, זעהר שטארקע מאמענטען און ראד — איז אין אלגעמיינעם דער איינדרוק נישט אזוי שטארק, ווי ער האט געקאנט זיין.

און שולדיג איז נישט דאס שפילען, פרוי קאמינסקא האט די הויפט־ראלע געשפילט מייסטערהאפט די אנדערע — גוט, אפילו דאס קליינע איינציקעל האט גוט געשפילט, און אויף דער סצענע געבוירען קינד!

און וואס דען שטעקט דער פעהלער?

אינ׳ם סטיל!

טראגיש קאן זיין דאס לעבען אליין: אן אויסטערלישע לאגע, א צוזאמענשטויס פון נישט געווענליכע פאקטען, וואס זענען טראַ־גיש אדער דראמאטיש פון נאטור. טראגיש אדער דראמאטיש קאן אויך זיין דער מענש אליין, דער כאראקטער פון מענש.

פאראן מענשען, וואס שווימען איבער׳ן לעבען לייכט, ווי א שטרוי אויפ׳ן וואסער; אנדערע שמיצען עס איבער מיט א שמייר־כעל אויף די ליפען; זיי נעמען עס קיינמאל נישט ערנסט. פאראן אבער אויך מענשען טיפערע, וואס פיהלען דאס לעבען טיפער און דאס געוועהנליכסטע ווערט ביי זיי דראמאטיש. פאראן פעסטע מעטאלענע מענשען, וואס לאזען זיך געשווינדער ברעכען, איידער בויגען; וואס קאנען נישט נאכגעבען, זיך אונטערוואַרפען און אפילו נישט אויסמיידען, בפרט אין וואס עס איז אפטרעטען. מענ־שען, וואס זאגען: נאר אדער גארנישט! און פאר אזעלכע איז יע־דער מאמענט א לעבענס־פראגע, יעדער צופאל קאן ווערען דראמא־טיש און טראגיש!

פינסקי׳ס דראמע האט געמוזט געבויט ווערען אויף די פער־זענליכקייטען. ווארים ביי געוועהנליכע מענשען אין געוועהנליכען לעבען האט א מוטער נאך אמאל חתונה; קינדער „בלאזען דיך", „ברוגז׳ען" זיך א צייט און בעטען זיך איבער... געוועהנליך, בא־שטעהט די מוטער אויף א שלעכטען שדוך, בפרט ווען דאס קרן איז גוט, און קושט נאך דעם קינד, אבי עס נישט צו פארלירען.

אינ׳ם גשועהנליכען לעבען איז דער האס צו דער מוטער, וואס האט רעם טאטען פארגעסען, וועגינסטענס נישט אזוי שטארק, ער זאל האלטען זעקס־זיבען יאהר און נישט אפגעשוואכט ווערען אויף דער האר!

מעגליך איז עס נאר ביי אומגעוועהנליכע מענשען. ביי מענשען, וואס זאגען: מיין ווילען מוז געשעהען, ארער ביי חויך און טיף מאראלישע מענשען. וואס ווילען א וועלט אומבדענגען, אבי זייער גרונטזאץ זאל בלייבען שטעהן!

אבער אומגעוועהנליכע מענשען פיהרען אן אומגעוועהנליכע שפראך. אומגעוועהגליבע געפיהלען טראגען אומגעוועהנליכע קליידער, דריקען זיך נאר אנדערש אויס. און דא רערט די גאנצע פאמיליע וואכענדיג, און וויל מיר זאלען גלויבען, אז זיי האבען תשעה־באב און יום־כפור אין הארץ. קיין איינצ׳נער מעטאלענער קלאנג, קיין טיפערער אויסדרוק. אז די קינדער צוקריגען זיך מיט דער מוטער אין ערשטען אקט, רעכענט מען אויף זיכער, אז אין א מינוט ארום וועט זיין שלום ושלוה. און דער צווייטער אקט איז א סורפריז, א נישט געהאפטער צ ו פ א ל... ערשט רער דריטער קומט ריכטיג נאכ׳ן צווייטען, אויך — נישט מיט זיין גאנצער שטארקייט.

און דאך וואלט מען געקאנט רי דראמע רעטען. דער אקטיאר קאן מיט זיינע ב א ו ו ע ג ו נ ג ע ן דעקען די פעהלער פון דער שפראך! עס דארף אויסזעהן, אז די מענשען פיהלען מעהר און טיפער, אלס זיי רעדען, די קינדער דארפען דעריכער שפילען אזוי גוט, ווי די מוטער; עס זאל זיין א קאנצערט.

לאמיר האפען, אז צום צווייטען מאל וועט אזוי זיין און רי אקטיארען וועלען באצאהלען רעם אויטאדם חוב.

.1905

5.

## דוד אין מדבר.

אויב איהר ווילט זעהן שמואל הנביא אין בית־לחם ביי אן עמוד מיט צוויי ליכט פון פאדענט און צוויי, געוויס כהנים, אין חויכע שלאפיציען פון פאדענט און הערען פון זיין אייגען מויל,

ווי א מלך טאר קיין „קולאק“ נישט זיין און דארף נישט שמייסען מיט דער „נאגייקע“. אויב איהר ווילט זעהן, ווי ער שטרעקט אויס די הענט, פארגלייסט א פאר קאלטע אויגען און פארצעהלט, אז דער לייב איז מלך איבער די חיות, כאטש דער העלפאנט איז גרעסער, דער טיגער — ווילדער און דאס מפגיע'לע שטארקער, — נאר דעריבער, ווייל דער לייב פארצוקט און צורייסט נאר פאר זיין ווייב און קינר, פאר זיין משפחה, פאר זיין פאלק הייסט עס (!) און דעריבער קאן שאול בן קיש נישט בלייבען קיין מלך...

אויב איהר ווילט הערען, ווי דוד בן ישי זינגט א חזנ'ישען „למנצח“ מיט'ן קנאק; שיסט פון א רעוואלווער מיט אמת פולווער און איז א רואה ואינו נראה — א לייב...

אויב איהר ווילט זעהן איינעם פון די אידישע גבורים אין שאול און דוד'ס צייטען מיט א נענאלטער בארד... מיכל בת שאול אנגעטאן, ווי א קעכין אויף א מאסקאראדע הינטער דער שטארט, בשעת זי רעדט ווענען גלייכבארעכטיגונג פאר אלע בירגער און פארזיכערט, אז דוד המלך דארף נישט קיין הארעם, ווייל זיין הארעם איז דאס בית־המקדש און דאס תהלים'ל — זיין ווייב... און רעדט בכלל קענען עגאאיזם און ליעב האבען זיין „איך“.

אויב איהר ווילט הערען, ווי דוד, ווען ער איז שוין מלך, וויל טיילען די קרוין מיט מיכל, נישט, חלילה, מחמת תאוה, ווארים דאס תהלים'ל איז ראך זיין ווייב, נאר לכבוד דעם נעשטארבענעם שאול המלך... אויב איהר ווילט הערען, ווי ער ווייגט אויף זיין עלענד, ווייל ער איז געבליבען אהן א שווער...

אויב איהר ווילט זעהן, ווי אויסנעצייכענט אידישע גבורים אין שאול המלך'ס סוויטע שלאפען, אז כאטש די מוזיק שפילט, דוד המלך זינגט, אין אביעזר (אויב איך האב קיין טעות נישט) טרעט זיי אויף די הינער־אויגען...

אויב איהר ווילט הערען, ווי א שווארצע מויד, מיכל בת שאול'ס נענגערין זינגט ווענען ליעבע; אדער ווי פארצייטיגע אידען טאנצען מיט נקבות און הויבען זיי און ווארפען זיי אונטער אין דער הויך —

און בכלל אויב איהר ווילט הערען אפגענוצטע, אפגעדראשענע שארמאנקע־מוזיק און זעהן א פארס, אין וועלכען גבורים שטאר־

כען, גלית פֿאלט פֿון דוד'ס שטיין און מיכל בת שאול זינגט אחז א קול...

אדער, ווי שאול המלך מיט דוד'ן פֿון איין זיים און מיכל אויף דער צווייטער, זיצען אויף א טראָן פֿון דריי אמראנטענע אויסגעבעטע שטולען —

אויב איהר ווילט דאס אלץ זעהן, געהט אויף „דוד אין דער מדבר"...

אויב איהר ווילט האבען שטארקע איינדריקע, פּלאצען פֿאר לאכען, ווען אחיעזר קאן גישט ארויסשטעקען די שפּיז אין שלעכ־טען רואג'ס ברוסט און וויינען אויף'ן אידישען טעאטער, מיט זיינע אויטארען, לימעראַרישען רערעל־פֿיהרער און טאלאנטפֿאלע אקטיא־רען, פֿון וועלכע מען מאכט קוימענקערערס — געהט אויף „דוד אין דער מדבר"...

און אפשר וועט אייך גאר שמעקען דאס ליער פֿון דער מכשפה, וואס האט ערשט גישט לאנג ארויסגערופֿען שמואל הנביא פֿון קבר און זינגט שוין אהן ציין א ליער פֿון שדכנים, יונגע ווייבלעך, וואס האבען ליעב צו נאשען און דער עיקר — ווענען דער מטבע?

---

עס איז געוועזן א וכוח אין דער פּרעסע. מען האט די פֿראגע געשמעלט, ווער איז שולדיג, וואס דאס „אידישע טעאטער", אויף וועלכען מען האט אזוי לאנג געהאפֿט, ווי אויף משיח'ן געוואַרט. שפּילט „וועלוועלע עסט קאמפּאט" — „אשה רעה" און „דער־גלייכען — — —

צי זענען שולדיג די אידישע שרייבער, וואס „מאכען" נישט קיין דראמען...

צי איז שולדיג דער לימעראַרישער רערעל־פֿיהרער, וואס האט נומע זאכען און גיט „שונד" —

צי קוממ אויפֿצוהענגען דעם אנטרעפּרענער, וואס פֿארלאנגט דורכאויס שמוץ, צוליעב קאסע...

צי אפשר גאר די אידישע אקטיארען אליין, וואס ווילען בע־סער פֿרעהליך מאכען דעם עולם?

גלויבט מיר — א נארישער וכוח געוועזן...

שולדיג איז דאס „פובליקום“, דאס וויסטע, פארשאלטענע פובליקום, וואס האט אייערע גאר פאר שארמאנקע־מוזיק, אוינען — גאר פאר אויפרייסענדיגע זאכען און א געשמאק פון גראבע, ווילדע מענשען, פון אוממענשען.

דאס פובליקום, וואס האט אויף „רוד אין דער וויסטע“ דאס טעאטער פארפולט, בראווא געפאטשט, און — ארויסגערופען דעם אויטאר...

.1905

6.

## פון אידישען טעאטער.

(חער עפעלבערג פראטעסטירט. „דאס ווילנער בעל־תבית'ל“).

הער עפעלבערג איז בייז אויף דער רעצענזיע איבער „רוד אין דער מדבר“ אין „וועג“ נומ. צעהן.

עס איז נאך אין אונזער ליטעראטור קיין מאדע נישט, מחברים זאלען ארויסטרעטען קעגען קריטיקער. הער עפעלבערג פארזיבערט אבער, אז ער טוט עס נישט צוליעב זיך, נאר צוליעב דעם פובלי־קום, וואס איך האב באליידיגט. גוט. און איך וועל ברענגען ווארט ביי ווארט די שטעלען פון פראטעסט, וואס ריהרען אן די זאך (דאס פערזענליכע לאז איך פאר מיר) און וויל אויף זיי ענטפערען, נישט צוליעב מיר און געוויס נישט צוליעב הערן עפעלבערג, נאר אויך צוליעב אנדערע: צוליעב דעם פ ו ב ל י ק ו ם, וואס דארף און מוז באקומען א בעסערען געשמאק; צוליעב דעם אידישען טעא־טער, וואס עס איז שוין צייט, עס זאל האבען אפגעפאקט און אפ־געמאזולט מיט שונד־שטיק און אנגעזויבען וואקסען, און צוליעב דעם אידישען שוישפילער, — מען זאל פון איהם קיין פורים־שפי־לער נישט מאכען...

און אויב דער הער עפעלבערג פארזיבערט צום סוף פון זיין פראטעסט, אז „אלע אקטיארען, וואס האבען געשפילט אין זיין פיעסע, זענען שטאלץ אויף זייערע ראלען“, מוז איך, צוליעב דעם אמת, אויסזאגען א סוד פון חדר: אין רעדאקציע פון „וועג“ זענען

געקומען צוויי פון די ב ע ס ט ע שווישפּילער און האָבען, אַלס דעלעגאַטען פון דער טרופּע, פאַר דער רעצענזיע געדאַנקט...

וואו ליגט דער אמת? זאָלען די שווישפּילער דערקלערען. און אַצינד — צום פּראָטעסט:

הער עפּעלבערג שרייבט:

אויב איהר ווילט זעהן שמואל הנביא הינטער בית־לחם — נישט אין בית־להם און נישט ביי קיין עמוד, נאָר — שטעהן ביי א מזבח מקריב זיין א קרבן, הינטער איהם צוויי כהנים און דאָס פאָלק צווישען זיי אויך ישי פון בית־לחם, קניען אַרום מזבח און מתפּלל זיין צו גאָט. (שמואל א׳ ט״ז).

דאָס, וואָס אויף דער סצענע איז געשטאַנען א ה י ל צ ע ר־ נ ע ר עמוד, נישט קיין נ ע מ ו י ע ר ט ע ר מזבח; די צוויי ליכט פאַר׳ן עמוד, די שלאַף־מיצען אויף די כהנים׳ס קעפּ, די שורה מוירען, רעכנט ביים „מזבח“ — דאָס אַלץ פאַרשלינגט הער עפּעל־בערג. וואָס האָט אַליין דאָס שטיק רעזשיסירט, און גאָרנישט! ער פאַררופט זיך נאָך אויף שמואל א׳ ט״ז, וואו עס ווערט גערעדט פון קרבנות, אַבוואָל דער איינציגער קרבן ביי דער סצענע איז גע־ווען נאָר דער שווישפּילער.

הער עפּעלבערג זשעניִרט זיך אָבער נישט און רופט ווייטער: אויב איהר ווילט הערען פון שמואל הנביא׳ס מויל —

ק ל ו ג ע ווערטער, ווי שעהן ער ברענגט אַרויס גאָטס רייד: „ואני מאסתיו ממלוך על ישראל“ — אז שאול׳ן האָט גאָט פאַר׳מאוס׳ט פון צו זיין א מלך איבער ישראל — ווייל ער איז צו האַרט פאַר׳ן פאָלק, און זאָגט דאָביי — נישט ווי דער קריטיקער שרייבט פון א נאַגייקע — א וואָרט, וואָס געפינט זיך נישט אין דער גאַנצער פּיעסע — נאָר:

„מע ציטערט פאַר׳ן קאַנטשיק, מע פלאַטערט פאַר דער רים,

„אָבער פאַר זיי אַכטונג האָבען, דאָס קיינמאָל נישט...“

אַלזאָ — קאַנטשיק, נישט נאַגייקע!

שאול האָט פאַרלוירען די מלוכה, ווייל ער האָט נישט געהאַט דאָס האַרץ אויסצוראָטען די עמלקים פאַר זייער פעטערס זינד, און הערן עפּעלבערג איז ער דער פאַרשטעהער פון דער נאַגייקע — פאַרדאַן — פון קאַנטשיק!

די נביאים — ווייסט הער עפּעלבערג — וואָס שטעלט זיך

נאר אויף פסוקים — „ויי נביאים האבען ליעב צו רערען מיט משלים“. זאגט טאקע שמואל א משל —

פון א לייב מיט א וואלף, אז שאול פון שבט בנימין. וואס יעקב האט אין זיינע ליערער נעגלייכט צום וואלף, דארף נישט קיין קעניג זיין, נאר איינער פון שבט יהודה, וואס יעקב האט פארגליכענט צום לייב. און דאביי רערקלערט ער זייי דעם לייבס איינגענשאפט: אז ער ווארפט זיך ז ע ל ט ע ן אויף א מענש. און ווען ידער מענש אנטלויפט נישט פאר איהם, נאר קוקט איהם גלייך אין רי אויגען אריין, ווארפט זיך נישט אויף איהם דער לייב, ווי רי נאטורפארשער באַשרייבען דעם מלך פון רי חיות.

גרויסארטיג איז ידער „זעלטען“ — הער עפעלבערג איז געַנים, זעהט איהר, אפילו אין נאטור־געשיכטע... און פילייכט באַטייט דער „זעלטען“: שטענדיג, נאר אויסער, ווען דער לייב שלאפט... ארער: ווען ער איז טויט... און דער משל ווערט דערצעהלט —

כרי צו רערקלערען, פארוואס גאט וויל נישט האבען שאול׳ן פאר א מלך.

שאול, חייסט עס, האט פארצוקט, כאטש מען האט איהם נישט נעקוקט אין רי אויגען אריין; ליירער האט ה׳ עפעלבערג אויף דעם קיין פסוק נישט...

און אבוואל אהן א פסוק, רופט ער ווייטער אין קרעמעל אריין:

אויב איהר ווילט הערען רוד בן ישי זינגען א קאפיטעל פון זיין תהלים: „השמים מספרים כבוד אל“, מיט אן אמת זיסען פאסטוך ניגון און שיסט נישט פון א רעוואלווער מיט פולווער, דען עס הערט זיך א שטומפיגער קלאפ, ווי פון א בוינען.

און דאס, וואס ראס נעעהרטע פובליקום, פאר וועלכען הער עפעלבערג נעמט זיך אזוי אן, הערט א חזנ׳ישע, נישט קיין שעפעריַשע זאך, און ווערט פארציטערט פון א שאס פון א פיסטויל, נישט עפעס אנדערש... און דאס, וואס די פייל פון בוינען גיט נישט קיין ש ט ו מ פ י ג ע ן ק ל א פ, נאר א פ י י ף אין דער לופט— דאס אלץ מאכט נישט אויס... שעהן איז, מיינט הער עפעלבערג צו

זעהן, ווי דוד לויפט צו מיט מוט און טויט א ליב, וואס האט זיך געווארפען אויף זיין העררע. און הערען די שעהנע פראזא:

„האסט געוויזען דעם שטאלצען טירישען קעניג, אז צום
„זיג איז כלויז גבורה גאר ווענינ.

און שפעטער אויף מיכל'ס זאגען:

„אך, ווי געפעהרליך איז דאס לעבען אין וואלד!

„ענטפערט ער:

„נישט מעהר ווי אין שטארט... גאט איז איבעראל. די
„צוויי־פיסיגע חיות אין מענשען־געשטאלט זענען געפעהרלי־
„כער ביי דעם בעסטען פאל... מען קאן זיך גאר איינהיטען
„פאר די פיינט; אבער נאט העלף פון פארשטעלטע פריינד!"

עס איז אפילו מיט גראמען. אדער, ווי הער עפעלבערג זאגט: שעהנע פראזא... עס איז אפילו נישט שעהן זיך אליין און כפרט אזוי נאריש צו לויבען, נאר וואס טוט עס נישט א מענש צוליעב דעם כבוד „פון פובליקום"...

אויך איהר ווילט זעהן אן אמת־אידעאלישע אידישע טאכ־טער, מיכל כת שאול, וועלכע, כאטש איהר פאטער האט געהאלטען מיט שטאלץ דעם צעפטער אין דער האנט און נאכגעגאנגען די תאוות פון יענע צייטישע מלכים, האט געהאט א חארעם מיט פרויען א. ד. גל. דאך איז זי, מיכל, רערנעגען דעם פאטערס פיה־רונג צום פאלק. און ווען שאול רופט אן דעם פאלק: מורדים, זאגט זי:

„דאס גאנצע פאלק! הייסען זיי מורדים ביי דיר?
„האסט דו פארגעסען ווער דו כיסט געוועזען פריהער? פא־
„טער! האסט דו דיר די קרוין אליין גענומען? האסט דו זי
„בירושה פון דיין טאטען באקומען? גאט האט זי דיר גע־
„געבען, האסט געהאט די ווערט; אבער זי פאסט נישט פאר
„דעם, וואס לעבט מיט דעם שווערד! די קרוין איז נישט
„מיין אייגענטום! פארלאנגסט צופיעל! זי געהער דעם פאלק,
„ער קאן זי לעגען אויף וועמעס קאפ ער וויל!"

און ווייטער דאס זעלבע. ה' עפעלבערג שטעהט אויפ'ן פסוק [illegible] קען נישט דעם פסוק — איבער דער שעהנקייט פון זיין „פראזע" נישט צו דערען —

און זי וואלט קאנען קרינען א מלך ארער וועניגסטענס א העלד פאר א מאן. אבער זי וויל בעסער אן עהרליכען פאס־טוך, איינעם פון די דאמאלטינע צוויי ארבייטער־קלאסען: ערד־ארבייט און פיהצוכט. אויך ראן. ווען זי ירש'נט צוזא־מען מיט דוד'ן דעם פאטערס קרוין, האלט זי א רערע ביים טראן וועגען דער קרוין און זאגט:

„הערט אויס העלדען א. ז. וו.
„דער ערשטער מלך איז געווען צופיעל פארפיהרט; ער
„האט מיט זיין מלוכה קענען פאלק שטאלצירט, ווי אלע די.
„וואס ווערען — גרויס פון קליין, פארגעסען, על פי רוב, ווער
„זיי זענען געווען..."

דערנאך זאגט זי נאך:

„מיכל בת שאול איז נישט די מלכה פון די היירנישע
„קאנטען; א אידישע מלכה דארף קיין צירונג, קיין בריר־
„ליאנטען; דוד בן ישי דארף קיין הארעמס נישט צו הא־
„בען; זיינע תאוות האט ער אין די וויסטע באגראבען. זיין
„הארעם וועט דאס ערשטע בית־המקדש זיין, און דער תהלים
„—זיין געזאנג און זיין וויין..."

ווי געפעלען אייך מיכל בת שאול'ס ליבעראליזם, די דאמאל־טינע צוויי ארבייטער־קלאסען? דער אויסוואהל: א מלך ארער א העלר? דער י ח ו ס אין שאול'ס צייטען? טאמער ווייסט איהר, ווען און מיט וואס שאול האט שטאלצירט קענען פאלק, אין תנ"ך ארער, להבריל, גאר אין דער „פיעסע"? ווי געפעלען אייך די „תיידנישע ק א נ ט ע ן"?... דו נעניטסקייט און ראס קלארע וויסען. אז דוד בן ישי דארף נישט קיין הארעם? אז זיין הארעם וועט זיין דער בית־המקדש, וואס נאט וועט דעם גוטען, הארצינען דור נישט לאזען בויען. ווייל זיינע הענט זענען באפלעקט מיט בלוט?

נאר אמת איז, אז דאס תהלים דארף זיין דור'ס „וויין", נישט „וויב". ווי איך האב, זעהט אויס, שלעכט געהערט, פארפיהרט פון „הארעם"...

און ווייטער „אויב און אויב" —

אויב איהר ווילט זעהען דוד המלך'ס גוטסקייט, ווי דער פסוק שטעלט איהם פאר, ווען שאול מיט זיינע העלדען זענען

נעשלאפען אין דער מדבר זיף און דוד איז צו צו שאול'ן און אוועקגענומען זיין שפיז און קרוג, און ארויף אויפ'ן בארג זיי אויפוועקען פון דארט (ויבא דוד לילה והנה שאול שוכב ישן וכו' ואבנר והעם סביבותו וכו' ויקח דוד את החנות וכו' ויעמוד על ראש ההר ויקרא וכו' שמואל א' ב"ו).

נאר אין פסוק זינגט מען נישט און אביעזר טרעט נישט איר בער קעפ און פיס...

אויב איהר ווילט הערען, ווי דוד רעדט צו אבנר'ן, ווען דער לעצטער טראגט איהם פאר די אירישע קרוין, און ער, דוד, שטעלט איהם א באדינגונג, אז ער מוז איהם פריהער ברענגען מיכל בת שאול (לא תראה את פני כי אם לפני הביאך את מיכל בת שאול, שמואל ב' ג') און זאגט:

מיין נישט, אז די תאוה דיקטירט מיר אזוי,

„ניין! איך וויל עס לכבוד המת משיח ארוני."

וואריס, ווי קומט ת א ו ה צו „דוד המלך"? אי וואס: פלגשים—בת-שבע—נארנישט. דאס איז אין דער פיעסע נישט רא...

און ער כאן רערט הער עפעלבערג ערנסט, מכאן ואילך, פאר־נעסט ער, אז פאדטיידיגען דאס פובליקום דארף מען „בבובד ראש" און הויבט זיך אן צו וויצלען...

הער עפעלבערג! צי ווייסט באמת נישט דוד המלך (אין איר־ער „פיעסע", נאטירליך), אז ער איז געבליבען אהן א שווער, ארער איהר האט שוין די שטעלע ארויסגעוואָרפען פון שמיק? הער עפעל־בערג, א מכשפה מעג זיין אהן ציין, נאר א שרייבער מוז האבען טאלאנט... הער עפעלבערג — א הארעם האט געהאט דוד, נישט שאול, און אין הארעמען ווערט מיט מענער נ י ש ט געטאנצט... נאר געגנו...

הער עפעלבערג האט אויך אסך פון מיינע מענות פ א ר־ש ו ו י ג ע ן... און זיין פראטעסט מיט מיין ענטפער האבען שוין צופיעל פלאץ פארנומען. מיר ווילען איבערגעהען צום „ווילנער בעל־הבית'ל".

די טעמא איז צום באארבייטען זעהר א שווערע. דאס וויל־נער בעל־הבית'ל איז געווארען אויס פאקט און איז נאך נישט קיין לעגענדע געווארען, און ווער פילייכט דערצו נישט קומען. און —

דער צווישען־מאמענט איז אם שווערסטען צו באַהאנדלען. עס איז אזוי נאהנט און דאך אזוי ווייט, און דו ווייסט נישט, וואו זיך צו שטעלען קענען דער זעהר און ווי אזוי צו מאָלען.

אויף דער סצענע זעהען מיר דאס ווילנער בעל־הבית'ל נאך אין דער היים. שבת פאר'ן אוועקפאָהרען מוזיק שטודירען קיין ווארשוי, אהין ציהט דאס „שטרעבען" צו העכערע וועלטען. אהין רופט איהם אויך א יונגענד־באקאנטע, א שטיקעל גרעפין, דאכט זיך, מיט וועלבער ער האט זיך באקענט אין מאניושקים הויז, הינטער ווילנא. דער פאטער זיינער (דעם ווילנער בעל־הבית'לס)— אן אלטער חזן, וואס האט אויך אמאל „געשטרעבט", שרעקט זיך פאר ווארשוי, דארט קאן מען לייכט אראפּ פון וועג. דעם ווילנער בעל־הבית'לס שוועסטער — א מין סימבאליש־רעקאָרענטיש־קראַנקע פערזאָן און דאצו, צום גרעסטען עפעקט — א בלינדע, האט א פאר־געפיהל. אז זי הערט דעם ברודערס זינגען און שפּילען צום לעצטען מאל — די שווינער ציטערט אויף פאר'ן ווארשעווער יצר־הרע, נאר דאס ווייב, דעם ווילנער בעל־הבית'לס, א פארצוי־גענע, פוילע, עגאָאיסטישע בת יחידה — פרעהט זיך — ער וועט צוריקקומען און ברענגען מתנות, דער עקר: א מאנטעל, אזוי ווי דער, מיט וועלבען א געוויסע גבירה פאראדירט אין דער ווייבערישער שול...

דאס בילד טוישט זיך און מיר זעהען שוין דאס ווילנער בעל־הבית'ל נאך א גליקליכען קאנצערט, אין דער גרעפינס סאלאָן, אין ווארשוי. מיט'ן קאנצערט האט ער אפּגענומען די וועלט, אלץ זיך צו די פיס געווארפען און שכור פון כבוד (אין בעסערען זין) און פון דער ליעבע צו דער גרעפין, איז ער גליקליך — ער פאהרט מיט איהר ווייטער שטרעבען — קיין איטאליען.

פאהרען פאהרט ער דאך נישט. דער פאטער באוויזט זיך, דער אלטער חזן, וואס איז געקומען נאך איהם. ער וויל'ן אהיים נעמען. ער רארף נישט זינגען פאר פרעמדע, זיין געזאנג געהערט צו זיין פאלק, נאר צו „כל ישראל" — און ער געהערט נישט צו דער גרעפין אין ווארשוי, נאר צום ווייב מיט די קינדער אין ווילנא. א מלחמה אין ווילנער בעל־הבית'לס הארץ... גובר איז רי אי־רישקייט — ער פאהרט אהיים. ער רייסט זיך אוים פון דער פרעמד.

ער רייסט אבער אויס נאר מיט'ן גוף; זיין נשמה איז געבליבען אין דער פרעמד. אהיים פאהרט נאר א גולם פון ווי־לע בעל־הבית'ל... מיט דער נשמה צוזאמען האט ער דעם געזאנג פאר־לוירען, (איינמאל אין לעצטען אקט וועט ער נאך שפילען, און צו־ברעכען דאס פידעלע — דאס וועט זיין פאר'ן טויט!) ער האט אפילו די שפראך פארלוירען, דעם ווילען צו רעדען... גאר וואס?

מיר זעהען איהם שוין קראנק אינמיטען וועג פון ווארשוי קיין ווילנא; אין א קליין שטעדטעל, אין א חסיד'ישע קלויז. פאר וועל־כער די בויר האט זיך אפגעשטעלט מיט די פארשוינגען. אין קלויז רעדט מען פון איהם, נישט וויסענדיג ווער ער איז. פון דערווייטענס — א שטיק וועגס פון ווארשוי — ווערט ער שוין א שטיק לעגענדע... דער „רבי ר' מיכל" האט פון איהם נסים ונפלאות דער־צעהלט — צוזאמענגעקנעטען די מלכה שבא (די גרעפין), דוד המלך'ס פידעלע, אשמדאי, שלמה־המלך'ס סוף און א מעשה נורא געמאכט! דאס בעל־הבית'ל (דער פאטער איז ארויסגעגאנגען זו־כען אן אפאטייק, צו קויפען אביסעל ווייז פאר'ן קראנקען זוהן) שווייגט... נאר אז עמיץ זאגט, אז ער איז געשטראפט געווארען פאר א שרעקליכער זינד: ווייל פריהער, ווען ער איז נאך חזן גע־ווען, האט ער נישט געזונגען פאר גאט און נישט פאר כל ישראל. גאר פאר זיין אייגענעם כבוד וועגען, — שטעלט ער זיך אויף און בעט זיך: ניין, זאגט נישט אזוי... „פון וואנען ווייסט דו?" „איך בין עס!" — לאכט מען, ווי דער ר' מיכל וויל. „אני שלמה", זאגט ער...

דאס בעל־הבית'ל פאלט צוריק אין זיין אפאטישען אומעט אריין, און דערוואכט ערשט ווען בלאזשיצקי (א שליח מיוחד פון דער גרעפין אויס ווארשוי. וואס יאגט'ן נאך) קומט אריין און וויל'ן געמען צוריק... ער שפרינגט אויף, קריגט א נייע נשמה, ער לויפט. ער פאהרט...

גאר אזוי ווי ער איז נישט געבליבען אין ווארשוי, אזוי פאהרט ער נישט צוריק... דער פאטער האט'ן ווייטער, אפנים, אפ־געראטעוועט.

און מיר זעהען צולעצט דאס ווילנער בעל־הבית'ל צוריק איז דער היים... ווייטער א גולם — א גוף אהן א נשמה. ער שפילט

צום לעצטן מאל, צוברעכט דאס פידעלע, די שוועסטער פאלט און שטארבט... ער פאלט און שטארבט...

— ברוך דין אמת!

נאר, ווי עס איז, איהר זעהט א פראבלעמע; אן עכטע דראר מאטישע אויפגאבע.

צי האט ה' ארנשטיין זי אויסגעפיהרט? דאס איז די פראגע.

ווילנא זעהט מען נישט, גערעדט ווערט אין ווילנא, ווארשוי. אין טיט וועג אין א חסיד'ישער קלויז — וואלינעריש... איבער מר זיק ווערט גערעדט אזוי באנאל, אזוי פוסט, אז מיכל בת שאול וואלט עס געמענט נעמען פאר א טראן־רעדע, מוזיק—געזאנג—איי, איי, איי... עס פעהלט נאר: פיש, פיש, פיש... אין דער דראמא שלאגען זיך רעאליזם (די קלויז), סימבאליזם (דאס פידעל צוברע־כען), שטימונג (די בלומען הינטער דער בלינדער שוועסטערס פענסטער, א דערטרונקען הייזעריג שניידערל), און אלערליי ליר כעדארישע פארמען. געזונגען ווערט אין א אידיש־חזנ'ישען הויז, ווי אין דער ווארשעווער דייטשער שול, עס פעהלט נאר אן אר־געל... מאסענהאפט ווילד־פרעמדע מאטיווען, שטרעבען — נאציא־נאל מאטיווען (זינגען נישט פאר פרעמדע, — פאר כל ישראל — זיי האבען פיעל, מיר — נאר דיך איינעם) און אנהייפענישען פון גאנץ איבעריגע זאכען און מאמענטען, א. ד. ג.

אבער נאר דעם אלעם — א דראמע.

גוט געשפילט האבען: קאמינסקי (דאס ווילנער בעל־הבית'ל), קאמינסקא (זיין שוועסטער: לאה) נאר איבעסל איבערטריבען, ווייל עס איז זיך זעהר שווער צו האלטען אין ראלע, וואס איז רעא־ליסטיש־סימבאליסטיש־דעקאדענטיש אין א אידיש־ליטווישען הויז פ א ר צ י י ט ע ן! ליבערט (לאה'ס פאטער), פרוי יערמאלין (מלכה, דעם בעל־הבית'לס שווינער) נאר איבערטריבען גרימירט א. א. אמבעסטען האבען האר אויסגעפיהרט זייערע ראלען: מא־דאם סיעראצקא (דבורה) און ווייסמאן (אלס בעל עגלה), ווייל דאס זענען די איינציגע רעעל באהאנרעלטע און גאנצע פערזאנען. מאדאם טרילינג האט געהאט א זעהר אומפאסענדע ראלע, וואס האט זיך געשלאגען מיט איהר כאראקטער און נאך מעהר מיט איהר וואוקס און יאהרען. אזוינס דארף נישט געשעהען. עס מוז זיין א

פיין פאר דער שווישפילערין; עס פעהלען יונגע קרעפטען אין דער טרופע...

נאר ווייטער דאס זעלבע: דלות, דלות...

און „דור אין דער וויסטע" גיט מעהר קאסע, ווי דאס ווילנער בעל־הבית'ל...

.1906

7.

# אוי, דלות, דלות.

(מעאמער פעליעטאן)

קענט איהר די סוכה, אין וועלכער מיר נעמען אויף אונזערע טייערסטע און הייליגסטע געסט — די אושפיזין? קענט איהר דעם פלאץ אויפ'ן הויף, אויף וועלכען די סוכה שטעהט? דאס מאטעריאל, פון וועלכען זי איז געשטעלט?

אויפ'ן מיסט. צווישען ברעטער, טירען פון איבערגעבויטע היי־זער דורפען מיר מלאכים און אבות, און צדיקים צו גאסט. און דאס איז דער זכר פון דער אמאליגער פרייער סוכה אויף פרייע ווייג־גערטנער און פעלדער!

---

קענט איהר די הייזער, אין וועלכע מיר גיסען אוים אונזער האַרץ פאר גאט? וואו מיר וויינען פ א ר און נ א ך פאנ־ראסען? וואו מיר קומען, בלייכע און וואקעלדיגע, און נאך א תענית, לייענען „ויחל"; און טאנצענדיג, יום־טוב, זינגען „היום תאמצנו?"

קענט איהר די קוימענע פאדלאגע פון א גאנץ יאהר און דעם בייסיגען שטויב פון אלטען היי יום כפור? קענט איהר די שוואר־צע זוענט, דאס שפינוועבס אין די ווינקעלער, די צושניצטע, פאר־פלעקטע מיט חלב באנאסענע טיש און בענק? געדענקט איהר די אויפשריפטען „משנכנס אדר מרבין בשמחה" אוים חלב און ריעס? געדענקט איהר דאס ציטערינ־פאריתום'טע מאיר־בעל־הנס ליכטעל

אין ווינקעלע די פאראסטעטע צדקה־פושקע, דעם פארשטויבטען ארון־קודש מי'ם'ן פעטען פרוכת?

---

קענט איהר דאס אידישע בית עלמין?

איך רעד נישט פון דער הויפט־אלעע אויפ'ן ווארשעווער קברות ווי איך האב פריהער נישט גערערט פון דער דייטשער שיל — דאס א י ד י ש ע בית הקברות מיין איך — די פאַשע פאר ציגען און בהמות...

קענט איהר די „הייליגע" מצבות? די איינגעגראבענע, אויס־געבויגענע, מיט גראז און אלערליי קרייטעכצער באוואקסענע „תנצב"ה'ס", די איינגעפאלענע האלב איינגעזונקענע „לזכר עולם'ס" דאס האלב אויסגעפוילטע, האלב אויסגעשטויבטע „אייביגע גערעכ־ניש?"

די לופט פרעסט, דער רעגען וואשט, די ערד ציהט אריין אין זיך, און די נישט־איינגעטויערטע אידישע מצבה, מיט די צוויי הענט צום בהנים־דוכן'ען, מיט'ן צדקה־פושקעלע און אריינפאלענ־דיגער מטבע, אדער מיט'ן קליינעם ספרים־שענקעל — די אידישע מצבה זינקט און זינקט —

---

און קענט איהר דעם אידישען חדר?

דאס נאס פינסטערע געפענגניש, וואו מיר האלטען אונזערע קינדער?

און קענט איהר דאס אידישע טעאטער?

אויסשפייען פלעגט אַ אלטער משכיל פאר'ן אידישען „מנין", פאר דער סוכה, פאר'ן חדר, פאר'ן בית־עלמין...

— חזיר־שטעלכעל, אדער גלאט א שטעלכעל, זאגט דער מאָ־דערנער קריטיקער אויפ'ן אידישען טעאטער...

און דאך, שולדיג איז דער דלות...

---

דאס אידישע טעאטער קען קיין אויסנאם נישט זיין.

דאס טעאטער דארף זיין אַן אנשטאלט צום ערציהען דעם

גרויסען, און עס קען נישט בעסער און שענער זיין פאר'ן חדר, וואו עס ווערט ערצויגען דאס קינד...

צוזאמענגעשטעלט איז עס פון אלטע ברעטער, ווי אונזער סוכה; אזוי ריין, ווי אונזערע „שטיבלעך“, עס שטעהט אויך אזוי זיכער און רעכט, ווי אונזערע מצבות...

זאל נאר א נאראדאוואי נעבען א בלאז, פאלט עס איין.

---

ווער האלט אונטער דאס טעאטער?

חסידים און בעלי־בתים נישט — רייכע און אסימילאטארען נישט — דער פראלעטאריער ק ע ן עס נישט אויפהאלטען, ער האלט קוים זיך אליין אויף! — אין טעאטער אריין קומען: בעלי־חובות, קרובים פון אנטרעפענער און אקטיארען, נעכטיגע און מארגענדיגע סטאטיסטען — רעצענזענטען, מיטארבייטער און זעצער פון צוויי דריי אידישע בלעטער און נאך איינינע צ ו פ ע ל י ג ע געסט...

אויף וועמען צו שטיצען האט זיך דאס אידישע טעאטער נ י ש ט. און אויב א טעאטער האט זיין פובליקום נישט, מוז עס אריינגארען פון גאס, ווי אין א באלאגאן אריין, מוז עס זיין נח'ס תיבה מיט אלע חיות, א כל־בו פון זינג־טאנץ, שפרינג, שרייענריג, וויינענדיגע סצענען...

די האט א דראמאטישען טאלענט און מוז זינגען. יענער קען גוט לאכען און מוז, — ווען נארדין ארער הורוויץ הייסט—וויינען. יענע איז א לעבעדיגער קוואל פון הומאר און האט א זילבערען גלעקעל אין האלז, און מוז זינגען א הארצרייסענדיגע ודוי. פאראן א הומאריסט, גיט איהם א קאמעדיע, נישטא קיין ריינע קאמעדיע, ווי עס איז נישטא קיין ריינער פארם — אלץ מוז זיין אויסגעמישט און צוקנוידערט. א „פארשידענעס“. ווי אין פלייש געוועלבעל, א טאפ ביים פייער, און וואס מען ווארפט אין טאפ אריין, קאכט זיך; אייגענס, גע'גנב'עטס, פרישס, אלטס, אפילו נאר אנגעריהרטס...

און א סוברעטקע מיט א לאכענדיגען קערפער פון שפיץ קאפ ביז צו די שפיץ נענעל פון די פינגער; מיט פיס, וואס קענען

נישט איינשטעהן און מוזען אונטערטאנצען, מיט אוינען, וואס שפריצען זינדיג געפארבטע פונקען, ווי א שמירעריי, מוז זיך פלוצלונג א שטעל־אנידער טון און האלטען אן ערנסט־פייערדיגע רעדע וועגען מענשהייט, קענען בלוט־פארגיסען, קענען יאגען און פלאגען די כנסת ישראל. „אלע מענשען — זאגט זי — זענען מענשען — אוועק מיט דער אינקוויזיציע!“

---

און כל־בו'ס מוזען זיין די שטיק, יערען אוועגט כמעט קאלע־רען זיך דורך, ווי אין קאלעידאסקאפ גרויס־אינקוויזיטארען, לייבע אין שאפענע פעלצען, אלטע קעניגען אונטער'ן ארים מיט יונגע סוברעטען, אווינוסטען און בר־כוכבא'ס, און לצים, און קוימענ־קערערס, און וואס איהר ווילט!

און די קאסטיומען, און די אויסשטעלונג!

בערלינער סאלאנען אהן וועגט, הורקנוס אויף א פאטשייא־ווער פאטער־שטול. מר זוטרא וועט אמאל אריינפאהרען אויף א וועליסאפעד, — עלעקטרישע באלייכטונג האט ער שוין! און מי־רעלע אפרת, די פראווינציאנעלע מיוחסת, שרה שיינדעל, א פרומע רבי'ציו, וואס טאנצט רעם ליעבען פובליקום צוליעב, א ראד מיט מענער. און א דייטשער מיטעל־אלטישער הערצאג, און א גראס־אינקוויזיטאר פון שפאניען, און אחשורוש, דער מלך פון הודו ביז כוש, די אלע זיצען פאר אן אלט סערוועטען־טישטוך... בא, דיזעלבע לייט, וואס פיהרען אלס דינער איין אן אקט א שפיל, זעצען זיך אין א שפעטערען אקט אין די זעלבע קאסטיומען אין קעניגליכען פא־לאץ צום טיש אלס סנהדרין...

און דאס איז אויך נישט לייכט צו דערגרייכען... מערסטענ־טיילס ווערט געשפילט ערגעץ אין דרויסען — שטעהענריג אויף די פיס!

— קומט, בעלי־בתים, אין טעאטער אריין, וועלען מיר עס קאנ־נען אנטוויקלען — זאגט דער אידישער אקטיאר.

— מאכט נישט א טעאטער, וועל'מיר קומען, — זאגט דער אידישער בעל־הבית.

און דערוויילע נעהען טאלאנטען פארלוירען, אונזער געשמאק

ביים אננעלאפענעם, צופעלינען פובליקום, פארראַרבט זיך פון טאג צו טאג...

אוי, דלות, דלות!

און דלות מאַכט קאָנקורענץ.

מיר האָבען שוין א דריטע טרופע אויף מוראַנאָוו, עס וועלען זיין נייע פּאַס־פּאַרטו'ס...

.1906

8.

## גאַרקי'ס „אויפ'ן לעצטען שטאַפּעל".

גע שפילט אין וואַרשעווער אידישען טעאַטער.

ערשטענס — „אשר קרך ברוך" — טרעף איך א גוטען פריינד אויפ'ן וועג — א „קאַפּעליוש פריינד" — „אוועגט" — „אוועגט", ווי געוועהנליך; א ציה ביי דער מיץ (עס איז ד אך ווינטער) א דריק ביי דער האַנט און אפּגעשטעלט זיך: ער פּאַרטרעט מיר דעם וועג אויפ'ן שמאָלסטען טראָטואַר אין עס כטיעלנא פון דער נייער וועלט. מיט איין וואָרט — א באַגעגעניש.

— אין טעאַטער אַריין, הע?

איך שאָקעל מיט'ן קאָפּ אויף „יא".

— אויפגענומען מאַטעריאַל אויף א פעליטאָן?

איך שאָקעל נאָך אַמאָל מיט'ן קאָפּ אין דער לענג, און שווייג פאַר שרעק, עס זאָל זיך נישט מאַכען קיין „געשפּרעך אויף דער ווייל", ווי ביי ווייבער ביים געזעגענען זיך אין פּעדערדרהויז.

— הום... — מאַכט מיין שכן, נישט זעהר צופרידען. — איך וויל מיך דערמיט באַגנוגען, שטרעק אויס רי האַנט, שטעל שוין אויס א פוס; מיין „קאַפּעליוש־פריינד" נעמט אָבער אַרויס דעם גאָלדענעם זייגער פון וועסטען־טאַש און, זעהענדיג, אז, „עס איז ערשט דריי פיערטעל אכט", עפענט ער אויפ'ס ניי דאָס מויל:

— נישט גלייך! — זאָגט ער.

מיין פּנים פאַרקרימט זיך אויף א פּראָגע־צייכען —

— דאָס שרייבען פון טעאַטער!

און ער צוהיצט זיך פלוצלונג, פּלאַטט אויף, ווי טרוקען שטרויז

— היינטיגע צייטען... האמעל... אנארכיסטישע אנפאלען... בעלי־בתים באקומען קיין דירה־געלט נישט... אהן קרעדיט... מען מאכט אפילו קיין „היפאטעקען" נישט... דלות... נישט זיבערקייט פי'ן לעבען... רעפרעסיען... נעשיסעריי... פחד פאר נייע פאגראר־מען — — —

איך מאך אן אומגעדולדיגע באוועגונג: ער לאזט מיך אבער נישט קומען צום ווארט —

— איך ווייס... איך ווייס: אידישע קולטור, אידישע קונסט — אידישע נשמה... וויכטיג, זעהר וויכטיג — אויסרייניגען די שטאל — מען מוז ארויסטרייבען די סוחרים פון בית־המקדש — דעם פובליקום אריינפליסען נעשמאק — אבער, מענש! האמעל און טעאטער! א נאך־נישט־פארלאשען פייער און די סצענע. נאך נישט פארטריקענט בלוט אין די ביהנע!

— און דו. וואו אהין נעהסט? — האק איך איהם איבער מיט א שטימע פון א קאלט־וואסער־גוס אויף א צוהיצטען קאפ.

— איך? — פרעגט ער איבער, נאך אמאל ארויסכאפענדיג דעם זייגער — שוין אכט — איך? איך געה אין צירק אריין...

---

ברוך שפטרני; איך געה ווייטער, און טראכט: ווי אזוי וועט ארויס גארקי'ס „נא דניע" אויף דער אידישער סצענע?

אזא פרעמד לעבען, אזוי אייגענארטיג רוסיש, און פון סאמע־ראדנע קעסעל־גרוב אין רוסישען וואסער — צי וועט זיך דער אי־דישער אקטיאר סאנען איינטראכטען, איינפיהלען און איבערגעבען די זאך? און ווי וועט זיך פארהאלטען דאס פובליקום צו א דראמע אהן א „מעשה נורא", אהן טענץ (כאטש גארקי'ן איז זעהר לייכט געווען אריינצופיהרען א שארמאנקע, און הייסען דעם עולם כאפען א טענצעל...). אהן גרויסע געשעהענישען? צי וועט עס פארשטעהן דעם גרויי־געמאלטען ניהנום, אחן רער אויפשריפט: „כל באיה לא ישובון"?

אין א ל נ ע מ י י ן זענען זיך די ספקות צורונען באלד נאכ'ן אויפגעהן פון דער פארהאנג: נאך די ערשטע עטליכע באַ־וועגונגען. נאך די ערשטע עטליכע ווערטער. איך זעה שוין, אז דער

אידישער נע־ונר׳ניק, מיט זיין גלות־פעהיגקייט צו לעבען אין אלע
סטרעפען, צו עסען ברויט פון אלע אויוועגס, בעסער געזאגט: צו
יונגערען אויף אלע „ארבע כנפות הארץ“ — וועט ביישטעהן!

איך זאג „אין אלגעמיינעם“, ווארים די איינצעלהייטען שערי־
גען. די „איבערזעצונג“, „געמאכט פון אן אקטיאר במשך פון צוויי
וואכען“ (ווי מען האט מיר מיט שטאלץ דערצעהלט „פון א זיבע־
רער קוועלע“) — אזא געשווינדע ארבייט און גישט פון א פאר־
מאן, חאט געמוזט האבען ערטער, ווי א ריב־אייזען, האט געמוזט
חאבען פעהלער צום ארויספלאצען מיט א געלעבטער... ווארים מא־
דאם טרילינג — א קארפולענטע, נישט־ריהרעוודיגע, עלטערע פרוי,
די גרויסארטיגע מוטער אויף דער סצענע, האט געמוזט אויסזעהן
קאמיש אין א ראלע פון א יונג, שעהן, ראמאנטיש מיידעל, וואס
דארף אין די ערשטע אקטען מימיש, מיט באוועגונג און בליק, אויס־
שפילען איהר ליעבע און אייפערזוכט, און פייערדיג אויספלאצען
ערשט אין לעצטען מאמענט פאר׳ן טויט... ווארים די רעזשיסעריע
מיט איהר צווייטען אקט, די נ י י ע לאטעם אויף די אלטע
רעק, קאמינסקי׳ס בארד פון א פורים־רב, און אנדערע קלייניגקיי־
טען, וואס מען וואלט געקאנט ביי א גוטען ווילען זעהר לייכט בא־
זייטיגען — דאס אלץ האט געשאדט, זעהר געשאדט דער זאך...
אבער ווי געזאגט, אין אלגעמיינעם איז געראטען. איך האב פאר־
געסען, אז דאס שפילען אידען, רעדען אידיש (אויסער איין „אס־
קאר“, וואס רעדט אומעטום און דא אויך „ריין דייטש“, איין
גאט און ער ווייסט פארוואס) און די נשמה איז אראפ אין רוסי־
שען גיהנום אריין, וואו די „קרבנות פון דער געזעלשאפטליכער
ארדנונג“ מאטערען זיך, צאפלען, ווי די פיש אין א נעץ און מוזען
אהן רעטונג פארגעהן...

— און דאס שטיק — דוימט מיר איין איינער פון הינטער
די קוליסען — דאס שטיק ווערט געשפילט אהן פראבען... די טרו־
פע האט אפגעריסען אלע פראבען... מארגען וועט זי א י נ נ א נ־
צ ע ן שטרייקען... א סבסוד וועגען געלט...

איך ענטפער נישט. מיך אינטערעסירט דאס פובליקום. צי
פארשטעהט עס גארקי? צי איז עס מיט איהם אראפ אין קעלער
אריין, צי פיהלט עס די האלב־שטומע טראגעדיע אין גיהנום אהן

פייער, וואו „געוויסען“ איז ווענינער סחורה, אלס אן אלטע טאש קארטען; וואו עס דרעהען זיך ארום צו פארגיכטונג פאר׳משפט׳ע שאטען פון געוועזענע מענשען, וואס דערמאנען זיך אמאל „אלטע“ ווערטער, און ווייסען שוין נישט, וואו און ווען זיי צו באנוצען; וואו געוועזענע באראנען דערמאנען זיך, אז זיי האבען אמאל אין בעט אין דערפריה קאפע געטרונקען (אסקאר דערט דייטש) און מיט „שמאנד“, און אנדערע לאכען און גלויבען נישט... געוועזענע אק־טיארען, וואס האבען אמאל קופלעטען נעזאנט, „טייל צום לאכען, טייל צום וויינען“ און האבען פאר׳שכור׳ט זייער זכרון... וואו מען אטעמט פריי אפ, אז א קראנקער שטארבט, און וועט שוין נישט הוסטען ביינאכט — וואו מענשען באפען זיך אויף אין דער פריה מיט א פראגע אין דער וועלט אריין: מען האט מיך נעכטען גע־שלאגען... ווער? פארוואס?

— קום אהיים, טאלטשע! — דערהער איך פלוצלונג, ווי מיין שכן, וואס האט זיך מיט אן איינגאנגס־בילעט ארויפגעבאפט ביז צו דער ערשטער רייהע — געגוג, קום! און טאלטשע, א ריקע פרוי, אלא מאדאם טרילינג, הויבט זיך אויף צום געהן.

— א שעהן פארוויילונג! — מאכט מיין שכן, געגוג הויך און שוין אינ׳ם געהן — שכורים, קאטארזשניקעס... און פאר דעם צאהל געלט...

צווישען די אקטען נעה איך ארום צווישען עולם.

אין א רעדעל רעדט מען:

— ווי געפעלט דיר „לוקא“ — דער פרומער מגיד מיט די גלייך־ווערטלעך?

— איך זאג דיר: מעהר גנב, ווי אלע... קיין „פאפירען“ האט ער נישט; ווער ער איז, זאגט ער נישט; וואס זיין טון איז, ווייסט מען נישט (דאס, איינענטליך, איז שוין קאמינסקי שולדיג) און אז עס הויבט זיך אן צו מאכען אן עסק און ער דערפיהלט, אז עס שמעקט מיט פאליציי — מאכט ער פליטה...

אויף אן אנדער ארט זאגט מען:

— עפעס א ווילד־משונה לעבען — — —

דער דערנער ענדינגט נישט, עס באוויזט זיך זיין טאלטשע.

גיט איהם א ציפ ביי דער קלאפּע פון שלום־ראָק:

— קום בעסער אין א קאנדיטאָריי... גענוג די „סחורה“...

---

טרויעריג געה איך ארויס פון טעאטער...

אמת, עס איז נישט געקומען דאָס רעכטע פובליקום פאר נאָרקי'ס „נאַ דניע“ — עס זענען געקומען די נעכטיגע און אייערטעכטיגע געסט, וואָס זוכען „אפּערעטקעס“ מיט כשוף־מאכערינס אין קורצע קליידלעך מיט פעטע ליעדעלעך... און יצר־הרע־פלאָמעגריגע אויגעלעך... געסט, וואָס ווילען איינזאַפּען מיט פאַרחונגערטע אויגען כאָטש עטליכע הייס־לעבעדיגע־זינדיגע פונקען, כאָטש פון דער סצענע אראָפּ, ווייל אין לעבען איז פאַראַן א טאָלטשע! — מענשען, וואָס קומען אין טעאטער אריין מיט דער זעלבער לוסט צו „פאַרברענגען“ און כאָטש אמאָל אויפצולאכען, מיט וועלכער דער אידישער לעזער פלעגט מיט עטליכע יאָהר צוריק נעמען א אידיש בוך אין האנט אריין — מען זוכט דעם מאַרשאַליק, דעם ב ד ח ן, דעם לייכטען, אויבערפלעכליכען, אויסגעלאַסענעם וויץ... מען רייסט איהם פון מויל אראָפּ, פון פידעל אראָפּ, פון טראָמפּייט ארויס — דאָס לעבען איז אזוי שווער, אזוי גרוי... נאָרקי'ס פובליקום וועט ערשט קומען... עס וועט געוואַר ווערען: היינט איז געווען די „פייער־פּראָבע“ פאַר'ן אידישען אקטיאָר, ער איז זי באַשטאַנען, ער איז ארויס מיט נצחון, און מאָרגען, אויב מען וועט נישט שטרייקען, וועלען קומען די בעסערע, די העכערע, די, וואָס...

די געדאַנקען האַקט מיך איבער א ניי באַגעגעניש.

איך דערקען איהם: א טעאטער־מאַן — אַן עכטער ליעבהאַבער פון אידישען טעאטער און מיין „שונא“. ער האָט ליעב דאָס אידישע טעאטער, ווי א מאַמע איהר איינציג קינד, און זעהט נישט און וויל נישט, און קאַן נישט זעהן זיינע פעהלער; פיינט האָט זי די, וואָס ווילען איהר די אויגען עפענען... עס איז איהר איינציגע ליעבשאַפט...

ער זאָל מיך קאָנען דערטרינקען אין א לעפעל וואַרעם וואַסער פאַר מיינע קריטיקען, וואָלט ער עס געטאָן אָהן א ישוב!

און ער זיצט לעבען מיר גאַנץ אָפט אין טעאטער מיט אַנגע־

שטעלטע אויגען, ווי די ענבער אויף מיין פנים. מאך איך א קרומע מינע. באוויזט זיך דער לייכטסטער שמייכעל ארום מיינע ליפען, ווערט זיין פנים „אנגערוקט“, וואלקענדיג און אין די אויגען זיינע פלאמט אויף א שנאה... איינמאל, נאך א קריטישען פעליטאן, האט ער עס נישט אויסגעהאלטען און ארויסגעפלאצט, מכלומר'שט נישט צו מיר, נאר איך זאל הערען:

— קריטיזירען איז זעהר לייכט — דאס קאן א שוסטער אויך!

און דאס האט ער עס מיך דעריאגט און אפגעהאלטען אין נאס.

— נו, וואס זאגט איהר אצינד? — איהר האט אויסגע־פיהרט? א וויבטיג שטיק? א דראמע איז עס? הא? עס איז אפילו קיין רעכטע ליעבע נישטא! א גנב — א שכור — און וויי־טער א גנב און ווייטער א שכור — —

— האט איהר — האק איך איהם אבער — נישט חשק עפעס אין מויל אריין צו נעמען?

דאנעגען האט ער נארנישט, און איך נעם'ן מיט אין „באר“ אריין, דער איינציגער נאך געבליבענער פלאץ, וואס מען קאן אבי־סעל לעננער זיצען בשעת'ן קרינס־צושטאנר“.

---

און אט זענען מיר אין „באר“, איינגעהילט אין רויך צום דערשטיקען, ציהען אין זיך אריין ריחות פון „קרויט מיט ווורשט“ און אלערליי אנדערע אונטערגעווארעכטע מאכלים טובים — זיצען מיר ביי טאסען שווארצען קאפע, דאס איינציגע „כשר“ אינ'ם „באר“. די נעשפינעלטע ווענט ארום אונז ווארפען אונז פיעלפאר־ביג צודיק אונזערע בלאסע, מירע און פארדראסענע נעזיכטער —

— זאגט איהר — הויב איך אן מיט דער זיכערהייט, אז איך רעד צום בעסטען עקזעמפלאר פון היינטיגען אידישען טעאטער־פוב־ליקום — זאגט איהר, עס איז קיין דראמע נישט?

— די מענשען אינטערעסירען מיך נישט — שכורים, גנבים...

איך פארהאלט די פארפלייצונג פין „מאוכע“ ווערטער —

— און קיין רחמנות, צום ביישפיל, אויף „אננא“ האט איהר נישט?

— וואס איז אננא?

— אננא איז אן ארבייטערס א ווייב. אט ליגט זי קראנק אין קעלער און איבערטראכטענדיג איהר גאנץ לעבען, קאן זי זיך נישט דערמאנען, צי זי איז אמאל זאט געווען... און האלב־הונגעריג האט זי שטענדיג געזאגט: צי האט זי נישט געכאפט אן איבעריגען ביסען? צי וועט ער עמיצען נישט פעהלען? און דער מאן האט זי געשלאגען...

— א וואונדער! „פאניע" א בעל־מלאכה!

— און זעהט איהר, זי טראכט אנדערש וועגען דעם... בעסער געזאגט: זי טראכט גארנישט וועגען דעם... שלאגען איז דער דרך הטבע. זי וואלט זיך געוואונדערט, ווען עס זאל אריבער־געהן א טאג אהן קלעפ. אין אזא פארבייטערט לעבען שלאגט מען! מוז מען שלאגען! און אהן א גאנץ גליד אין לייב, טויט־קראנק, פאכענדיג מיט דער נשמה — איז זי ראך אויפ'ן מאן נישט בייז, און אז מען לאזט איהר איבער אין קיך עפעס ווארעמס צו עסען, זאגט זי דעם מאן:

— געה דו און עס... איך דארף נישט... דו ארבייטסט, נעה, עס!

— א נארישע אידענע!

— ניין, — א קלוגע, וועניגסטענס א גוטע — זי ווייסט, אז דער מאן איהרער וואלט זי אנדערש באהאנדעלט, ווען דאס לעבען זאל אנדערש זיין... איינענטליך ווייסט זי נישט, נאר זי פיהלט... אויך ווייסט זי, אז דורך איהר קרענק איז דער מאן פארפאלען געווארען אין דעם קעלער, פון וועלכען מען קומט זעלטען ארויס... און אז זי וועט שטארבען, וועט ער אפשר פארט ארויס... ער איז א בעל־מלאכה! זי ווערט דעריבער נישט בייז, אז דער מאן עפענט נישט די טיר, ווען זי האט קיין לופט נישט צו אטעמען, אז עס שטיקט זי. ער זיצט אויף דער ערד, נישט ווייט פון טיר, און איז פארקיהלט, פארקיהלט ער זיך מעהר, וועט שוין איהר טויט אויך נישט העלפען — בלייבט ער שוין דא... איז ער א פארפאלענער...

און די אננא וויל שטארבען, ווייל זי איז מיד, זי וויל זיך אפרוהען... זי שרעקט זיך נאר: טאמער וועט דארט, אויף יענער וועלט, אויך קיין רוה נישט זיין...

דער קעלנער הויבט אן אויסלעשען די לאמפען... עס שלאגט צוויי, מען טרייבט אונז ארויס.

— די רעשט מארגען! — זאג איך.

— איך וועל אייך באגלייטען — ענטפערט ער.

---

מיר קומען ארויס. עטליכע שלוק פרישען אטעם און מיין מעטראמאן זאגט:

— אויף מיר מאכט עס א וואונדערליכען איינדרוק.

— וואס?

— נארקי'ס „שטיק“, פאראן שטערט, וואו מען רייניגט נישט. קליינע שטעדטלעך. דער ווינט קומט און קערט אויס; א דענען פאלט און שווענקט אפ; דערנאך נעהט אויף די זון און טריקענט אויס. מענשען באמיהען זיך נישט דערמיט.

אין גרעסערע שטעדט מוז זיין ארדנונג. מען רייניגט... מען קערט, מען פיהרט ארויס דאס מיסט — —

— נו?

— און הינטער די שטערט וואקסט א בארג מיסט... און נארקי פיהרט אונז שפאצירען אויף אזא בארג מיסט... נאך וואס? פאראן נאך גרעסערע שטעדט, למשל, ווין, בערלין, פאריז, וואו, לוים איך האב געהערט, לאזט מען קיין בערנער מיסט אפילו הינטער דער שטאדט נישט איבער... מיסט ווערט פארברענט...

— ריכטיג — זאג איך איהם — אבער לעבעדיג מיסט לאזט זיך נישט ברענען! בפרט, אז ווער ווייסט, צי איז „מיסט“ מיסט און „נאלר“ — נאלד... נארקי'ס לוקא זאגט, אז עס זענען קיין שלעכטע מענשען נישט פאראן... צי זענען די אלע, דאס גאנצע לעבעדיגע מיסט, ווירקליך שלעכטע, זינדיגע און דעריבער באשטראפטע? אט דער ערגסטער פון אלע, קאסטילאוו, דער איינציגער ווירקליך שווארצער כאראקטער אין שטיק, איז נארנישט באשטראפט! אמת, דאס ווייב זייגט „רייסט זיך גאנץ אפט פון איהם אפ“ און נעהט איהרע וועגען — דערפון ווייסט ער אבער נישט אויף זיכער. און אזוי, וואס פעהלט איהם? זיין הויז האט ער, דירה־נעלט באקומט ער — עסט, טרינקט און לויבט גאט... אין

שטיק ווערט ער געטויט און מיר. וואס זעהען זיין טויט אויף דער סצענע, ווײנען נישט און באשולדיגען זיין „מערדעריי“ נישט, אזוי ווי מיר באשולדיגען נישט זעהר שטארק זיין ווייב, וואס גענארט איהם ביים לעבען... דאס איז אבער נאר אין טעאטער, וואו דאס לעבען ווערט אונז פארטייטשט פון נארקי... אינ׳ם געוועהנליכען לעבען, אהן נארקי׳ס פירוש, ווערט זיין ווייב אנדערש באהאנדעלט. זיין מערדער — אויף קאטארגע געשיקט! און דאגעגען וועט קיי־נער נישט פראטעסטירען. ווארים אינ׳ם געוועהנליכען לעבען, אינ׳ם נישט ריכטיג־באלויכטען לעבען, איז קאסטילאוו אן עהרלי־כער מאן. אמת, ער קויפט גנבה׳שע זאכען, נאר קיינער וועט איהם נישט אויפווייזען, אז ער האט געוואוסט דערפון... ער וויל אפלייקענען דעם חוב, וואס ער איז שולדיג פאר׳ן געקויפטען גנבה׳שען זיינער, נאר ווער וועט גלויבען דעם גנב, ווען ער וועט מאנען? ער שינדט די הויט ביי זיינע אומגליקליכע געסט, נאר פאר׳ן איבער־ריגען האלבען רובל וועט ער קויפען בוימאויל צום הייליגען בילד אדער צום „נר־תמיר“, ווי עס שמעהט אין דער איבערזעצונג... קומט דער טאג, פאהרט ער מיט׳ן ווייב אויף דעם בית־עלמין ארויס, צו די הייליגע קברים... א פרומער מענש רעדט מיט גאט און פון מעשים טובים. לויבט דאס גוטע הארץ פונ׳ם אקטיאר, וואס קריגט רחמנות אויף דער קראנקער אננא און פיהרט זי ארויס אפאטעמען אין הויז אריין, און זאגט איהם צו עולם־הבא דערפאר: אויף יענער וועלט — זאגט ער — וועט מען דאס דיר פארריכטען, מען וועט דיר באצאהלען... אבער אז דער אקטיאר בעט: „גיב מיר עפעס דערפאר דא, אויף דער וועלט, שלאג מיר עפעס אפ דערפאר פון חוב“, פארשמעהט קאסטילאוו זעהר נוט, אז י ע נ ע וועלט מיט ד ע ר וועלט האבען קיין שייכות נישט. אז „געלט“ איז געלט. „חוב“ — חוב און מען קאן מיט מצוות און מעשים טובים קיין חוב נישט דעקען; און אז אננא וועט קומען צו איהם אין קיך אריין, וועט ער זי ארויסוואַרפען... ער איז חושד דאס ווייב אין א „פארהעלטעניש“ מיט׳ן גנב, ער קוקט זיי נאך — נאר רעדען וועט ער נישט — אביסעל האט ער מורא פאר׳ן ווייב אליין, מעהר — פאר׳ן יונגען, געזונטען גנב, אבער דער עיקר — ער פארדינט ביי איהם, קויפט אפ „סחורה“ און פארלייקענט האלב געלט!... און ער איז נישט קיין „מיסט“. פארקערט: סמעטענע! ער זאגט

מוסר, ער זאגט אפילו לוקא'ן מוסר... לוקא האט קיין פאספארט נישט, איז ער א שלעפער...

ווער דען איז טיטס?

דער אומגליקליכער אקטיאר, וואס האט זיך פארגיפט מיט אלקאהאל און דעם זכרון פארלוירען?... נאר היינט ווייסט מען שוין, אז שכרות איז א קרענק. און ווען אפילו א זינד, איז זי שוין הונדערט פאר באצאהלט מיט די ליידען, וואס דער אומגליקליכער שטעהט אויס. וואלט ער וועניגסטענס איינגאנצען פארגעסען! —

עס וואלגערען זיך איהם אבער נאך ארום אין קאפ אלטע זכרונות: שעקספיר'ס אפעליע... בראוווא... ביס... ער ניט זיך א שטעל פאר'ן עולם מיט די הענט אויף דער ברוסט... וויל דעקלאמירען! די זכרונות לאזען איהם נישט לעבען; און ער וועט זיך דאס לעבען נעמען!

און דער געוועזענער לערער־פאבריקאנט?

נעטרונקען האט ער נאך פריהער, נאר געשטויסען אין אפ־גרונט אריין האט איהם ראך נישט דאס...

— דאס ווייב, וואס איז אומגעטריי געווען?

— דער עיקר דאר נ א ר עפעס אנדערש... נאר עפעס הויך מענשליכעס... צווישען איהם און דעם ווייבס געליעבטען פלעגען ארויסקומען געשלעגען, געשלעגע ביי שכרות איז א געפעהרליכע זאך. עס קאן קומען צו א מערדעריי און — ער אנטלויפט פאר דער זינד? ער וויל זיין נשמה מיט בלוט נישט באפלעקען...

און אפשר וועלען מיר ווארפען דעם שטיין אויף'ן מאטער האַ־סאנס קאפ?

אז ארביימער נעווען, די מאשין האט איהם די האנט צורריקט און ער איז אראפגעפאלען, און קיינער וועט איהם נישט אויפהויבען... ער וועט שוין בלייבען דא, וואו ער פלעגט אמאל קומען א קערטעל באפען, ווייל דא איז דער איינציגער ארט, וואו אלע זענען גלייך, היימישע און פרעמדע...

און אזוי אנדערע — ווער ווירקליך איז מיטס? דער „גנב“, וואס מען האט'ן אזוי גערופען, נאך איידער ער האט עפעס פרעמדס גענומען און דערמיט געשטויסען איהם צו דער גנבה? דער גע־וועזענער טעלעגראפיסט, וואס האט זיך אנגענומען פאר זיין גע־ליעבטער שוועסטער און איז אריין אין תפיסה און פון דארט שוין

אהער נעקומען ?... די „געפאלענע“, וואס גאט ווייסט, ווער עס האט זי פארפיהרט ?... און אזוי אלע, אלע...

---

פון הינטער די וואלקען איז ארויס א בלאסע לבנה. ביי איהר שיין זעה איך, ווי מיין מעאטראמאן איז געריהרט פון מיינע רייד. דאס בעסטע עקזעמפלאר פון אידישען טעאטער־פובליקום הערט מיך אויפמערקזאם אוים און פיהלט. איך ווער שטאלץ דארויף און רעדעוורינגער:

— די אלטע ווילדע הארדע, זאג איך, — וואס איז באשטאנען פון נאקעטע, פארהונגערטע מענשען, האט אויף איהרע וואנדער־וועגען געמוזט טויטען אלטע און אפגעשוואכטע, נישט געזונט און גאנץ געבוירענע קינדער, מיידלעך איבער דער צאהל, און באגראבען אויפ'ן ארט — נישט געוועזען מיט וואס צו פיהרען און מיט וואס צו שפייזען די, וואס האבען אליין די קראפט זיך צו דערנעהרען נישט געהאט...

און מיר אינ'ם וועג פון אונזער קולטור, מיר, די פארשטעהער פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט, טוען אויך דאסזעלבע. אונזער פאמיליען־געפיהל איז שטארקער, אויף היימישע האט מען רחמנות, פרעמדע, שוואכע, קראנקע לאזט מען אויפ'ן וועג...

מען טויט זיי נישט, ד י מובה טוט מען זיי נישט — מען פארשטופט נאר מיט זיי די תפיסות אדער די  ק ע ל ע ר — זאלען זיי פוילען לעבעדיגערהייט: „ידינו לא שפכו את הדם!“ איינענהענדיג האבען מיר דאס בלוט נישט פארגאסען; עס טריפט אליין, זאל עס טריפען... זיי פוילען, זאל ווערען פון זיי לעבעדיגע מיסט...

נאר לעבעדיגע מיסט קאן מען נישט פארברענגען, בפרט, אז דאס איז דאסזעלבע מענשליבע מאטעריאל, וואס אומעטום, נאר נשמות אפגעשטופטע, פארוואדלעסיגטע, געטראטענע... די לאסט פון אלע זאטע, פון אלע „עהרליכע“, פון אלע „גוטע און פרומע“ דריקט אויף זיי און ווען זיי דערשטיקען... דאס לעבען שמריקט זיך ארום זייער האלז, ווי א שטריק און ווערגט, און קיין רעטונג איז נישט דא!

אט וויל זיך „ראטעוועו" רער גנב... נאסטיא מיט איהר ריינקייט, מיט איהר גוטהארציגקייט, מיט איהר בארמהארציגקייט עפענט איהם די אויגען אויף. זי קאן זיין רעטונג זיין. ער וויל מיט איהר אוועק. אנהויבען א נייע לעבען. איהר צוליעב איז ער גרייט אפילו צום טויט: „נעם אט א מעסער און שטעך מיר אריין. אבי פון ריינע הענט". נאר ווען זייגע אויגען האבען זיך צום ערשטען מאל רעכט רערזעהן, האט ער זיך שוין געבאדען אין זומפ... האט ער שוין געלעבט מיט איהר שוועסטער, מיט דער בעל־הבת'טע פון „אורחים־הויז"... ער האט נישט געקאנט ליעבען, ער איז א פריי־געבינגער, מיט'ן אפענעם הארץ, מיט רער אפענער האנט, דער ערשטער צו הילף און זי — א שלאנג... א שלעכטע, א נייציגע, וואס ציהט'ן אריין טיפער אין זומפ, וועניגער אויס ליעבע, אלס מיט'ן פאלשען טיין, ער זאל זי פון מאן באפרייען... אזוי ווייט האט ער אבער נישט געוואוסט. איהר גאנץ נידערטרעכטיגקייט שווימט איהם בולט פאר די אויגען ארויס ערשט, ווען ער באמערקט נאסטיא'ן — עס איז אבער צו שפעט. נאסטיא ווייסט פון אלץ און קוקט אייף איהם נישט, גלויבט איהם נישט, איז איהם אין אל־דאס־בייז חושד, און אז זי קומט שוין האלב צום גלויבען, אז זי רעצידירט זיך שוין, גערירהרט פון לוקא'ס רייד, זי זאל איהם גלויבען און מיט איהם צוזאמען אויסוואנדערען, נעמט די שוועסטער און ווארפט זי ארויס פון פענסטער! דערפון מאכט זיך א געשלעג, באקומט דער אלטער קאסטילאוו א טויט־קלאפ און נאסטיא איז זיכער, אז אין רעם אלעם איז ע ר שולריג, אז ער מיט איהר שוועסטער האבען זיך אפגערערט, פטור צו ווערען פון ביידע מיט אמאל. און א רגע פאר'ן טויט פארקלאגט זי זיי ביידע פאר דער פאליציי, און שטארבט אהן א טרייסט, מיט'ן שרעקליכסטען חשר אין קאפ און ביטערסטען געפיהל אין הארץ...

קיין אויסגאנג, קיין רעטונג פאר די אראפגעשטויסענע —

און נישט אין דעם אליין שטעקט די טראגעדיע. די טראגעריע שטעקט רעריגען, וואס דאס מענשליכע אין זיי קאן נישט אינגאנצען אויסגעלאשען ווערען. פון אונטער'ן אש וועקען זיך פונקען... האפנונגען... דער אקטיאר זוכט דאס שפיטאל, וואו מען היילט פארגיפטעטע פון אלקאהאל, גאר איידער ער געפינט עס, כאפט ער זיך צוריק צום ביטערען טראפען און הענגט זיך... די

געפאלענע הערט נישט אויף צו חלום'ען פון רייגער, גליקליכער ליעבע, און דאס געפיהל, רער דורשט צו רייגער ליעבע איז ביי איהר אזוי שטארק, אז זי קומט צו וויזיאנען: זי לעזט ראמאנען און עס דאכט זיך איהר, אז זי איז די העלדין פון ראמאנען און דעקלא־מירט וועגען ליעבע, און דערצעהלט פון איהרע ליעבעס־ליידען, פון איהר אפפערען זיך... א סטודענט האט זיך אין איהר פארליעבט — אלע טאג האט ער אן אנדער נאמען, לויט'ן ראמאן, וואס זי לעזט— נאר זיינע עלטערען זענען רעדויף נישט באשטאנען... זי ליעבט'ן, נאר זי וויל נישט איהם מיט די עלטערען צוקריגען... ער וויל זיך טויטען — זי לאזט נישט: „דו ביסט יונג, שטארק, האסט א צו־קונפט פאר זיך"... און אז מען גלויבט איהר נישט, הויבט זי אן ביטערליך צו וויינען; שווערט זי, עס איז אמת! און לוקא זאגט, אז עס איז ווירקליך אזוי, ווייל אמת איז נאר דאס, אין וואס א מענש גלויבט...

און אפילו אננא, וואס וויל אזוי רוהען, קאן זיך דאך פון לע־בען נישט אפרייסען נאר איננאנצען. אמאל רייסט זיך איהר פון די האלב־טויטע ליפען ארויס: און אפשר וועל איך דאך געזונט ווערען?...

און אזוי אלע! — פונקען פון אונטער'ן איש, און אויסגעלאש־טען ווערען קאן עס נישט, און אויפפלאמען — אויך נישט...

אט אננא'ס מאן...

דעם ווייבס קרענק האט'ן אהער געבראכט, ער איז, לויט זיין מיינונג, אן איינציגער עהרליכער צווישען גנבים... זאל נאר דאס ווייב געזונט ווערען... און שפעטער: זאל נאר דאס ווייב שטאר־בען, וועט ער זיך שוין ארויסרייסען פון דאנען... די הויט וועט ער פון זיך אפרייסען און איבערלאזען, נאר אליין מוז ער ארויס. ער, דער עהרליכער ארבייטער — פון דער הייל פון גנבים, קאר־טען־שפילער, פוילענצער...

ער וועט אבער נ י ש ט ארויס!

דער ווייבס קרענק האט שוין צו לאנג געדויערט אין אנהויב האלט ער זיך ווייט פון אלע, ערהאבען איבער אלע — שפעטער קוקט ער נעהנטער צו, ער וויל זעהן, ווי דער עולם שפילט, און צום סוף בלייבט ער — א פאר'סמ'טער, א שילטענרינער...

און אזוי אלע, אלע...

און איבער די אלע שווימט ארום „לוקא", די אומגעוועהנליכע, פיליכט אויסגעטראכטע פערזאן, מיט איהר מעשה'לע וועגען פויער, וואס זוכט דאס „גערעכטע, עהרליכע" לאנד (אין דער איבערזעצונג: ערד). עס מוז זיין אזא לאנד... און אז דער געלעהרטער, צו וועלכען ער ווענדעט זיך מיט'ן געבעט, ער זאל איהם ווייזען, וואו דאס לאנד איז, ענטפערט איהם, נאך אומזיסט זוכען: ניטא! דערלאנגט ער איהם, דער פויער, איבער'ן קאפ און צורייסט איהם אלע ביכער מיט די מאפען (פלאנען אין דער איבערזעצונג). „עס איז נישט מעגליך, עס מוז זיין א גערעכט לאנד!"

אז נישט, ווי לעבט מען?

איך בין צוגעגאנגען צום טויער און קלינג אן.

— מען מוז נאך אמאל געהן! — זאגט דער טעאטראמאן...

— געווים, און נישט איינמאל. גוטע זאכען מוז מען עטליכע מאל זעהן.

דער שליסעל רדעהט זיך הייזעריג איבער אין שלאס.

— גוטע נאכט!

— גוטע נאכט!

.1906

9.

## .אש

נישט אש נאך אן אויסגעלאשענער פלאם, נאך שלום אש, וואס צופלאמט זיך אלץ חעלער און העלער: „שטעדטעל, „משיח'ס צייטען", „אל נקמות"... עס געהט וועגען שלום א"ש, מיט דער לאנגער טשופרינע, לאנגע פים, פליישיגער נאז און נישט גלייך אריינגעזעצטע אויגען, פון וועלכע עס קוקט ארוים אן עכט ארטיסטישע און ריין־קינדערישע נשמה און וועלכע ער לאזט באלד אראפ... נאר עבען אין דעם „אויג" געהט עס.

פון אש'ס ליכט־זייטען דארף מען היינט שוין נישט רעדען. נאך דער הסכמה פון ווארשוי, פעטערבורג, בערלין, ווין, דארף מען נישט באווייזען, אז אש האט טאלענט. אונזער ערטע און דעריבער נאריש־ניידישע, אש־קריטיק וועט קניענדיג פארשווייגען. „אש—

אז אייראפּעאישער שרייבער" — זאגט נישט איינער, פאר וועל־
כען אש איז ערשט נישט לאנג א „איננעל" געווען. „משיח'ס ציי־
טען" און „אל נקמות" זענען איבער די אייראפּעאישע סצענען, ווי
מעטעארען — אריבער; אש איז שוין די זון, וואס שיט מיט כבוד־
שטראלען אויפ'ן געבענשטען כנסת־ישראל־קעפּעל... די קריטיק קאן
אויף א צייט אן אש'ם „שטעדטעל" פארגעסען, עס איז נאך נישט
איבערזעצט... אבער „משיח'ס צייטען", דערהויפּט „אל נקמות"!
עס איז שוין צייט דעריבער פון אש'ם פעהלערען צו רעדען. וואס
גרעסער רער בוים, גרעסער איז זיין שאטען, און וואס טאלאנט־
פאלער רער דיכטער — אלץ שערליכער, ווארים צו אלעם ערשטען
אנשטעקענרער — זיין פעהלער! און אש'ם ארטיסטישער מאגען
איז שוין נענוג שטארק, קריטיק צו פארדייען; עס וועט איהם
נישט פארשאדען. מען האט איהם פון „יענעם צד" אזוי פיעל
פסח'דיגע סעורות געמאכט, ער איז אויף אזוי פיעל הם'בעטען גע־
ועסען, זאל ער אביסעל מרור אויך פארזוכען, זכר לפרעה... און
איך וויל איהם רעם מרור דערלאנגען: עס דארף געטאן ווערען מיט
ליעבשאפט... און נישט קיין גרינגע זענען אש'ם פעהלערען: סצע־
נישע עפעקטען און — א חן'רעל צו יענעם צד, איבער דער אידי־
שער גרענעץ אריבער. אין

„משיח'ס צייטען"

האט ר' חנה א „יום־טוב'דינער טיר", ווייסט עמיץ
פון דעם אויסדרוק? און אז ר' חנה מיט'ן ווייב דאר־
פען אפּפאהרען קיין ארץ ישראל, און די קינרער, די „צר־
זייהטע און צושפּרייטע" קומען זיך צו איהם געזעגענען פון פאר־
שידענע וועגען, מיט פארשידענע קאמוניקאציאנס־מיטעל, געשיהט
אויף אש'ם האקוס־פאקוס א נס און אלע קומען מיט אמאל, אין
איין נאכט, אין איין שעה, אין די מארגענס — איינס נאכ'ן צוויי־
טען דורך רער יום־טוב'דינער טיר! און צוליעב וואס? — צוליעב
עפעקט! און צוליעב עפעקט געהען חנה מיט'ן ווייב אויפ'ן בית־
עלמין ארוים, מיט די מתים זיך געזעגענען. אין שעהנעם העלען טאג
מיט בלאסע, גרויסע ברענענדיגע ליכט אין די הענט! צוליעב
עפעקט, נישט צונענעהט, נישט צוגעקלאפּט — א קרוש־לבנה אין
דריטען אקט! צום זעלבען צוועק געהען ענדע אקט אלע מיטגלי־

דער פון פארשידענע אידישע פארטייען, די קינדער פון דער צו־זייהטער און צושפרייטער פאמיליע, דורך איין שלאנבאן, נאך דעם קול פון א שופר! און צוליעב וואס איז יוסטינא, וואס האט איינ־איינציגען אידעאל — צו זיין א פוילישען מלך׳ס א קעפס־ווייב, אזוי מאלעריש־פאעטיש און ליעב פארגעשטעלט, בשעת ווען די פארשטעהער פון ה י י מ י ש ע פ א ר ט י י ע ן זענען כמעט אויבערפלעכליך־קאמיש ארוים? דאס איז שוין צוליעב א חן׳דעל צו דער פוילישער זייט... דעם חן׳דעל צוליעב האט ער איהר א שטראלענדיגע נשמה געגעבען, בשעת ווען אלע אנדערע האבען נאר ווערטלעך און שלאג־ווערטער באקומען. זינדיגער איז אש אין

„ג א ט  פ ו ן  נ ק מ ו ת“.

אין „אל נקמות“, וואו אש  מ א ל ע ר  וויל מיט געוואלד ווערען דענקער און פסיכאלאג און, פאלט, נאטירליך, איבער דער באנק. אויף דער ווארשעווער אלט־שטאדט, האט אש עפעס געזעהן, וואס — וויל איך אייך נישט דערצעהלען; קויפט „אל נקמות“ און לעזט, ד א ס  ד א ר ף  דאס  מ ו ז  געלעזען ווערען. און געזעהן האט אש, וואס אנדערע זעהען נישט, פאר וועלכען אנדערע געהען בלינד פארביי, און אויב זיי דערזעהען, פארשטעהען זיי עס נישט און פיהלען עס נישט, און עס וועט זיי קיינמאל צו א פאעמאט נישט באפרוכטען... שפייען וועלען זיי, אדער — זינדיגען... דאס ווענדט זיך: וואס זיי וועלען זיין, זאט אדער הונגעריג... און אש האט דער סצענע, לײדער נאר דער איירא־פעאישער, וועניגסטענס,  ד ע ר־ו ו י י ל,  ביים היינטיגען אידישען טעאטער, — א פאעמאט גע־שענקט... דעם צווייטען אקט פון „אל נקמות“.  אש האט אבער אן ערשטען און א דריטען צוגעגעבען, און אין די צוגעגעבענע אק־טען איז ער מיט אלע זיינע פעהלערען ארוים.

אין ערשטען אקט נעמט נישט יענקעל, וואס לעבט פון א שאנד־הויז, זיין איינציגע טאכטער, וואס ער וויל פון דער שאנד פארהיטען, און שיקט זי נישט אוועק אין אן אנדערע שטאדט אריין צו דערציהען, זי זאל די שאנד נישט זעהן, פון איהר נישט וויסען, ער דינגט זיך אפילו קיין אנדערע דירה נישט אין אן אנדערער גאס, ער זאל זי וועניגסטענס פון דער שאנד, ווי ווייט מעגליך איז, דערווייטערען... און עס קומט אויף איהם א גוטע שעה, און ער

וויל, וועניגסטענס דער טאכטער צוליעב, דאס הייזעל איבערמא־כען און אנהויבען האנדלען מיט פערד; פאלט איהם גארנישט איין צו טון עס, איידער ער וועט זי פארשלייערען, וואס עס וואלט א מעלה צו א שידוך געווען, און קלערט עס צו טון ערשט נאך איהר חתונה, ווען ער וועט שוין האבען דעם איידעם אין שטוב!...

און קאן ער נישט אנדערש, און וויל די טאכטער מציל זיין מיט זיין ליעבען נאטענס הילף, טוט ער נישט, ווי אנדערע פון זיין גלייכען טוען, ווי „מעשים בבל יום", קיין מצוות און מעשים טובים נישט... שיקט נישט ארעמע לייט אויף שבתים און ימים טובים, האלט נישט אויף קיין חלויים אין שפיטאל, מאכט נישט חתונה יתומים ויתומות... דאס טוען אלע, נאר נישט יענקעל! יענקעל שרייבט א ספר תורה! גלייך עס נעהט וועגען א בן זכר, וועגען א קדיש!... און שרייבט ער שוין א ספר, מאכט ער קיין „סיום התורה" נישט, זעהט מען קיין אותיות שרייבען... און צו דער סעודה, אהן דעם סיום, פארבעט ער זיינס גלייכען נישט, נאר בעל־הבתים, און נעהט זיי, אז זיי קומען נישט, ערשט פארנאכט אין בית המדרש אריין זוכען... און מאכט ער אן „ארעמע סעודה", טיילט ער שטעהענדיג... און דאס ספר פיהרט ער נישט, ווי עס דארף צו זיין, מיט מוזיק און טענץ אין שול אריין, און שטעלט זי נישט אין מקום קדוש אריין; האלט זי אפילו נישט ביי זיך אין שטוב, וואו ער קאן אמאל א מנין מאכען; ער שטעלט זי צו דער טאכטער (!) אין חדר אריין, פאר א קמיע, פאר א שמירה — די תורה זאל זי פון זינד באשיצען!!! און הייסט זי, אז זי האט נישט געהאלפען, ענגע שטיק, צונעמען פון שטוב... ער דארף זי נישט מעהר... אראפ אין הייזעל אריין געהט די טאכטער!

צוליעב וואס איז דאס אלץ געשעהען? צוליעב עפעקט... און דער גוי ווייסט נישט, און וועט נישט פרעגען... און דעם גוי צוליעב איז אריין דער „אל נקמות"! וואס האט אש פון אידישען גאט געוואלט? אש'ס סופר זאגט, אז נישט אלע זינד איז גאט מוחל. אויף וועלכע זינד העלפט עס קיין תשובה, קיין חרטה נישט? א חז'דעל! און צוליעב דעם חז'דעל, אז די טאכטער האט זיך פאר־זינדיגט. פאטשט יענקעל נישט — זי, וואס האט זיך אויסגע־גליטשט; נישט „מאנקא", וואס האט זי פארפיהרט; נישט דאס ווייב, וואס האט מאנקא'ן, די שלאנג אין גן־עדן אריינגעלאזט,—

גאט פאטשט ער! אפשר נישט באוואוסטזיניג — עס טרעפען זיך נישט „באוואוסטזיניגע“ קאקעטעס אויך — אבער אלץ א חנ׳דעל צום קריסטליכען עולם...

„אל נקמות“ איז, לויט מיין געשמאק, א גרויסארטיג ווערק, און דעריבער — טוט עס מיר אזוי וועה. וואס פיינער עס איז דאס ציינג, מעהר פארדרוס מאכען די פעהלערהאפטע שטעלען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

רוסישע, דוכט זיך, יונגע שרייבער האבען נאך דער פארשטעלונג פון «Богъ мести» אש׳ן א סעודה געמאכט. און אש שרייבט אין א ווארשעווער צייטונג, א „געוויסע“ צייטונג, אן אפענעם בריף, וואו ער דאנקט זיי פאר די „בעסטע שטונדען לעבען“. וואס זיי האבען איהם פארשאפט, מיט — „דרך ארץ“.—

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אש. דיכטער, וועט אונז אפטריניג נישט ווערען... דאס פרעמדע לעבען וועט איהם אייביג זיין פרעמר, נאך פרעמדער — די פרעמדע שפראך... ער איז, וועט און מוז בלייבען א אידישער שרייבער.

איך ווינש מיר אבער דעם אידישען דיכטער איינפאכער. ערנסטער און — מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ!

אש איז אפגעפאהרען קיין ארץ ישראל. „צדה לדרך“ האב איך איהם געזעהן מיטנעמען: פאלקס־ליטעראטור, קבלה־ספרים׳לעך און מדרשים... זאל עס איהם זיין צו רפואה.

.1907

1.

## אין וואָס איז אייער הילף.

(אַ גיצליך קעשענע ביכעל פאַר יעדען בעל מלאכה און אַרבייטער)

פון ח. י. דאָקטאָר.

דאָס ווערקעל איז פריהער (1886) געגאַנגען אלס אַרטיקלען אינ'ם „אידישען פאָלקס־בלאַט" און שפּעטער איבערגערוקט געוואָרען מיט א „צור וואָהרינג (?): נאַכררוק. אָדער איבערזעצען וכו' איז שטרענג פאַרבאָטען לויט געזעצע".

די בראָשורע האָט פינף און פערציג זייטען; אַ פאָררערע, פינף פּרקים און אַ שלום. אין דער פאָררערע דערצעהלט הער ראָקטאָר זיינע „טייערע ברידער, בעלי מלאכות און אַרבייטער, אלע, וואָס לעבען פון רער אַרבייט פון זייערע הענט," אז „נישט לאַנג איז ער צוריקגעקומען פון אויסלאַנד (!), ער איז געוועזען אין רייטש־לאַנד (!!) פראַנקרייך (!!!) און ענגלאַנד (!!!) און געזעהען דאָרט אַזוינע שעהנע (?) זאַכען, וועלכע ער וועט נישט פאַרגעסען ביז'ן טויט אַריין." נאָר „מעהר פון אַלעמען האָבען איהם איבערראַשט די מיטלען, מיט וועלכע די ראָרטיגע בעלי מלאכות און אַרבייטער האָבען אליין זיך אונטערגענומען (פאַרגענומען?) צו פאַרבעסע־רען זייער שלעכטע לאַגע און אַרויסצורייסען זיך פון „דעם אַרעמ־קייט"! די מיטלען זענען אַזוי וויכטיג און גרויסאַרטיג (!) אז ער האָלט עס פאַר נויטיג זיי מיט זיי צו באַקענען, כדי זיי זאָלען ווי־סען, וואָס זיי האָבען צו טון, דאָס הייסט, זיי זאָלען זיך באַצייטענס (?) נעמען צום שכל (!) און אָנהויבען עפּעס צו טון (!). נישט זיצען פאַרלעגט רי הענט און לאָזען ראָס אָרעמקייט זאָל זיי גאָר אינגאַנצען איינשלינגען."

אונז אי, למשל, אַלץ איינס צי האָט ח' ראָקטאָר אויסלאַנד

נעזעהען אדער אין כוך נעלעזען; צי האט איהם עפעס אין רייטש־לאנד אדער אין מיכאילאוו (למשל) איבעדראשט; מיר דארפען נאר זעהן אויב די עצות, וואס ה' ראקטאר גיט, זענען פראקטיש.

דאס ווערקעל האט פינף פרקים; אין זיי גיט דער העד דאק־טאר פינף עצות.

פריהער גיט ער צו פארשטעהן, אז דאס גרעסטע אומגליק איז פאר דער מלאבה די קאנקורענץ, וואס ווארפט דעם פרייז. די פרייזען, זאגט העד דאקטאר, הענגען נאר אפ פון דער צאל פון ארבייטער. „און נישט נאר ביי ארכייטער, עס איז אזוי אין יעדען פאר". דאס שטיקעל איז זיכער אריגינעל, נישט איבערזעצט. עס איז שווער צו גלויבען, אז מיכאילאוו אדער אנדערע מחברים, זאָ־לען נישט וויסען, אז די קאנקורענץ ווארפט נאר דעם פרייז פון מינימום (לכל הפחות) ביז מאקסימום (לכל היותר). אבער דער עיקר הענגט אפ דער ארכייט־פרייז פון דעם נוצען, וואס די אר־ביים ברענגט.

אויך וויסט מיכאילאוו און אנדערע מחברים, אז עס איז פאראנען צווייערליי קאנקורענצען: דיינער קאנקורירט מיט ב ע ס ע ר ע, איינער מיט ביליגערע ארביים, און אנדערער וויטער — מיט מעהר געשמאק, ארטיזם. העד דאקטאר נאר וויל נישט וויסען, אז אהן קאנקורענץ וואלט די מלאבה שטענדיג געשטאנען אויף איין ארט, קיינמאל זיך נישט פארבעסערט, נישט פארפייַ־נערט. ער האט געהערט נאר קלינגען אין א וואלד און וויסט נישט וואו. די קאנקורענץ איז שעדליך נישט ביי א ל ע פאַ־כען, און איבערהויפט נישט ביי בעלי־מלאבות; פארקערט, דארט איז זי ניצליך און נויטיג. שעדליך איז די קאנקורענץ נאר דארט, וואו עס איז דא איבעראל מאשינען, וואו עס ארבייטען ביי זיי פראסטע ארבייטער, וועלבע דארפען גארנישט קענען, נאר רדעהען א רעדעל, אדער טון עפעס אן אנדער קלייניגקייט; דארט, וואו עס איז נישט פאראנען ארטיזם, געשמאק, קענען און בעסער מאַ־כען; אין איין טאג, אין איין שעה לערענט מען זיך אוים די קונץ.— ביי דער ארבייט איז נישט מעהר פאראנען נאר קאנקורענץ אויפ'ן פרייז, ד. ה., וואס מעהר הענט עס ווילען ארבייטען, וועניגער צאהלט מען פאר דער ארביים. אויך נעהט עס נאר צו ביז צים מינימום, ווייל דער ארבייטער מ ו ז נעמען וויפיעל א מענש

מוז האבען, ער זאל ווי עס איז אויסלעבען דעם טאג. נאר דא איז די קאנקורענץ שעדליך, ביי בעלי מלאכות אבער איז גאר אנרערש.

דער הער דאקטאר טוט נישט וויסען, אז עס זענען אמאל צעכען (צונפטען) געוועזען, ד. ה. אזוינע חברות פון בעלי מלאכות. דאמאלט איז געווען גאר אהן קאנקורענץ. און מען האט זיי מבטל געוועזען אין דער גאנצער וועלט טאקע נאר דעריבער, ווייל אהן קאנקורענץ האט זיך די מלאכה נישט אנטוויקעלט, זי איז שטענדיג אויף איין ארט געשטאנען.

נאר וואס פאר אן עצה גיט העד דאקטאר קעגען דער קאנקורענץ?

דער ערשטער פרק הייסט: מאכען שותפות צווישען בעלי מלאכות. עס בלייבט דאך די שאלה: וואס זאלען טון ארבייטער, וועלכע די קאנקורענץ עסט באמת אויף? זאלען זיי אויך מאכען שותפות? און וואס זאלען זיי אריינלעגען אין שותפות אריין? די שווארצע הענט, דעם ליידיגען מאגען אדער דאס ביסעל שכל, וואס העד דאקטאר וועט זיי אויסלערנען?

אויך וויסען מיר נישט וואס פאר א מין רפואה דאס שותפות איז קעגען קאנקורענץ. העד דאקטאר מיינט נישט, אז אלע שניידער פון דער גאנצער וועלט זאלען מאכען שותפות, צו דער גרויסער פאנטאזיע איז ער נאך נישט געקומען.

זיין עצה איז, אז עטליכע שניידער (ער וויל 15 שניידער) זאלען מאכען שותפות. ער בארעכענט, אז זיי וואלטען דערינען פארדינט ממון קרח. לויט זיין רעכענונג, ווען פופצעהן שניידער זאלען מאכען שותפות, וואלטען זיי פארדינט אסך געלט. אזוי דארפען זיי: פופצעהן דירות מיט טירען אין גאס אריין (ד. ה. אין אדעס, וואו העד דאקטאר וואוינט). טעגליך א פוד קוילען, דרייסיג שערען, דרייסיג פרעסען, פופצעהן מאסען, פופצעהן נעה-מאשינען, פופצעהן שטיבער אויפצונעמען קליענטען (!!!). דאס שותפות אבער דארף: נאר איין טיר אויף דער גאס ארויס, קליינע איינציגע דירות מיט איין שותפות-ווארשטאט און די העלפט בלים. ער בארעכענט א חלוק אויף דריי טויזענט זיבען הונדערט און פיער רובעל א יאר, די סומע וואלטען זיי נאטירליך נויטיג געדארפט.

די רעכענונג אליין איז פאלש. הער דאקטאר האט, למשל, פארגעסען, אז צייט איז געלט: אז די פופצעהן שניידער וועלען טוזען האבען דעם זעכצעהנטען, ער זאל זיין זייער קאסירער, א זיבעצעהנטען, אלס בוכהאלטער; און אכטצעהנטען, אלס געשעפטס־פיהרער; ארער — יעדערער פון די פופצעהן שניידער וועט מוזען דארויף אפטיילען אביסעל פון זיין צייט, אויב ער איז נאר פעהיג דארויף; אז א בוכהאלטער, א קאסירער און א געשעפטס־פיהרער קאסטען באלר מעהר, ווי דער פארדינסט; אז די רעכענונג איז נאר נוהג ביי גאנץ גרויסע שניידער אין גאנץ גרויסע שטערט. נאר אויסער דעם, איז די רפואה אזוי פיעל ווערט, וויפיעל אפשפרעכען א מכה. עס זאלען זיך מאכען פופצעהן שניידער א שותפות און שוין, ביי דעם שותפות זאל עס בלייבען, מעהר קיין שותפות'ן זאל זיך נישט מאכען, וואלטען די פופצעהן, (ווען די רעכענונג זאל ריכטיג זיין) ווירקליך גוט געשטאנען, דאס הייסט, אז זיי וואלטען בעסער קאנקורירט מיט'ן רעשט שניידער, וואס ארביי־טען יעדער באזונדער! נאר אויב דאס איז דער צוועק, איז נאר נישט בדאי געווען צו שרייבען און דרוקען אפילו די קלענסטע בראשורע. מען רופט צוזאמען פופצעהן שניידער און מען מאכט א שותפות! נאר הער דאקטאר מיינט, אז אלע שניידער זאלען זיך בינדען צו פופצעהן, עס זאלען ווערען ארטעלען, און פארגעסט, אז דאמאלט וועלען די ארטעלען צווישען זיך פונקט אזוי קאנקורירען, ווי היינט איינצינע שניידער. עס וואלט דערפון אפשר געווען א טובה, נאר נישט דעם בעל־מלאכה; דער קונה וואלט א טובה געהאט, ווייל נישט די קאנקורענץ וואלט קלענער, גרעסער וואלט זי געווארען און די ארבייט — — ביליגער!

דער הער דאקטאר ברענגט א משל פון א שותפות פון פופ־צעהן בלעכער אין פאריז. עס איז א וואונדער, וואס הער דאק־טאר, וואס איז אליין א שניידער, וואס האט געמאכט א חשבון פאר ארעסער שניידער, ברענגט א משל פונקט פון פאריזער בלע־כער! אין פאריז זענען דא פארשידענע שותפות'ען פון שניידער אויך, און הער דאקטאר, אויב ער איז אין פאריז געווען און פראנצויזיש פארשטאנען, וואלט ער בעסער געטאן, ער זאל דאס שניידער־שותפות שטודירען. און אויב עס זענען איהם שוין די בלעכער אויף די פאריזער רעכער געפאלען אין די אויגען, האט

ער ווייטער נעברויכט, צוריקקומענדיג אין ארעס, צו מאכען דעם חשבון אויך פאר בלעכער. למשל, פופצעהן בלעכער דארפען דאס און דאס, אלע צוזאמען — וועניגער כלים, וועניגער דירות... יא?

נאר אפילו אויב מיר האבען א טעות, אין פאריז איז שניי־דער־חבורות נישטא, זענען דא מאנכע אין בערלין, אין לאנדאן, די צוויי שטעדט האט דער הער דאקטאר נעמוזט אפנים באהאלטען אויף שפעטער!... ער מוז פון יעדער שטאדט אן אנדער משל ברענגען, כדי מען זאל וויסען, וואו אלעס איז געוועזען. דער פרק ענדינט זיך מיט דעם, אז אין רוסלאנד זענען אויך דא אזעלבע שותפות'ען. אזוי אויך ענדיגט זיך יעדער פרק. נאר פארוואס איינענטליך שרייבט אונז ה' דאקטאר פון דעם, וואס עס טוט זיך אין אויסלאנר, נישט אין רוסלאנר? ער איז טאקע געוועזען, למשל, אין פאריז, לאנדאן און בערלין, ער וואיינט דאך אין רוסלאנד, פארוואס האט ער זיינס נישט שטודירט? ממה נפשך, זע־נען די שותפות'ען אין רוסלאנד אזוי גוט, ווי די אויסלענדישע, וואס דארפען מיר יענע? זענען זיי ערגער, איז פיעל אינטערעסאנ־טער צו וויסען מיט וואס? מיט וואס זענען ערגער די רוסישע אר־טעלען פון בלעכער־געזעלשאפט אין פאריז, אונזערע באנקען — פון די דייטשע (פרק ב), די „פאטרעביטעלניא אבשטשעסטווא", וועלבע ער דערמאנט נאר — פון די געוועלבער אין אויסלאנד! וכדומה?

---

מיר זאלען וועלען נאכגעהן טריט ביי טריט דעם הער דאק־טאר און כאפען איהם ביי אלע זיינע גרייזען, וואלטען מיר גע־ברויכט א גרעסערע בראשורע שרייבען, אלס זיינע; מיר וועלען זיך מיט איהם אפפארטיגען בקיצור. ער וויל איינפיהרען ארטעלען און שרייבט פון פאריז, לאנדאן און בערלין; ער וויל מאכען „פאטרעביטעלניא אבשטשעסטווא" און באשרייבט אויסלאנד, קיין איינציגע געזעלענשאפט אין רוסלאנד; און דער עיקר וויל ער איינ־פיהרען שולען צום לערנען מלאכות און באשרייבט, אז די שולע וואס די בעלי מלאכות האבען זיך גענומען אין בערלין איז „דאס שענסטע הויז אין שטאט, דאס (הויז) ווערדט (!) באלייכט מיט

גאַנז. אין דעם (הויז) געפינט זיך א גרויסער זאַל, וועלכער איז ארומגערינגעלט מיט א גאַלעריע און באַלקאָנים מיט שעהנע געשניצטע פון האָלץ שטראַכעטען (רעשאַטקעס). דער זאַל איז פול (!) מיט שעהנע בענק און טישען (!!!). אויף דעם עק פון אים (פון טיש?) געפינט זיך א בימה, אויף וועלכער יעדערער, וואס וויל גאר (!!), האט דאס רעכט (אוראי!) צו האַלטען א רעדע. אַרער עפעס פארטראָגען פאר דעם עולם. א חוץ דעם איז נאך דאַ א קעסטעל, אין וועלכען יעדער האט דאס רעכט (!) אריינצוואַרפען א פאַפירעל, אויף וועלכען ער מעג אנשרייבען דאס, פון וועלכען ער וויל מען זאָל שמועסען. געבען דער בימה שטעהט א פארטעפיאַן צוליעב דעם (!!!), ווייל די בעלי מלאכות און ארבייטער קומען זיך דאַ צונויף, שפּילען זיי און זינגען. געבען דער זאַל איז דאַ א ביבליאָטעק. א זאַל אויף (!) צו לייענען און עטליכע גרויסע צימערען אויף (!) צו לערנען. דורך עטליכע גלעזערנע טירען געהט מען אַריין אין א גרויסאַרטיגען גאַרטען. אין וועלכען די בעלי מלאכות אַרבייטער קומען זיך זומער צונויף!" אי שעהן באַשריבען, אי באַשריבען, וואס מען דאַרף, דעם גאַנצען תוך, און אקוראַט פאר וועמען מען דאַרף. וואָרים, באמת, וואס פעהלט אונזער שניידער מעחר אַלס א פּארטעפּיאַן מיט שטראַכעטען. א בימה מיט קווימלער, מיט שעהנע בענק און טישען? איז א גרויסע זאך אַזוינס, איינצופיהרען, למשל, אין קאַמאַראָוו אַרער בראַטקעוו! וואס מען לערנט אין שולע, נאך וואס מען דאַרף לערנען און פון נאך אַזוינע קליינגקייטען איז נישט כדאי צו רעדען; דער עיקר די שטראַכעטען!

מיר מיינען, אז עס איז גענוג — מיר מיינען, אז עס וואָלט גלייכער געוועזען אונזערע מחברים זאָלען וועניגער רעדען פון אויסלאַנד (געוועזען אַרער געלעזען). בעסער באַטראַכטען, וואס אין דער היים טוט זיך. אויב זיי ווילען שרייבען איבער דער אַרבייטער־פראַגע, זאָלען זיי פריהער די פראַגע שטודירען. די ליטעראַטור, און דער עיקר דאס לעבען! נישט צו פאַרשרייבען וויין, פלייש און פיש דעם קראַנקען פאר רחקות, נישט רעדען פון „שטראַכעטען“, ווען מען האט נאך אפילו קיין באַגריף, וואס מען מיינט בילדשאַ זיך.

דער הער דאָקטאָר האט דאך צוויי גרויסע מעלות: 1) ער איז (דאַכט זיך) דער ערשטער, וואס האט אַנגעהויבען שרייבען

(אדער איבערזעצען שטיקלעך) פאר בעלי מלאכות און 2) ער האט נאר א קורץ ווערקעל געשריבען.

.1890

2.

## די פרויען־פראגע.

לויט דעם תלמוד און דערצו אויך א רעכטען בעגריף פון'ם תלמוד בכלל.
אין צוויי טייל.

פון י. י. ווייסבערג

די מענשחיים שפאלט זיך אויף צוויי טייל, אויף זכרים און נקבות. די נאטור אליין האט זיי געטיילט דערמיט, וואס זי האט דער פרוי געגעבען דריי מצוות: טראגען, האבען און זויגען. אמת, עס זענען דא פלאנצען און בעלי חיים, וואס זענען דו פרצופים: זכרים און נקבות צוזאמען. זיי מעהרען זיך דורך א חלוקה אדער קנאספען, דאס הייסט, אדער דאס קעמערעל שפאלט זיך, עס ווערט רערפון צוויי, פון צוויי—פיער, און אזוי ווייטער, אדער אויף דעם ארט פון דעם צמח אדער בעל חי מאכט זיך א מין קנעפעל, א בראדאווקע, וואס ווערט אלץ גרעסער און גרעסער, ביז עס וואקסט אויף און הויבט אן צו לעבען אויף אייגענער רעכענונג, אויף דעם זעלבען ארט, אדער נעהמט נאר אוועק און לעבט זיך ערגעץ באזונדער. פראוודע, ביי מאנספערזאנען איז עפעס נאר דא א מין זכר פון נקבות — בראדאווקעס אויף די בריסטען... מען דערצעהלט אפילו, אז עס האט זיך געטראפען שוין, אז א קינד האט ביי א מאנספארשוין אזוי לאנג געצויגען ביי דער ברוסט, ביז עס האט אנגעהויבען מילך צו געהן... נאר בכלל איז היינט ביי די העכערע חיות און מענשען די דריי דינים נאר נוהג ביי נקבות.

ער היום איז א תקיף א גרויסע זאך... סיר זענען שוין פכלוסר'שט געבילדעט, האבען פראצעס, רעדען פון יושר, פון אמת... און דער איז ביסמארק און פרייסען... די בעסטע ערות,

וואס היינט נאך פאר א ווערט עס האט כח... און עס איז נאך גע־וועזען אמאל א צייט ביי מענשען, ווען עס איז נישט מעהר נאר כח געוועזען, נאר: „כל דאלים גבר!“ (ווער עס איז שטארקער, דער האט רעכט!)

פארשטעהט זיך אליין, אז אין יענער צייט, ווען נאר די פויסט האט רעגירט, האט דער זכר געמוזט אונטערדריקען די נקבה, ווייל (עכ"פ אין א געוויסער צייט) ער איז שטארקער גע־וועזען פאר איהר.

פון דאטאלט אן האט זיך אנגעהויבען די פרויען־קנעכטשאפט, וואס געדויערט נאך ער היום. נאטירליך נישט אומ־טום, און נישט ביי יעדען פאלק גלייך. דער אונטערשיד צווישען מענער און פרויען הויבט זיך אן דאמאלט, ווען די פויסט אליין רעגירט, און ענדיגען זיך וועט זי דאמאלט, ווען נאר יושר, נאר אמת וועלען רעגי־רען. רעריבער איז רער פרויען־שטאנר פארשידען ביי יעדען פאלק אין פארשידענע צייטען, און אויך אין איין צייט ביי פארשידענע פעלקער. ווייל די מענשהייט געהט נישט איהר אנטוויקלונגס־וועג גלייך, ווי א ראטע, נאר צוואווארפען, טייל פריהער און טייל שפע־טער. וואס אויף א נידעריגערען שטאפעל פון דער בילדונג א פאלק שטעהט, נידעריגער שטעהען ביי איהם רי פרויען.

מיר האבען נאך היינט ווילדע שטאמען, וואו פרויען ווערען ביי די עלטערען אפגעקויפט, אלס א זאך; יונגערע דינען, אלס וויי־בער און דינסטען; עלטערע — ווערען געטויט, געבראטען און גע־פרעסען; פעלקער, ביי וועלכע קרשין הייסט: צופיהרען צו א בוים און אויסהאקען מיט א קלין צוויי פעדערשטע ציין.

עס זענען דא שטאמען, וואו עס פ ע ה ל ע ן ווייבער. ווער־רען זיי גע'גנב'עט, געכאפט, גערויבט ביי שכנים. מען לויערט (משיאטעוועט) אויף א נקבה, ווי א ווילדע חיה אויף רויב. קוים ווייזט זי זיך, פאלט מען זי אן, מען גיט איהר אייניגע קלעפ מיט א דראנג איבער'ן קאפ, זי זאל דעם שכל פארלירען, און מען שלעפט זי צו זיך אהיים אויף א שטריק.

עס זענען רא שטאמען, וואו רי מענער רייטען, און די פרויען געהען נאך צו פוס, טראגען אויף די פלייצעס א צוויי־דריי קינדער און אין די הענט אלע כלים, א חוץ רעם מאנס כלי־זין. דערביי ווערט זי אונטערגעשטיסען, זי זאל געשווינד לויפען.

עס זענען דא ווילדע, וואו אז א מאן שלאגט נישט זיין ווייב, איז עס א סימן, אז ער קאן שוין אויף איהר פרצוף נישט קוקען, און זי לויפט אהיים וויינען פאר די עלטערען אויף איהר פינסטער מזל.

עס זענען אויך דא פעלקער, וואו אז איינער שטארבט, ניט מען איהם מיט אין גרוב אל־ראס־גוט, עס זאל איהם אויף יענער וועלט נישט פעהלען. מען פארברענט דעריבער זיינע בלים, זיין רייט־פערד, זיינע שקלאפען (דינער) און — פארשטעהט זיך — זיינע ווייבער אויך! נאך א גרויסען מאן, בפרט נאך א פירסט, ווערען פארברענט מיט אמאל א פופציג־זעכציג פרויען...

נאר דאס זענען אלץ ווילדע מענשען; לאזען מיר באטראכטען אביסעל די נעבילדעטערע. א מאן האט צו שאפען איבער'ן ווייב מיט די קינדער, זי מוז נאכגעהן, וואוהין ער וויל. שלאגט ער זי, האט זי קיין רעכט איהם צו פארקלאגען, אויסער ווען ער מאכט זי פאר א קאליקע.

זי פארלירט איהר נאמען. אפילו, אז זי גט זיך מיט'ן מאן, הייסט זי נאך איהם בל זמן זי האט מיט קיין אנדערען נישט חתונה. א מאנספערזאן קאן ווערען, וואס ער וויל, א פרויענצימער קאן נאר ווערען — ארער זיין רינכט, ארער זיין ליבהאבערין! רער איינענער חטא, וואס ביי א מאנספארשוין איז קיי־און־שפיי, איז ביי א פרויענצימער סכנות נפשות. אין טייל לענרער נעהמען פרויען גארנישט, און טייל — נאר א קליינעם חלק ירושה.

אויסער אייניגע שטאטען אין אמעריקע, זענען איבעראל די פרויען באגרענעצט, פאלען אלע אונטער דעם מאנס ווילען. אין מעהרסטענטיילס ווערען זיי גארנישט ערצויגען, אלס מענשען, נאר אלס שפילצייג פון מענשען ווענען. א ליאלקע (קוקלע), וואס קען רעדען שעהן, פלאפלען אביסעל פראנצויזיש, שפילען פיאנע, כדי, אז רער מאן וועט קומען אהיים נאך רער ארבייט, זאל זי איהם אנגענעם מאכען דאס לעבען, ארער אלס ווירטין, זאל זי קאנען איהם גוט קאכען, באקען און איינשפארען.

ראמאלט, ווען דער מאנספארשוין ווערט וואס עלטער — קליגער, אנטוויקעלטער, באלעזענער, שטארקער, און באקומט מעהר כבוד און דרך ארץ, איז ביי פרויען פארקערט. וואס עלטער זי ווערט, ווערט זי נארישער, זאבאבאנישער, שוואכער און אומער־

טרענליכער... עס טרעפען זיך מענשען, וואס האבען ליעב די ווייבער, נאר איינער צווישען טויזענט קאן ליידען זיין שווינעדס דור.

ביי אונז אידען שטעהען אויך די פרויען נידעריגער, אלס מענער. צי קאן זיך, למשל, א איד פארשטעלען א אידענע אלס ראש הקהל, שמש ביים רב ובדומה? געווים נישט! צי קאן זיך עמיץ ביי אונז פארשטעלען א שטר „חצי נקבה“? א נקבה זאל דאוונען פאר'ן עמוד? צי וויל א פרומע אידענע מעהר, ווי זיין אין גן־עדן איהר מאנס פוסענבענקעלע?

מענשען זענען בטבע קאנסערוואטיוו! נישט נאר די, וואס האבען צו שאפען, ווילען באהאלטען שטענדיג זייער ממשלה, נאר אפילו די אונטערדריקטע, וואס זענען שוין אין קייטען געבוירען, ווילען אין זיי שטארבען; זיי קאנען זיך קיין אנדער לעבען נישט פארשטעלען. איידער מען האט אין אמעריקא אפגעשאפט די שקלאפעריי, זענען די שקלאפען אליין געווען דאגעגען, און אז עס האט אויסגעבראכען רעריבער א קריג, האבען די שקלאפען געטריי זייער בלוט פארגאסען פאר זייערע צוואנג־הערען.

אזוי איז אויך ביי דער פרויען־פראגע. נישט נאר דער מאנס־פארשוין אליין סטארעט זיך, אז די פרוי זאל בלייבען אונטערדריקט, זי זאל וועניגער קאנען ארבייטען, אלס ער, זי זאל זיין נאר זיין שפילצייג, נאר אפילו די פרויען אליין האלטען זיך דערינען שטאל און אייזען. זייער גאנץ לעבען איז — זיך אנצוהענגען עמיצען אויף די פלייצעס; זי איז גליקליך, אז מען האלט זי פאר א „מלאך“ און נישט פאר א מענש, אז מען שטעהט פאר איהר אויף, מען לויפט איהר אויפהויבען דאס אראפגעלאזטע נאזטיכעל...

דער קאנסערוואטיזם קלערט נאך אויס פארשידענע תירוצים און טעאריען; דאס ווייב איז באשאפען געווארען פון מאנס ריפ, איז פון דאנען געררונגען, אז זי דארף קיין גאנצער מענש נישט זיין! אז די פרוי האט בטבע מעהר געפיהל, אלס שכל, מעהר נעשמאק, אלס כח, וברומה. מען מאכט זיך פארגעסען, אז דאס קומט ארויס פון דער טויזענט־יאהריגער ערציהונג, פון דער דומער דאמעך טראכט, און נאך און נאך אנדערע זאכען.

די פרויען־פראגע, זעהט איהר, קאן פאר אונז אידען אויך זיין זעהר אינטערעסאנט. די פרויען־לאגע שטעהט נישט אויף איין ארט, זי ענדערט זיך מיט דער צייט. אין אנדערע ליטעראטורען קאן

מען פון דער פראגע זאמלען גאנצע ביבליאטעקען — ביי אונז האָבען מיר יעצט דאס ערשטע ווערקעל פון ה' י. י. וויסבערג. כל התחלות קשות.

דאס ווערקעל רערט נישט פון דער פרויען־לאגע יעצט, עס שטודירט נישט די פרויען־פראגע איבער דער גאנצער צייט. ער שטעלט זיך אפנים פאר, אז די גמרא איז „איינס", און לויט דער גמרא איז פאראנען איין „פרויען־פראגע"; ער האט אריינגעשלעפט מיט געוואלט „א ריכטיגען (!) באגריף איבער'ן תלמוד", ער פאר נעסט די צייטען און די ערטער פון דער גמרא; ער באמערקט נישט, ווען און וואו עפעס איז געזאגט געווארען; די מאמרים געהען אהן א סדר; זיינע אויסלעגונגען זענען מערסטענטיילס „ויש ליישב ברוחק'ס", פשטל'מעסיג — נאר נאך איז דאס ווערקעל נוציג, און מיר עמפפעהלען עס דעם פובליקום.

און מיר עמפפעהלען עס נישט דעריבער, דאס ווערקעל זאל האבען עפעס געווירקט, עפעס ערקלערט — דאס נישט. דער מחבר באמיהט זיך אפילו טיילמאל צו פארענטפערען א בעל־התלמוד, וואס האט זיך הארט אויסגעדריקט איבער פרויען... נאר פון דעם האבען מיר קיין נוצען נישט. נישט תנאים ואמוראים, דאס לעבען דריקט זיך הארט אויס און אינטערדריקט...

נאר, ווי עס איז, פון דעם ווערקעל ווערט מען געוואר על כל פנים, אז עס איז דא א פרויען־פראגע, אז עס זענען דא מענשען, וואס קלערען, אז אלע מענשען דארפען זיין אין אלעם גלייך...

.1890

3.

## האר ץ.

### ספר לכל נפש, ולכל בית ישראל.

(דאס לאנד, א בוך פאר אלע (אידען וועלכע פארשטעהען לשון־קודש)

און פאר יעדען הויז (וואו עס ליגט נאך אמאל א תנכ'ל)

געהט ארויס אין ירושלים דורך ה. זאב (וואלף) יעבץ.

(עס זענען ארויס פיער בענדלעך).

עס זעהט אויס, אז די וועלט וועט נאך אמאל די זכיה האבען צו זעהן אן אילוסטראציע צו גארדינ'ס געדיכט: „בנערינו

ובזקנינו נלך"; דער עווינער איד „וועט נאר אמאל נעמען דעם שטעקען אין דער האנט אריין, די (לעדיגע) טארבע אויף די פליי־צעס און עס וועט זיך אנהויבען דאס קאפיטעל „ויסעו—ויחנו".

נאר, וואו וועט זיין דער לעצטער ו י ח נ ו פון דעם לאנ־גען וועג? אט דאס איז די פראגע! אונזערע שונאים האבען אויף איין נוסח, כאטש אין פארשידענע לשונות, פאר אונזער רוחניות א מצבה געקריצט און קדיש געזאגט. נאר לעת־עתה שטעהט נאך דער גרוב לעדיג... און רעריכער, בשעת ווען „ארגענטינא" ציהט מיט קערפערליכע, זיידענע שנירען אין גאלדענע קייטען... ציהט אונז ארץ ישראל מיט אזעלכע פעדים, וואס די נ ר א כ ע האנט קאן נישט אנטאפען, דאס ש ו ו א כ ע אויג—זעהן, נאר וועל־כע עס האבען טויזענטער יאהרען נישט אפגעשוואכט, פייער — נישט איבערגעברענט, וואסער — נישט צופלאכטען, קיין שטן— פארפלאנטערט, און די צרות־דערנער פון אלערליי פרעמדע פלוי־טען נישט איבערגעריסען, און מיט וועלכע אונזער אידיש הארץ איז ארומגעוועבט...

נאר אין פראגען, פון וועלכע עס הענגט אפ די גאנצע צוקונפט (עתיד) פון א פאלק, טאר מען דעם הארץ א ל י י ן קיין דעה נישט געבען, און מען מוז דעם קאלטען קלוגען שכל שופט, דעם מח, אויך פרעגען אן עצה. ער איז אהן א נטויה, אהן רחמנות, נאר— ער האט שכל.

מיר קאנען פונ'ם שכל נישט פארלאנגען, אז ער זאל איבער־וועגען די מעלות און חסרונות פון ביידע צדדים (ארגענטינא, פא־לעסטינא), ווייל „מרת יפת" (אזוי רופט יעבץ די אייראפעאישע ציוויליזאציע) האט נאך נישט ערפונדען קיין וואג, מען זאל וועגען „עולם־הזה־סחורה" מיט רוחניות צוזאמען, און ווען אפילו ד' לייב שרה'ס (אזוי וויל איך רופען די קווינט־עססענץ פון אונזער נלות־נאציאנאל־ציוויליזאציע) זאל אראפברענגען פון הימעל די וואג־שאל (מזל מאזנים), וואלט זי אונז אויך נישט געהאלפען (כפרט, אז זי שטעהט שוין אזוי לאנג לעדיג, האט זיך אוראי שוין מזל בתולה פון זיי ציה־קנעפ צום סטאניק געמאכט).

מיר פארלאנגען נאר פון שכל, ער זאל איבעררעכענען די עולם־הזה־סחורה; פון הארץ — עס זאל נאכטראכטען וועגען דער וויג.

וואו אונזער פרייהייט איז נעבוירען, וועגען דעם קבר — וואו זי איז באַנראַבען געוואָרען. און — פון תחית־המתים, נאָר—בבחינת: יעקב אבינו לא מת! דאָס האָרץ און דער מח וועלען ביידע טון זייערס. נאָר ווייל ביידע ווירקען און באַוועגען איין אָרנאַניזם (בעל־אברים), וועט ער אודאי געהן זיין רעכטען וועג, לויט דעם „פּאַראַלעליזם“, וועלכען „מרת יפת“ האָט ערפונדען.

נאָר כדי די ביידע מאָטאָרען זאָלען קאָנען אַרבייטען בשלימות, מוזען זיי האָבען קראַפט. ליידער אבער האָט דער מח וועניג ידיעות פון פּאַלעסטינא. בשעת, ווען דאָס האַרץ טשעפּאָטשעט זיך אויף אַלע קברים, אויף בותל מערבי, אויף יעדען שטיינדעל, אויף יעדען שטויב ערד, וועלכע זענען דורכגענעצט מיט אונזער העלדען־בלוט, ווייסט נאָר דער שכל, אַז אַמאָל האָט דאָרט געדונען מילך און האָניג. און היינט איז אַ וויסטער מדבר. ער קאָן זיך משער זיין, אַז דעם מדבר האָבען מיר דעם טערקישען פּאַטאַליזם*) צו פאַרדאַנקען. נאָר אויף השערות קאָן מען קיין הויז נישט שטעלען!

אַלע ריכטיגע פראַגען קאָנען נאָר דינען די נייע קאָלאָניעס. נאָר ווער קען זיי? ביז אַהער האָבען פון זיי געדערט אָדער „מרגלים“, אָדער הייס־פאַרברענטע בטלנים. וואָס וואָלטען נעוואָלט מיט'ן גאַנצען פאָלק דעם ירדן פאַרשיטען, אָבי איינער, אַ שריד־ופלט, זאָל דערנאָך טריקען אַריבערגעהן און אָנצינדען אַ ליכטעל אויף מאיר־בעל־נס... אָדער נאָך אַזוינע, וואָס זענען שרירבענדיג נישט נעשטאַנען איבערגעדרעהט מיט'ן פּנים אַ ה י ן, נאָר אַ ה ע ר, געקוקט די לעזער אין די אויגען אַריין, און געזאָגט, וואָס די אויגען האָבען געוואָלט, צו וואָס זיי האָבען געגלוסט!...

און דעריבער איז אונז אָנגענעהם עדות צו זאָגען, אַז ה. יעבץ מיט ז י י ן גאַנצען פ אַ נ אַ ט י ז ם (לעז זיין לייטענדען אַרטיקעל) גיט אונז דאָך אַ ריכטיגען באַגריף איבער דעם שטאַנד פון די קאָלאָניעס; אויף זיינע ידיעות ליגט דער חותם פון עהר־

*) מחמד, דער טערקישער נביא, האָט געלויבען, אַז אַלעס אין דער וועלט איז באַשערט פון דער השגחה, אַז דער מענש מיט זיין חכמה און רצון קאָן זיך נאַרנישט העלפען, און קיין עצה געבען. דעריבער זענען זיי פויל צו דער אַרבייט.

ליבקייט און אמת. און דעריבער איז ווירקליך זיין ספר „הארץ“ „א בוך פאר אלע (וואס לעזען העברעאיש) און פאר יעדען אידי־שען הויז.“

איבערהויפט קומט איהם צו דאנקען פאר יחיאל מיכל פי־נעס'עס בריף, איבער דעם עקאנאמישען שטאנד פון דער געגענד; פאר'ן צושפרייטען די ריכטיגע מיינונג, אז אויף „ג ד ב ו ת“ קאן מען קיין קאלאניעס נישט שטעלען, און פאר נאך אנדערע ריכ־טיגע וויכטיגע אידעען — און כאטש מיר סאלידאריזירען זיך נישט מיט'ן הער יעבץ וועגען דער שנאה צו „מרת יפת“ און בנוגע צום בענקען למצות התלויות בארץ, (בפרט אויב צווישען זיי וועט זיין קרבנות), גיבען מיר ד י פון אונזערע לעזער, וועלכע פארשטעהען העברעאיש, די הערצליכסטע עצה טובה, זיי זאלען דעם „הארץ“ באשטעלען.

.1891

## 4.

# דער ווארשעווער אידישער קאלענדאר

דריטעס יאהר — תרנ"ד.

אויסער די חלקים, וואס געהערען צו א לוח בטבע, האט דער „ווארשעווער אידישער קאלענדאר“ אין זיך א שפאר חלק ליטע־ראטור. ערשטענס, (ווייל די אידישע כראנאלאגיע איז גאנץ קא־לענדאר־מעסיג און דער טיטעל „די וועלט־געשיכטע“ פאסט איהר אזויפיעל, ווי דער „המאור־הגדול“ דעם שטארקען רוב פון אונזערע רבנים—) ערשטענס, שמירט אונז אוים ה' פרישמאן דאס מויל מיט „מילך און האניג“. ער האט א גרויסע פרעטענסיע צום רבונו של עולם, וואס האט צוגעזאגט צו געבען האניג און מילך, עס זאל רינען איבער'ן מויל —

רבונו של עולם. צו וואס זיך דען נארען;
נישטא מעהר די גאלדענע יאהרען!
נישטא מעהר קיין מילך שוין, נישטא מעהר קיין האניג
אין לאנד פון דעם כרמל, פון שרון!

פון די אלע הבטחות —
אין אונז נאר נעבליבען אויף אונזערע צרות
בהמות און ביהנען אלס סימן —
ראך (?) האבען מיר לאנג גאר אין מילך און אין האניג
אויפגעהערט טרעטען (?) און שווימען —

און דעריבער איז ער מתפלל:
אוי, גאטעניו! זעהסט דו, איך בין דיר שוין מוחל
דיין מילך און דיין האניג; און רעכען
צו בעטען דיך: נעם שוין אויך צו די בהמות
און ביהנען, וואס שטעכען, וואס שטעכען!

דער צוויי מאל „וואס שטעכען", איז מחזק צו זיין „דעם ענין פון שטעכען" — נאר ווער זענען די ביהנען? אויף בהמות קאנען אלע אנווייזען מיט די פינגער. נאר ווער זענען די שטעכער? צי האט ח' פרישמאנ'ען דער „האבער נעשטאכען"? —

נאר נישט דער האבער און נישט ביהנען שטעכען אונז אינ'ם געלעהרטען ארטיקעל „די וואונדערבארע נאטור־קראפט עלעקטריציטעט"; דא איז יעדעסווארט א פראסטער דארן, וואס לעכערט אויערען און הארץ. שוין דער טיטעל אליין איז דער בעסטער סימן ווי נישט פעהיג דער מחבר (זאסניץ) איז צו פאפולאַריזירען (פאר'ן פראסטען עולם פארשטענדיג צו מאכען) א וויסענשאפט (חכמה). נאר דער טיטעל איז נאך גאלד! דאס ארטיקעל צו פארשטעהן איז ווייניג צו קענען לעזען און האבען א שכל הישר, מען מוז פריהער קענען די עלעקטריציטעט, ווי עס דארף צו זיין, און דערצו נאך געוואוינט זיין מיט זאסניצעס ספעציאלנע לשון, כדי מען זאל קענען דורכלעזען — א פאר זייטלעך.

זאסניץ קאן זיין פאר זיך א געלעהרטער מענש, נאר דער „מכל מלמדי השכלתי" נעהט אויף זיינע תלמידים נישט; ער איז אפשר דער איינציגער פרט וואס דארף מחזק זיין דעם כלל. איך שטעל אייך אנידער עטליכע פלוימען־קערען, ווער עס האט גוטע ציין, זאל זיך פרואווען און אויפקנאקען:

„מינעדראלאג (פארשטעהט גוט אויף ערדלשטיינער)"

„איין געוויסען שטיין ליקריאן (אבער היינט ווייסט מען נישט וועלכען שטיין...)“

„אז די זאכען ציהען בעסער אז (?) ביי (!) א טרוקענעם (!) לופט“.

„און ביי איהם איז די ערשטע באמערקונג וועגען דער קראפט געוועזען, ווי אויבען“.

„אז מען רייבט שטארק אין א גרויס שטיק ברושטין“.

„אז מען האלט די האנט נעבען א גוט געריבענעם גלאז, פיהלט מען, ווי די האנט זאל זיין עפעס אין א שפינוועבס“.

דערביי איז צו באמערקען, אז בורשטין הייסט ברושטין אינ'ם גאנצען ארטיקעל, און זאסניץ שרייבט שלעכט דייטש במקום גוט אידיש, נישט רוקא איבער עלעקטריציטעט, נאר אפילו ווען ער מאכט זיך א הלצה'לע דעם געטוטשעטען לעזער אביסעל פרייער צו מאכען. די הלצה אייגענטליך באראקטעריזירט בעסער זאסניץ'עס שכל הישר, אלס די בלומען, וואס מיר האבען אפגעריסען באלד אויפ'ן ערשטען און צווייטען זייטעל פונ'ם געלעהרטען ארטיקעל. — נאט אייך און „טרעט אין האניג, שווימט אין מילך“:

„איך בין אלע מאל א בעלן צו זיין ביי א וועטע, וואריםאיך לעג דערביי קיין מאל נישט צו (!!!)*), נאר א זאך בין איך געוואוינט צו זאגען (הוא היה אומר!): אז איך פארלאנג נישט פון א חכם ער זאל זיין א גרויסער בעל מדות טובות (גוטען כאראקטער), און פון א בעל מדות טובות פארלאנג איך נישט קיין חכמה; וויל איך לערנען א ריכטיגען גלויבען צו האבען (!), געה איך צו א אירישען חכם. וויל איך לערנען גוטע מדות, געה איך צו אן אלט־וועלטינען (!) מענשען; וויל איך לערנען דרך־ארץ, (איך מיין, ווען איך וויל א פיינעם לינענד זאגען, אדער א גוטען און א טיפען שטיכווארט און (!) יענער זאל זיך דאך נישט נעפינען באליידיגט), געה איך צו א דיפלאמאטען. וויל איך לערנען חכמה אליין (!) געה איך צו א שטודירטען (!!!)

*) א „סותר“ האט אמאל אזא ארט צואה זיין זוהן געלאזט: אז דו זעהסט עמיצען געלט צעהלען, שטעל זיך אפ, צולעגען וועסט דו זיכער נישט.

און נאך בעסער איז צו לערנען פון ז י י ע ר ע (!) ביכער. אי־בער צוויי טעמים: ערשטענס, לערען איך ווען מיר גלוסט, צווייטענס, וועל איך אלס שילער קיין פאטש נישט באקומען (אזוי ווי א פארפאסער ניט פעטש דעם עולם אונטער די אויגען !!!) נאטירליך עס גיבט אויך אויסנאמען, אז (!) מען קען לערנען חכמה אפילו (!) ביי א קלויזניק, און בעראקטער אפילו (!) ביי א חכם..."

און דאס אלץ האט מען געדארפט, כדי אויסצופיהרען, אז דער געלעהרטער דיא־פאס פון פאריז האט זיך מ ק נ א געווען אין נריי'ם ערפינדונגען און —

„ער האט ווירקליך אנטדעקט א גרויסע וויכטיגע נייעס (!)" ארער אפשר צו באווייזען, אז עס איז ד א ך בעסער צו לערנען חכמה, אפילו עלעקטריציטעט ביי א שטודירטען...

---

אין זאסניצ'עס „שלעכט דייטש, איידער גוט איריש", רעדמאנט אונז א „נ ע ו ו י ס ע ר" בהן־צדק. איהם רינט אויך נישט האניג און מילך פון מויל, כאטש ער האט נאר א קליין שטיקעל נעמע איבערנעזעצט. א קליין שטיקעל, נאר עס איז דאך גוט פאר א סטראשידלע אין „אונזער וויינגארטען" ארייננצושטעלען. אפשר וועט עס אפשרעקען די יונגע נ א ר י ש ע פיינעל, זיי זאלען על־כל־פנים אביסעל שטילער זינגען. הערט —

רעגעלען אים לעבען:

ווילסט דו דיר א היבש לעבען ציכערען,
מוזט דו אום'ס פארגאנגענע דיך נישט בעקימערען;
דאס וועניגסטע מוז דיך פארדריסען,
מוזט שטעטס די געגענווארט געניסען;
בעזונדערס קיינען מענשען האסען,
און די צוקונפט גאט איבערלאסען...

איך שענק יעדען א י י נ צ י נ ע ן אומזיסט אלע „כהן־צדק'ס־שירים" (ווען זיי וועלען ערזיסנעהן). ווער עס וועט טרעפען:

1) וויפיעל רייטשע זעמעל מען דארף אויפעסען, מען זאל שרייבען אזא לשון, און ווי ז ו י ע ר זיי דארפען זיין.

2) וויפיעל עס ווערט נעצאהלט פאר אזוינע זאכען, זיי זאלען נעררוקט ווערען נישט פראסט צווישען די מודעות מיט אן איינפאך לשון: „רבותים, זוכט מיר אוים א כלה...“ און —

3) וועלכע פאר עס איז זיך עהנליבער: געטע מיט זיין אירבערזעצער, אדער הימעל צו ערד? איך גיב צייט: א יובל! וכל הקודם זכה!

רער רעדאקטאר אליין רערט שוין פאר ראס פראסטע אידיש, און זיין „ארץ־ישראל־איר“ איז נישט שלעכט. די מעשה דערפון איז א פראסטע —

„רער בלינדער ארץ־ישראל־איד“ הייסט אזוי דעריבער, ווייל ער איז אויף דער עלטער בלינד געווארען, און האלט שטאל און אייזען פון ארץ־ישראל. די סצענע קומט פאר אויף א הויף אין א ווארשעווער הויז, און זי קומט פאר דעריבער אויפ'ן הויף — ווייל עס איז שוין נאכ'ן אבטען. ער האט קיין דירה־געלט נישט באצאהלט, האט איהם דער בעל־הבית ארויסגעווארפען. איהר וועט פרעגען: אזוי געשווינר? וועל איך אייך ענטפערען פאר'ן מחבר (או אנדערס מאל זאל ער אליין נערענקען). אז דער ארץ־ישראל איר האט שוין ראס מעסער — א ווירא‌ק — אויפ'ן האלז נאך פון יענעם קווארטאל. זיין ווייב מיט'ן אייניקעל זענען געלאפען אין הייזער אריין „זוכען געלט“, (מען וויסט נישט אויף קלאר, וואס מען מיינט: אפנעמען, בארגען, — בעטלען?), עס פאלט צו די נאכט און ער ליגט אויפ'ן ברוריגען הויף צווישען בעטגעוואנט און ארעמע כלים. מאנכער לאקאטאר בעט איהם אויף א ווײלע אריין צו זיך, נאר ער וויל נישט. ער וועט ווארטען אויף דער אלטער, זי מוז דערווייל קומען!

א פראווינץ־איד וועט אפשר פרעגען: און דער בעל־הבית? איז ער קיין מענש נישט? ווי האט מען קיין רחמנות נישט? עס פאלט צו די נאכט, עס ווערט פינסטער און פינסטערער, ווי לאזט מען נישט אן אלטען בלינרען איד צוריק אין רירה אריין איבער־נעכטיגען? נאר מיט פראווינץ־אידען לאז איך מיך אין קיין שמועס נישט אריין, עס איז דא אסך זאכען, וואס זיי פארשטעהען נישט...

רערווייל נעמט זיך דער אלטער אפצוריכטען חצות... דער

הויף איז שוין לעדיג, לאנג נעשלאסען דער טויער, ביי יעדען קלינג, קלאפט איהם דאס הארץ: די אלטע, דאס אייניקעל געהט, נאר עס נארט איהם אפ... ער רוקט זיך ארויס פון די איבערבעטען אויף דער בלויזער נאסליכער ערד, גראבעלט צוזאמען אביסעל בלאטע אויפ'ן ארט פון אש, באשיט דעם קאפ און ריכט אפ חצות...

„שלוחי מצוה אינן נזוקין".*) דאך האט זיך דער אלטער איר בערגעפיהרט און די א ל ט ע מיט'ן אייניקעל האבען איהם גע־פונען א נוסס...

מיר ערלויבען זיך נאר דעם הערן עפפעלבערג צו געבען צוויי עצות: 1) ערשטענס, זאל ער נישט מיינען, אז א פאקט פון לעבען איז א לונגראון־לעבער, און מען דארף זי צובלאזען עד סוף כל הדורות. די גאנצע געשיכטע, אז רער בלינדער האט אמאל געזעהען, און רער ארעמאן איז אן עושר געוועזען, דער נאנצער וכוח וועגען ארץ־ישראל וכרומה אנדערע זאכען, בפרט דער „סרח העודף", דער סוף פון דער מעשה, די טהרה, לויח און באמער־קונגען, מאבען נאר שוואך די פעולה, וואס די נאוועלע וואלט גע־קאנט מאכען. און

2) אויב ער מוז שוין שרייבען, זאל ער כאטש שרייבען פראזע. וואס דארף ער ריימען?

ער וואלט גאנץ שעהן יוצא געוועזען מיט דער נאוועלע און גע־מענט נישט מזכה זיין את הרבים מיט „דעם נוף און די נשמה" מיט'ן נאריש־בטלנישען־אלט־פילאזאפישען איבערזעצטען שיר „דער שרעקליכער חלום", (בפרט מיט דער קלוגער הערה!), איך וואלט איהם אפילו מוחל געוועזען די „טויבען מיט די האביכטען"; אפילו זאסניץ וועט נישט שרייבען:

נאר ווי זאל דעם האביכט אט דאס נישט פארדריסען
ווי זאל איהם נישט ברענען זיין הארץ פון קנאה
ער איז דאך א מערדער (!!) און בלוט צו פארגיסען
דאס איז דאך זיין טבע און דאס איז די שנאה!
און אנגעזאגט האט זי (די טויב) יערען (קינר) באזונדער

---

*) דא פאסט דער ווערט, אין דער נאוועלע, איז עס א סקריפ פון א מיר.

זיי זאָלען נישט שטיפען (!) נישט פליהען צו הויך
זי — נאַהרונג — פליהט זובען (!!!) ברענגען די קינדער (!!!)
זיי זענען נאָך יונגע, זיי זענען אָהן כח.
און אַרוים זענען זיי, ווען זי איז נאָר וועק
און האָבען — אין שטיפען און קולות פאַרבראַכט (?)
און באַלד האָט א האַביכט ערדרייכט דאָרט (!) זיין צוועק
און האָט אויף דער שטעלע (!) צורעכט זיי געמאַכט!

ווי נאַריש די דריי סטראָפען זענען אינ'ם משל, זענען זיי נאָך נאַרישער אינ'ם נמשל. די טויב איז (פאַרשטעהט זיך!) די כנסת ישראל, דער האַביכט — שונאי ציון. עס נעהט אין דעם, אז די קינדער פרעגען די טויב פאַרוואָס דער האַביכט (דער יאַסטשאַנב) פרעסט זיי אויף? וואָלט ער כאָטש נעגעסען אונזער פלייש! גיין ער צאַפט נאָר אוים דאָס ביסעל בלוט, און וואַרפט די נ ב ל ת אוועק. די טויב ענטפערט — אז די טויבען האָבען דריי מעלות; ערשטענס עסען זיי כשר (!) צווייטענס אז ווען זיי האָבען נים קיין אַרבעט, שלינגען זיי און זענען יוצא מיט שטיינדלעך (!) און דריטענס — א טייבעל קוים קריגט עס אַרוים פון איי, פליהט עס הויך — על כן שמעקט די שנאה דעריגען! און דער היוצא לנו מרברינו — איז א מוסר: נישט שטיפען, נישט פליהען, נישט מאַכען קולות...

אחוץ די צוויי עצות וואָלט א יושר געווען, אז ה. עפעלבערג זאָל מגלה זיין דעם סוד. וואָס א פראַווע ער האָט נעהאַט איבער צודרוקען שטיקלעך פון אַלטע אידישע צייטונגען? צי האָט ער מוריע געווען זיינע קונים, אז ער וועט עס טון? צי האָט ער עטיצען באַצאָהלט דערפאַר? דאָס וואָלט שוין אפילו די „קאָרגע ריגה'לע" אין דער גאַווועלע פון שלמה גראָסגליק נישט געטאָן! זי מאַכט נאָר פון „שניי גאָמולקעס", „קליידער בחצי חנם"; פאַר א ליאַרע פאַר הונדערט רובעל האָט זי א קליידעל אויף א חתונה צו געהן. און איהר מאָן מרדכי (פאַרוואָס רבי?) אויב ער וועט נישט קלוגער ווערען, וועט ער אויפ'ן יאָהר אפילו קיין וואַרשעווער קאַלענדאַר נישט בכח זיין צו קויפען... אבער — אַלטע סחורה?

.1891

5.

## וועגען ישוב ארץ ישראל.

ארויסגעגעבען פון בערטהא פלעקסער און ישראל נאראדניצקי.

עס איז לייכט צו פארשטעהן דעם צוועק פון אזא ווערק, עס דארף אויסווייזען:

1) אז עס איז אונז שלעכט אין אייראפא, און אז אויף בעסער איז נישט צו האפען;

2) אז די איינציגע הילף איז עמיגראציע, געשווינד, אויף אייביג אוועק, און דער עיקר —

3) אז די עמיגראציע דארף זיין קיין ארץ־ישראל, נישט ער־גענץ אנדערש.

צי איז דער ציל ערייכט? דאס ווילען מיר זעהן.

---

1) צי איז אירען שלעכט אין אייראפא?

אויף דער פראגע גיט ה. זאמאשטשין מיט זיין געדיכט „דער שטיין און די כוואליעס“ (פאליעס) א תשובה, וועלכע פאסט נאר־נישט צו דער טענדענץ פונ'ס „הייליגען לאנד“. אונטער א מאטא: „למה רגשו גוים ולאומים יהגו ריק“. בעט זיך זאמאשטשין:

„קוקט נאר צו, אויב איהר ווילט עפעס זעהן (און אז נים?)
סאמע (!) ביים ים, ווי א ריז א ו י פ ג ע ש ט ע ל ט (!)
פעסט (,) פון גראניט שטעהט דארט א ש ט י י ן (!)
ער איז שוין א זקן (!). גאנץ לאנג אויף דער וועלט...

עס איז לייכט צום פארשטעהן אז דער „שטיין“ איז א ט ע ־ ז ע ן, און — אז דער פעלזען איז ישראליק.

„עס רוישען, עס קאכען, עס לויפען, עס יאגען
די כוואליעס ביים ברעג אין כ ע ס ס כ נ ו ת (?)
עס שפריצט זיי (?) די פינע (פיענע), זיי קלאפען, זיי שלאגען
דעם אלטען שטורמאק גאר אהן רחמנות —

נאר, וואס פרעגט ער נאך זיי? וואס הערט ער זיי? ווי לאנג איז דען נאר, אז גאלדענפאדען האט אין „טריאטער“ געזונגען „ישראליק שטעקט זיי פיגען ארוים“. און — רוסא פון אויטאדאפעע?!

„צום הימעל דעם קאפ, שטום אהן א ווארט
פארשפריצט. פארגעצט די פיס און ראס פנים (!)
גיט זיך דער העלד קיין ריהר פון זיין ארט
מאכט חוזק און לאכט פון די נאראנים (!)“

און פארוואס זאל ער נישט לאכען? זאלען זיי צולעגען די גאל! עס איז א פארגעניגען צו זעהען, ווי: —

„עס בראט זיי, עס שטעכט זיי, די שונאים אין ים“
און די איינציגע סבה פון זייער שנאה איז:
„ראס שטאלץ פון רעם ריז וואס שטעהט
אויסגעצויגען(!)“

און אפשר מיינט איהר, ער שארט זיי עפעס? זיי האבען צום אויסגעצויגענעם ריז טאקע נאר א שנאת־חנם.

„ער מאכט זיי נים ענג, געגונג איז זיי גראם —“

נאר דער גרויסער אויסגעצויגענער ריז, די גרויסע סקאלע, דער פעלזען, רער אומגעהייער —

„שטעכט ווי א דארן זיי אין די אויגען!“

נאטירליך ווערען די אויגען ביי די רוצח׳ישע פאליעס נאך מעהר רויט. זיי ווערען נאך מעהר אין כעס און —

„פיהל מעהר שוין מיט כח, שוין מלא רציחה,
שמייסען די כוואליעס, פאטשען דעם שטיין,
זיי נעצען איהם אונטער רעם מקום מנוחת,
ווילען אויספיהרען, נאר ער זאל געהן!“

מו־הסתם פיהרען זיי אוים פונקט ווי דער בעלעמער משוגע׳נער, וואס פאטשט דעם ביהמ״ר אויוועז, ער זאל פשר איהם רדך־ארץ

האבען, און אפּרוקען זיך פאר איהם! — „דער שטאדט־זיינער — זאגט ער — איז העכער פאר דיר און נעהם, און דו, בולוואן, („שטורמאק“ איז נאך אין כעלעם נישט נהג) שטעהסט אויף איין ארט“; נאר איהם ווערט די האנט געשוואלען, און דער אויווען שטעהט ווי ער איז געשטאנען, אזוי אויך ש ט ע ה ט אויף א י י ן ארט ישראליק (נע־עגר איז אן אנדערער, נישט ער). און די כוואליעס —

א בלאטינע ליים, זעהר שמוציג און מאוס,
א זאמדעל, א שטיינדעל, וואס ליגען ביים עק,
א ווילד (!) שטיקל גראז, וואס וואקסט ביי די פיס —
דאס שלעפען די כוואליעס מיט נצחון אוועק!

רבונו של־עולם, און נאך וואס האבען זיך בערטחא פלעקסער און ישראל נאראדניצקי מטריח געווען? מה חרעש? ווארט אבי־סעל! בפרט אז —

„דער גבור, דער ריז מאכט זיך גארנים דערפון,
ער נעמט אין זיך אריין די נעץ און די קעלט
ער ווארעמט זיך אויס ב א ל ד קעגען דער זון.
שטעהט ווייטער קאלט־בלוטיג, קוקט אויף דער וועלט!“

וואס זשע זאגען מיר אזוי אומגעדולדיג? נאר אפנים, אז די רעדאקטארען פסק'ענען: מיטב חשיר כזבו“, און דאס „בלאזען“ זיך איז נאר פאר שעהנקייט וועגען: זיי אפנים ווייסען, אז דאס גאנצע זאמד, וואס איז צושפּרייט און צוזייהט אויף אונזער ערד, אויף וועלכער עס וואקסען אלערליי בלומען, תבואות, און וועלדער, אז דאס גאנצע געקריייזעלטע זאמד, מיט וועלכען עס זענען אויס־געבעט אלע טייכען, אלע וואסערען, זענען נישט מעהר און נישט ווענינער נאר צוריבענע גלידער פון דעם ריז, פון דער גרויסער סקאלע, פון וועלכער די כוואליעס רייסען פון אייביג אן, און אן אויפהערונג: נאר א „משהל“ ועחט עס נישט: פרעגט איינעם, וואס [illegible] פליגע אותיות, וועט ער אייך זאגען...
און דעריבער, אויב מיר ווילען האבען א תשובה אויף דער

שאלה: צי איז אידען שלעכט, אדער צו דערליידען אין אייראפא, מוזען מיר זיך אפּווענדען פון פּאעס, וואס זעהט אוינען ביי די פּאליעס, און זעהט נישט די באקעס, וואס פאלען אונטערגעוואשען אין ים אריין, און ווערען אויף קאשע צוריבען. און בעטען דעם ה' ראבניצקי, וועלכער זאגט אונז צו א „רפואה שלמה", ער זאל אונז פריער שטעלען א ריכטיגע דיאגנאזע. —

נענען אזוינע נחמות וואס ה' פּלטיאל זאמאשטשין גיט אונז. נענען דעם נחת אז „מיר לעבען פארט, שונאים אויף צופּענקעניש און אלע אנטיסעמישע שלאנגען אויף צוזעצעניש" זאגט ער אז:

„אודאי איז עס נישט קיין קליינע טרייסט, אז מען דערמאנט זיך וויפיעל דער אומגליקליכער ישראל האט שוין איבערגעטראגען צרות אויף זיינע אויסגעטומשעטע פּליי־צעס; אבער... וואס ווערט דערפון?

לעבען אליין — זאגט ער — איז ווייניג. עס זענען דא אסך מענשען וואס לעבען און פארשעלטען זיך די יאהר; מיט א פאלק קען אויך זיין דאס אייגענע —

„פון דעם הוילען פאקט, אז ער לעבט, איז נאך גאנץ קארג צו רעכענען איהם פאר א גליקליכען... אז מען דארף איהם שטארק מקנא זיין... נאך דער גרויסער נחמה בלייבט די צרה פארט א גרויסע צרה און דאס לעבען איז פארט פינסטער און ביטער".

„דאס אידישע פאלק האט אלץ איבערגעלעבט! אמת גאנץ פיין... עס לעבט היינט אויך... נאר טישטיינס גע־זאגט וואס פאר א לעבען! עס לעבט, און האט אין זיך נישט איין גאנצען, איין געזונטען אבר; עס לעבט און קריכט קוים אויף אלע פיער, קוים וואס מען הערט עס זיפצען; עס לעבט און מוטשעט זיך ערגער ווי אויפ'ן טויט; באטראכט נאר דעם זעלטענעם, היסטארישען גבור, דעם גרויסען ריז, ווי ער ליגט צונויפגעקייקעלט אין צעהנען אויף דער ערד, באדעקט מיט וואונדען און מכות, קליינע און גרויסע פון אויבען ביז אראפּ, פארזונקען אין בלאטע און אלערליי אומ־רייניגקייטען ביז איבער'ן קאפּ! זעהט נאר, ווי די ליכ־טיגע אויגען זיינע זענען אויסגעלאשען און שרעקליך טיף ארייגעזעצט אינ'ם קאפּ, דאס פּנים אויסגעדארט, טויט

> ווי ביי א מת, און דער גאנצער קערפער איז הוילע הויט און ביינער ווי א סקעלעט; קוקט אייך נאר צו, ווי פאר־שמאכט ער איז, ווי די כוחות לאזען זיך איהם אוים, און ער, אך און וועה! נעמט צונויף דאס לעצטע ביסעל קרעפטען כדי (זיך צו צוריטשען) און קישען און לעקען די פיס פון די מלאכי־חבלה, וואס טאנצען אויף איהם דעם גיהנום־טאנץ!"

אפילו א י י ב י נ ג ל ע ב ע ן, נאר שטענדיג א ר י י נ־ציהענדיג אין זיך די נעץ, און די קעלט, אייביג עקזעסטירען אויף להכעים, אויף צוזעצעניש און צופענקעניש אייביג שרייען: למה רגשו גוים, אייביג זינגען:

> „וואס רוישען די כוואליעס, טאנצען און יאגען
> זייער נצחון א נ א (!) לא'מיר אויך זעהן..."

געפעלט אויך נישט ראבניצקי'ן, און געווים קיין שום מענש מיט געפיל. אזא אייביג לעבען הייסט —

> „לאנג נאך לאנג אזוי מוטשען זיך, און ליידען לע־בעדיגערהייט חבוט הקבר! וואס פאר א נחמה איז דאס, אז דער „עוויגער יודע" וועט אייביג גיסען, אהן א סוף און אהן אן עק? — און די גסיסה איז נישט קיין אנגעבלאזענע פראזע, קיין פוסטע אויסגעפוצטע מליצה, נאר דער טרוקענער רייגער ביטערער אמת..."

אזא לעבען ווי מיר פיהרען איז —

> „מעהר נישט ווי גע'גוס'עט, געצאנקט ווי א ליכט";

ער הייסט אונז באטראכטען אונזער לעבען אין אייראפא: —

> „אויף יעדען (פרנסה) צווייגעלע, גרוים ווי א שפיל־קע קעפעל, הענגען טויזענטער אידישע נפשות, אויף יעדער פרי, וואס האט אזוי פיעל זאפט אין זיך ווי אין גרוגרת דרבי צדוק, איז דא (הונדערטער) בעלנים — קאנקורענטען וואס ווילען כאפען, בייסען, צופען..."

עס קומט דערצו, אז איינער שלינגט איין דעם צווייטען. ער הייסט אונז זעהן פון —

> „וואס פאר א שמוציגע בלאטיגע קוואלען מיר מוזען שטילען אונזער דורשט... וואס פאר א מאוסע מיטלען און

שענדליכע קונצען מיר מוזען באנוצען צו פארשטופען די
מיילער פון אומשולדיגע הונגעריגע פיצלעך קינדער... אזוי
ווערען אונזערע נשמות אלעמאל מעהר באפלעקט, מאראליש
פארדארבען, און דער צלם אלהים — פארניכטעט."

„און מיר ווערען מאראליש און פיזיש פארדארבען..."

וואו איהר קוקט אייך אום זעהט איהר נאר —

„פארגליווערטע שטיקער אייז, אהן מענשען געפיהל".

נאך א גליק, וואס מיר פיהלען פיזיש אונזערע וואונרען; מא־ראליש פיהלען מיר שוין לאנג נישט. די נשמה איז דאך נישט אינ־גאנצען אוועק כל־זמן דער גוף פיהלט נאך, אז עס טוט וועה, נאר—

„אונזערע ברידער ארט נישט, וואס דער סם־המות צו־
געהט זיך אלע מאל מעהר אין בלוט, אין אלע רמ"ח אברים;
זיי ארט נישט, זיי פיהלען נישט דעם גייסטיגען שמערץ..."

---

טיפער אביסעל שטעקט די זאנגדע אין דער ראנע אריין ה' מאיר דיזענהאף (אידישע בריף). ער באמערקט גאנץ ריכטיג דעם דואליזם (דאס טאפעלקייט) אינ'ם אידישען לעבען.

מיר זענען געוועהנט צו זאגען „ישראל ואוריתא חד" (אידען און די תורה איז איינס); ליידער איז נישט אזוי, דאס לעבען שטענ־דיג אין דער פרעמד, דאס קיינמאל קיין דעה נישט האבען אינ'ם לעבען, דאס אויפקלויבען נאר די פוילע פירות, וואס פאלען שוין אראפ פונ'ם בוים, האט שטארק פארענדערט דעם איד אין גאנצען. בשעת, ווען אין ביהמ"ד איז ער נאך גאר אן אנדערער מענש. אלס קינדער — שרייבט „בן־ציון" (אין דורך דיזענהאף'ס אויס־געגעבענע בריף) —

„האבען מיר געלערנט (לשמה), נישט דאקטוירים,
נישט אדוואקאטען, נישט רבנים צו ווערען, נישט סיי דער
תורת געלט צו פארדינען".

כל־זמן דאס אינגעל, אדער דער יונגער־מאן זיצען אין בית־המדרש איז נאך „געלט" קיין אפנאם נישט, „פרנסה" נאגט נישט ווי א ווארעם; עס איז דא א בית־המדרש מיט ספרים, לערנען איז א פארגניגען. שוין ארויס פון חדר, אויס רבי, אויס קאנטשיק,

אצינר לערנט זיך אליין. די תורה קאן מען נישט דערגרונטעווען. נאר שווימען אין דעם ים איז דאס גרעסטע, אפשר דאס איינציגע נחת פאר דער נשמה; קיינער שטעלט נישט קיין באלען, קיינער קנייפט נישט, קיינער זעצט נישט אין קארצער אריין, קיינער זאגט נישט צו קיין מתנות. נאר דאס הארץ טרייבט צום וויסען, מען וויל דערגעהן, מען פיהלט, אז עס דארף ליכטיג זיין אין מוח; און — ווי שטאלץ פיהלט מען זיך דאמאלט! דער „אמת" ווערט ארויס־געשריגען און ארויסגעזונגען צווישען פיער ווענט, אלס פ ר א װ ע פאר אלע בעסערע אידעלערע מענשען, אלס פראווע, וואס סוף־כל־סוף וועט מוזען נובר זיין אלע שקרים! פאר דעם אמת איז מען גרייט אוועק צו געבען לעבען און געזונט, כאטש שטעל שוין אויף איין אויטאדאפע! —

נאר קוים געהט מען ארויס אין גאס אריין — ווערט פון די גבורים קריכענדיגע ווערים; עס

„יאווען זיך סוחרים, קרעמער, מעקלער, פראצענטני־קעס; זיי זענען גאר גישט עהנליך צו דעם, וואס זיצט אין בהמ"ד (אנדערע מענשען;) איינער דעם אנדערן רא־בעווט; דער גארט, דער מסר'ט; דעמאראליזירטע (פאר־דארבענע) מענשען, אהן עהרע, אהן שטאלץ! ווי פראסט, ווי קליין די מענשען זענען!"

עס פרעגט זיך, צי זענען דאס טאקע די מאקאבעער'ס אייניקלער! צי זענען באמת זייערע עלטערען אויפ'ן בארג סיני גע־שטאנען? צי זענען זייערע עלטערען באמת פרייע מענשען געווע־זען?

„יעדער איד באשטעהט פון צוויי מענשען: א האל־בער צו גאט, א האלבער (איך מיין, מעהר ווי העלפט) צו געלט!"

איינער איז א שטאלצער אתה בחרתנו, א פראדוקט פון א זעל־טענער העלדענגעשיכטע, און: —

„דער אנדערער איז געפאלען, נידעריג, שוואך, אהן עהרע, אהן ווירדיגקייט..."

עס איז אפשר אביסעל איבערטריבען, און אפשר נישט? מיר אידען זענען אנדערש אין יעדער גובערניע, אין יעדער שטאדט. אפשר איז דא נאך ערגערס דארט, וואו עס איז נאך ענגער; און

אפשר שטעקט רעדינען אביסעל פון דעם, וואס דער ציל איז: אז אידעע צו באווייזען! ווארים די ארטיקעל אין „היילינען לאנד“ זענען נישט וועגען. אויף וועלכע מען קאן בלאנדזשען. נאר איין וועג, וואס מוז פיהרען צום — היילינען לאנד.

און אויך, ווען מיר באטראכטען דאס לעבען פון אנדערע, פון שטארקערע פעלקער, און פארגלייכען זייער טון און האנדלען מיט זייערע אידעאלען, וואלטען מיר געפונען נאך א גרעסערען תהום צווישען הארץ און הענט, און א מרבר פון זאגען ביז — טראגען!...

און אפשר איז דאס גאר אן אייביג לעבענס-געזעץ, אז דער גייסט, דאס געפיהל און דער הונגער, ארער: מוח, הארץ און מאגען, קענען קיינמאל נישט שטעהן אויף איין מדרגה? אפשר וואלט גארנישט גוט געווען עס זאל דער מענש אייניג זיין מיט זיין לעבען, אז דאס לעבען זאל איהם אינגאנצען צופרידען שטעלען; ווייל דעמאלט וואלט שוין אלעס אויפגעהערט, מען וואלט זיך שוין א שריט ווייטער נישט גערוקט... דער מוח נעהט פאראויס. דאס הארץ שלעפט זיך נאך. עס פיהלט זיך נאך לויט'ן נעכטיגען טאג, דער מאגען נעהט נאך גאר פון הינטען, און אויסגלייכען זיך וואלט געהייסען: דער מות זאל בלייבען שטעהן, און דאס הארץ זאל מיט איהם גלייך אפווארטען דעם מאגען...

אז די אידעאלען פון מיטעלאלטער ווירקען היינט, און די היינטיגע אידעאלען וועלען ווירקען ערשט אין הונדערטער יאהרען ארום, איז טרויעריג, נאר טרויעריגער וואלט געווען ווען די אידעאלען. זאלען אויפהערען אינגאנצען! די אידעאלען הויבען זיך שטענדיג העכער איבער'ן לעבען, און ציהען דאס לעבען צו זיך; קוים דערגרייכט דאס לעבען צו זייער מררגה ווערען די אידעאלען לעבענס-מנהגים, און אנדערע, העכערע הויבען אן נאך העכער צו ציהען! אזוי ווערט זיין, און אפשר דארף זיין — אייביג, און דעריבער וועלען טייל זאגען, אז „ישראל ואוריתא חד“ איז אוממעגליך, אז נאר ווענינע אין א דור זענען אינגאנצען בבחינת מח און הארץ, ווי אויך ווענינע זענען בבחינת מאגען אליין, און דעריבער מוז פון פרנסה ביז תורה, פון לעבען ביז אידעאלען זיין אזוי ווייט, ווי פון הימעל ביז צו דער ערד! נאר — מיר מעגען

דאַר מאַכען א שהחיינו איבער אונזער ליטעראטור; זי האָט שוין געענדיגט דאָס פאַר'ן דאַווענע, שוין נ א ד „קרבנות", נאָר „קטרת", שוין אָפּגעזאָגט אפילו „פּסוקי דזמרא", עס נעהט שוין דאָס געדיכטע, מען הויבּט אַז זעהן און זאָגען דעם אמת!

---

חכלל: עס איז אונז שלעכט, שלעכט דעם גוף, שלעכט דער נשמה... נאָר צי איז די מכה אַן אייבּינע? צי וועלען אייביג פאַרפינסטערען אונז די יאָהרען דער „אונזער און פרעמד?"

— „אום גאָטעס ווילען — ענטפערט דערויף די רעדאַקציאָן פון „הייליגען לאַנד" — ביז ווי לאַנג נאָך וועלען אייך די איראָפּעאישע מאַכיערען און צערעמאָניען פאַרבלענדען די אויגען? ביז ווי לאַנג וועט זיך אייך חלום'ען די פאַלשע חלומות פון בירגער־רעכטע אונז... קאָסמאָפּאָליטיום? דאַכט זיך, איראָפּאַ האָט אייך פיל גענוג געגעבען אָנצוהערען, ווי אַזוי זי רעכענט אייך פאַר בירגער, און ווי שטאַרק זי האַלט פון קאָסמאָפּאָליטיזם".

עס וועלען זיך אפילו געווים געפינען חולקים, און וועלען זאָגען, אז איראָפּאַ איז נישט אזוי שלעכט ווי מען מיינט, אז דער ריקצוג, וואָס די אַלטיטשקע מאַכט היינט, איז נישט אויף אייביג, אז דעם פרומען קאָנסערוואַטיזמס נצחון וועט נישט לאַנג דויערען, אז עס וועלען נאָך אמאָל צוריק קומען די אַלטע טעג, מען וועט אין מענשען ווידער שאַצען דעם מענשען, און נימ פרעגען אויף זיין אמונה און זיין משפחה — נאָר: ערשטענס ווער נויט אונז אזוי לאַנג צו וואַרטען? און צווייטענס ווען אפילו מען זאָל אונז מאָרגען צוריק געבען אַלע פּראַוועס, זענען מיר פאַרלוירען; אונזער עקאָנאָמישער שטאַנד איז געפערליך, ראַבּניצקי זאָגט —

„אז מען באַטראַכט די אידישע לאַגע ארום און ארום מיט אָפענע אויגען, איז נישט שווער צו זעהן, אַז זי איז איבערהויפּט פינסטער און ביטער דערפאַר, וואָס דאָס גאַנצע אידישע לעבען (אלס פאָלק) איז נישט נאָרמאַל, שלא כדרך הטבע. אין דער גאַנצער נאַטור זעהען מיר, אַז נאָר די פלאַנצע (דער צומח) קען האָבען א קיום, קען וואַקסען

> און בליהען, וואס איז איינגעווארצעלט טיף אין דער ערד. האט איהר שוין באגעגענט אין דער אמת, נישט אין חלום, א בויםעל צי א בלום, וואס זאל ארומשוועבען אין דער לופט, אדער אזוי ליגען וואו אין ווינקעלע פארשטופט אויף דער ערד, און דערביי נאך א שעהן פנים האבען און בליהען? אקעגען דער נאטור איז נישטא קיין מיוחסים, קיין אויסנאמען! און אונזער פאלק (אויסער שלעפער־ציגיינער) איז דאך אן אויסנאם; עס חנגט אין דער לופט, עס בלאנקעט זיך ארום ווי א פארבלאנדזשעט שעפעלע; קוים וואס עס בעט זיך איין ערגעץ דעם קאפ אנצושפארען, נאר א י י נ ו ו א ר צ ל ע ן לאזט מען עס בשום אופן אין דער פרעמד! אט דאס איז דער עיקר קוועל פון אונזער אומגליק, פון דעם נעמען זיך אלע צרות און שלעג, ווייל מיר שטעהען שטענדיג ווי די מ׳ און ס׳ אין די לוחות, און די ערד שאקעלט זיך תמיד און עס רויבערען זיך וואלקענס אונטער אונזערע פיס..."

דאס איינענטליך איז נישט באוויזען. עס האט נאך קיינער נישט ערנסט געקאנט באהויפטען, אז אויב א פאלק איז אן ארגאניזם, מוז עס דוקא זיין א געוויקס, נישט א בעל חי; אויך זענען דא געוויקסען, וואס וואקסען נישט ארויס פון דער ערד. נאר פאר דאס באמערקט ער ריכטיג, אז אהן ע ר ד קענען מיר קיינמאל נישט עקאנאמיש און מאראליש גוט שטעהן. אויב נישט דאס א י ד ע נ ט ו ם, די פרנסה דארף ווארצלען אין דער ערד.

אויסער ערד־קויפען איז קיין אנדער מיטעל נישטא אונזער עקאנאמיש־מאראלישע לאגע צו פארבעסערען; אחוץ רעם, וואס עס וועלען זיך שטענדיג געפינען אויף אונז מקטרינים, וועלען זיך אונזערע פרנסות קיינמאל נישט אויסרייניגען פון שענקעריי, פאקטאריי, ליכווע און אנדערע גוטע זאכען — כל־זמן דער רוב עולם וועט לעבען פון לופט און ווינט. מען קאן זיין גאנץ מאראליש און דאך נישט וועלען שטארבען מיט ווייב און קינדער פאר הונגער; אויסצוהאלטען אזא נסיון דארף מען זיין מלאכים, נישט געוועהנליכע מענשען; אפשר האבען מיר געהאט אזוינע און זיי זענען שוין אויסגעשטארבען; אפשר האבען מיר נאך היינט אזוינע און זיי שטארבען, בשעת ווען אונזער פעדער סקריפעט אויפ׳ן

פאפיר... און אזוי ווי רער רוב פון א פאלק איז קיין מלאכים און ווילען דוקא עסען, מוזען מיר האבען ערר. דארף מען מאכען קאַ־לאַניעס; נאר — וואו?

2) ישראל רוב ריזבערג פרעגט אן עצה רי שטערען, די לבנה שפאצירט אין הימעל, ארום איהר מיליאנען שטערען, דאַ־מאלט בלאזט א ווינטעל אויף זיין לירע.

און די זיסע טענער איהרע
קלאנגען יאמערליך און וויים...

און זיי וועקען אויף געדאנקען
אין מיין הארץ נאר אהן א צאל;
גייע ווינטען, ליידען, שמערצען
צרות אלטע... פון אמאל!

און ער בעט זיך:

שטערען גרויסע! וועלטען שעהנע!
ענטפערט ווער פון אייך א ווארט?
פאר אן עהרליך פאלק א קליינע
האט איהר נישט פילייבט אן ארט?

ארט פאר זיינע קראנקע ביינער
(אך, ער וואנדערט נעכט און טעג!)

נאר אומעטום יאגט מען איהם מיט פארשירענע טענות:

געה שוין געה, רו ביזט פארווילדעט!
געה — ביזט ארעם! געה — ביזט רייך!
געה — רו ביזט צו שטארק געבילדעט!
געה — רו ווילסט מיט אונז זיין גלייך?!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטערען גרויסע, וועלטע, שעהנע
ענטפערט וויר פין אייד א ווארט?

פאר אז עהרליך פאלק א קליינע
האט איהר נים פיליינבם קיין ארם?

נאר די שמערען ווילען נישט ענטפערען! כאטש זיי זענען אודאי גלייך מיט מיר מוחל ריזבערנען די „קליינע פאלק", ווייל אזוינע גרייזען זענען לייכט צו פאריבטען און אזא לידיק איז שווער (על כל פנים ביי אונז נאר) צו געפינען: זיי ענטפערען נישט, ווייל פון אייביג אויף איז ביי זיי דער מנהג אזוי...
פרוג זינגט:

ווי וואלקען און שטורעמווינט, לויפען און פליהען
אהן אנפאנג אהן אויפהער די שמונדען און טעג;
די אלטע אלמנה, די טאכטער פון ציון,
זיצט טרויעריג איינזאם ביים וועג...

פיל רייזענדער פאהרען פארביי איהר און געהען
זי ווענדט זיך צו זיי מיט א ביטער געוויין:
—אח, זאגט מיר, צי האט איהר מיין קינד נישט געזעהען,
מיין עלענרען יתום? „ניין אלטיטשקע, ניין!"

זיי געהען און רייטען
פון אלע זייטען
צום אלטען מזבח אין הייליגען לאנד...
די טאכטער פון ציון
טוט וויינען און קניען
אין שטויב צו פארבארגען איהר וועהטאג, איהר שאנד...

עס געהען און געהען א טאג נאך א טאג;
עס פליהען די וואלקען, עס יאמערט דער ווינט;
און טרויעריג גיסט זיך א ביטערע קלאג:
וואו ביזטו, וואו ביזטו מיין קינד?!....

נאר אויב פרוג שטעהט פון איין זיים, האבען מיר פון צוויי־טען צד אליקום — צונזער! ער זיצט אויך — אין אמעריקא און

שלעפט צו זיך — קיין ארץ ישראל מיט ווערטלעך, וועלכע זויר־ קען אויף די שמעקעדיגע בלומען, וואס פרוג'ס טויטערען וועקען אויף אין אונזער הארץ. ווי — די פעסט! צוגזער'ן פאסט נישט אנדערש נאר א ציאנארע (אפילו נישט ציונארע).

שטעה אויף פון שלאף,
פון צרות א סוף,
נעם דיין פעקעל אין האנט!
אהער צו מיר!
אויף מ י י ן קווארטיר!
אויף ד י י ן פאטערלאנד!

די ערד פון ארץ ישראל
איז נישט ערגער ווי אמאל;
גוטע הענט און פלייסיג טון
וועט אייביג זיין א זול!

זעקס הונדערט קווארראטנע מיילען
האט זי לידינג פלאץ;
אספאלט, זאלץ, מאגנעזע, אייזען,
מינעראלען אהן א שאץ.

אויף קאמערציע איז דארט א פארט,
דער בעסטער האנדעלס ארט
איהר געפינט גארנישט, איהר גלייבען אין דער וועלט!
דער מיטעלמעער איז פריי,
דער זועץ איז דערביי,
איהר קאנט ראַרטען פארדינען אוצרות געלט!

פערסיען, סיריען האט איהר ביים האנט
עגיפטען, אינדיע, גריכענלאנד
ירדן און פרת אדום דיר פליסט...
און דו ביזט אנטוויקעלט, א וועלט־קאמערציסט?...

מאַרמאָזעל פּלעקסער! הער נאַראַרניצקי! אַז דער טאַטע וויל צוריק די מאַמע, דאַרף מען קיין קלעזמער און קיין ברחנים נישט!...

מיט אַזוינע ריימען איז מען משמח חתן כלה אויף ברודינע חתונות, מיט אַזוינע ריימען לויבט מען סחורות אין גאַס, נאַרקי־כען אין די „לייכטע בלעטער". אַ הויך פון אַזאַ פּאָעזיע מאַכט ברודינ דעם פיינסטען שפּינעל, שמוציג די רייגסטע אידעע!

אויב צווישען פּרוג און — — — אליקום ברחן רינט אַ ס מ ב ט י ו ן, לינט אַ תהום, אַ מדבר, איז אונזער „וועלט־באַרימטער" גאָלדענפאַדען אַזאַ מין קונצענמאַכער, וואָס שטעהט מיט איין פוס אויף דער זייט און מיט'ן אַנדערען אויף דער צווייטער זייט, און כאָטש דער „שווער־פּונקט" פאַלט מעהר צו אליקום'ען, האָט ער דאָך צווישען פּופּצעהן סטראָפען פון „אוי בענק איך אַ היים" אַזוינע אויך:

איך וואָלט נעוואָלט זעהן ווי פאַרטשאַדעט פון רויך,
פאַרטאָג, ווען דער נעבעל איז נאָך בלאָוו (בלוי)
דרימעלט דער אַלטער לבנון אין רעך הויך,
און רעדט עפּעס צו זיך פון שלאָף!

וואָס חלומט דעם זיידען, וואָס טראַכט ער און קלערט?
צי דאַוועגט ער דענסמאָל, צי ניין?
צי ווידערהאַלט ער רעם תהלים וואָס ער האָט געהערט
פון דוד'ן זינגען אַליין?

צו קלאַנט ער וואָס זיינע נעסטען זענען לער,
און די פייגעלעך זענען פאַרטריבען
דערפאַר קרעכצט ער פון'ם שלאָף אַזוי שווער,
וואָס ער איז אַזוי עלענד געבליבען?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר דאָס איז פּאָעזיע... און מכח פּראַקסע?

צי ה אָ ב ע ן מיר כח צו קאָלאָניזירען אַ לאַנד? צי איז ארץ־ישראל פעהיג קאָלאָניזירט צו ווערען? און — וואָס וועט זאָגען דער טערק?

די רעדאקציאָן פיהרט באלד פון אנהויב א וכוח מיט „שונאי־ציון“. „ברידער, זאָגט זי, קול המון כקול שדי, א שטימע פון א פאָלק איז גאָטס שטימע! אַ אידעע, וואָס א גאַנץ פאָלק כאַפּט זיך אין איהר אָן, איז הייליג, געטליך. אצבע אלהים הוא, דאָס איז א וואונק פון גאָט!“

נאָר דאָס איז פּובליציסטיק, און דאָ, וואו עס געהט וועגען לעבענס־פראַגען פון א גאנצער אומה, מוז מען ברענגען מעהרער און בעסערע ראיות... וויפיעל פעלקער האבען זיך אָנגעכאַפּט אָן פאַלשע אידעען, און האבען זיי אזויערנאָך באוויזען! קאָני־באַליזם (מענשען־פלייש פרעסען) איז אויך א געוויסע צייט אויף דעם איינענעם אופן הייליג געוואָרען, „וויצלי־פּוצלי“ איז אויף דער זאַסאָדע אין אמעריקא, (איידער עס איז געפונען געוואָרען) הונ־דערטער יאָהרען גאָט געוועזען, און דער אנטיסעמיטיזם קען אַזוי־ערנאָך אויך הייליג ווערען, אויך זיין א וואונק פון דער השגחה פּרטית. נאָר די רעדאַקציאָן גיט דאָס נאָר אלס „פאַר־שמאַק“, דאָס געדיבטע נעהט שפּעטער: די רעאַקציאָן לאָזט זיך אריין אין ויכוח מיט אלע, וואָס האבען עפּעס דאַגעגען.

זי וויל אויסווייזען די פרומע, אז קאָלאָניזירען פּאַלעסטינא הייסט נישט „דוחק זיין את הקץ“, אז מען מיינט גאָרנישט דער־מיט מיט געוואַלד אראָפּצוברענגען משיח'ן... עס איז אבער אָן עברה די רייד. אונזערע פרומע ווילען נישט די קאָלאָניזאַציע, ווייל — זי דאַרף „קאָסטען“, אונזערע פרומע זענען שטענדיג יוצא מיט פרומקייט, מעג עס זיך האַנדלען וועגען ארץ־ישראל, אדער וועגען קלענערע צדקות, ווי א שפּיטאַל, א גמילות חסדים־קאַסע, אפילו וועגען חדרים... „רחמנה לבא בעי“, זאָגט ער. פון גאָטס וועגען האָט ער גאָר א ב ר י ט הארץ, טרערען אין די אויגען, באַדאַקים תשעה־באָב, קרויט מיט ראָזשינקעס שמחת־תורה. יין קדוש והבדלה שבת און שבת־צו־נאַכטס; א סוכה, אן אתרוג, א לולב — קליינע הוצאות — מהיבי־תיתא... אבער די אמת'ע קע־שענע—לאו! גאָט זאָל וועלען, קאָן ער זיך אליין אויפבויען ציון, און דוקא מיט א פייערדיגער מויער!

די אריסטאָקראַטען (!) הערען אויך אביסעל טוסר, טיט די אסימילאַטאָרען (?) וויל מען שוין אפילו נישט רעדען — נאָר

„יעצט קומט אהער אלע געגנער פון ארץ־ישראל... ערבאַרמט

אייך אויף אייער גלויבען, אז איהר ווילט, ער זאל נישט אונ־טערגעהן" —

גאר נישט דאס האבען מיר געטיינט... מיר האבען פאר'ן אל־טען גלויבען גאר קיין מורא נישט. מיר ווייסען גאנץ באשטימט, אז אין א געוויסער הינזיכט ווערען אונזערע לייט אלע מאל פרור־מער, וואס מעהר שפלות, וואס מעהר צרות, — גרעסער ווערט און הייליגער אלעס, נישט נאר וואס גאט האט אליין געבאטען ארער דורך משה'ן געזאגט, נאר אפילו כל מה שעתיד תלמיד ותיק לחדש. דער דמ"א איז שוין א קדמון געווארען, איהר האט קיין איינצי־גען רב ארער שוחט, וואס האט נישט עפעס א חומרה'לע אויף זיין געוויסען. אפילו דער קערן פון אידענטום, די איינהייט גאטעס (אהדות־הבורא) איז אויך פארפעסטיגט און געשטארקט געווארען אין גלות —

„פרום איז דאס שעפעלע, עס לויבט דיין נאמען
שטענדיג, סיי ווינטער, סיי זומער;
וואס מעהר מען ציפט עס, וואס מעהר מען רייסט עס,
ווערט עס אלץ הייליגער, פרומער —

און העכער דערהויבט זיך איהר הייליגער „מע!"
וואס טיפער און לענגער די גויט;
רבונו של עולם — מע! מע! מע!
נאך נישט דערקוילעט אויף טויט!" —

און בכלל איז א יושר, אז שטיוועל זאלען מאכען שוסטער, און ברויט זאלען בעקער באקען. לאזט איבער פרומקייט און אמונה־זאכען די רבנים, אהן „פראוועס" וועלען זיי זיך אויך זייער שטער־טעל באשטעהן; איהר שריפטשטעלער, פארזארגט אייערס, גיט אהער עצות, וועיזט דעם רעכטען וועג אויף ד ע ר וועלט, נישט אויף יענער, פארזארגט אונז דא — האלט מען פון ארץ־ישראל, רעדט צו דער זאך!

וועגען אונזערע כחות צו קאלאניזירען ארץ־ישראל רעדט קישינעווסקי אין זיין ארטיקעל „אונזער קראפט", ער זאגט אז —

„דער ביטערער גלות האָט אונז נישט אַזויפיעל געשאדט בגשמיות, ווי ער האָט אונז ברוחניות אראָפּגעוואָרפען אין אונזערע אייגענע אויגען. „וואָס איז ווערט א איד?“ — זאָגען גע־וועהנליך אונזערע ברידער, נאַרנישט, א שטרוי! „דאָס אידעל איז נעבעך קליין און שוואַך“.

ער קאָן נאָר מלחמה האלטען מיט'ן מויל, שרייען, וויינען און בעטען זיך; אז עס קומט אויף אונז א צרה שלא תבא — איז דאָס ערשטע און לעצטע: תהלים זאָגען, פאַסטען... און די איינציגע האָפנונג, אז גאָט ב"ה זאָל שיקען זיינע שלוחים —

„אַ פּאָר גבירים, וואָס וועלען געבען געלט“...

„קיין פאַרזיכערונג אויף א י י ג ע נ ע ר ק ר ע פ ט ן,
קיין האָפנונג אויף זיך אליין.“

נאָר צי איז דאָס אמת?

„לאָמיר זעהן, צי זענען מיר טאַקע אַזוי שוואַך און אַזוי דעמאָראַליזירט, אז מיר אליין קאָנען גאָר פאר זיך נישט טון, און נאָר גבירים קאָנען אונז ראַטעווען? עס זענען דאָ קלענערע פעלקער, וועלכע האָבען נישט די העלפט (מענשען) פון אונז און שפּילען דאָך א ראָלע אויף דער וועלט און זיי האָבען זייער פאָטערלאַנד...“

„נאָר פון „האָבען“ ביז „קריגען“, קלערט איהר איז ווייט? מיר זענען דאָך צוועלף (?) מיליאָן מענשען... מיר זענען קיין נערגים (!!!) עס האָט קיין שונא ישראל נישט די העזה גע־האָט צו זאָגען, אַז אידען זענען גערנים; מען באַשולדיגט נאָר אונז, אז מיר זענען צו קלוג, און מיר זענען טאַקע אַן עם חכם ונבון...“

„מיר זענען נישט פויל, מיר זענען פול מיט ענערגיע, „טעטיגקייט און קראַפט, מיר זענען פראַקטיש און אין דער זעלבער צייט (!) אידעאַליש. מיר קאָנען האָפען, ליידען און ארבייטען, מיר זענען עלטער פאר דער גאנצער וועלט און פול מיט יוגענד...

„מיר זענען קיין שיכורים, קיין רוצחים וכו'.

„מען האָט אפילו גישט לאַנג געשריבען אין א פראַנצויזישער צייטונג...“

נאר נענונ! נישט דאס דארפען מיר! נישט קיין עדות פון פראנצויזישע צייטונגען, נישט די הודאה פון שונאי ציון, און נישט אונזער איינענער אטעסטאט א־לא־קישינעוו האבען רא עפעס א ווערט. א חשבון דארף מען, א חשבון! מען דארף קענען דאס לאנד, וויסען — וויפיעל עס דארף צייט, געלט און ארבייט, און פון דער אנדערער זייט — צי האבען מיר דאס אלעס אין דער מאס, ווי מען דארף. —

אפשר וועלען זיך טרעפען טייל, „וואס וועלען יוצא זיין מיט׳ן ארטיקעל „דער מסחר, דער אקערבוי, די אינרוסטריע פאלעסטי־נאס“ פון י. בוכבינרער? איך האב עס נישט געלעזען... בוכבינדער וואוינט אין אדעס, שרייבט איבער פאלעסטינא און ווייזט נישט אויף די קוועלען, פון וואנען ער האט זיינע ידיעות געשעפט... עס קאן זיין נאר בעסער געשריבען, ווי צונזער׳ס ציאנארע, נאר אויף דער וואגשאל וועלען זיי וועגען גלייך.

עס בלייבט אונז נאר צו ווינשען אונזערע חובבי ציון זיי זא־לען ערנסטער באטראכטען זייער פליבט, מעג זיין אביסעל וועני־גער פייער, נאר מעהר חשבון.

נאר אויב די פובליציסטיק פון דעם „היילינען לאנד“ שטעלט זיך ראד גאנץ ערנסט פאר, שטעהט פאר ראס די בעלעטריסטיק גאר אויף א נידעריגער מדרנה. די בעלעטריסטיק באשטעהט פון צוויי קורצע נאוועלען: „דער פרומער קאלאניסט“ און „ישראל׳יק דער פראצענטניק, אדער יענקעניו“. דער פרומער קאלאניסט וואלט געמענט זיין אביסעל בעסער רערצעהלט און די כלה האט נישט געראפט, מיר נישט ריר נישט. חלש׳ען אין וואלר, בשעת ווען זי האט דערזעהן דעם חתן. נאר די צווייטע נאוועלע איז נישט צום ראטעווען. די שרייבערין האט זיך נישט נעקאנט „די דעה גענו־גען“. עס האט זי געריהרט געווים א פאקט פון לעבען, אז „אן ארנטליך שטיל קינר, וואס האט געלערענט זיך גוט, ליעב געהאט די עלטערען און דערנאך ערשט די ביכער, מעהר ווי די גאנצע וועלט“, און געענדיגט דאס גימנאזיום גוט, איז נישט אננענומען געווארען אין אוניווערזיטעט אריין; איז איהר איינגעפאלען, אז אזא יוננערמאן, ווען ער שיסט זיך, אדער ווערט משוגע, וואלט ער געקאנט זיין א העלר אין א נאוועלע. נאר וואס קלייבט מען אוים:

משונע :ווערען ארער שיסען?ביידע זענען גוט, ביידע שטארק! האט זי געהאט א גליקליכען ישוב און יוצא געווען לכל הדעות. דעם סטודענט הייסט זי זיך שיסען, און דעם פאטער — משונע ווערען! און האט עס אזוי גליקליך פארטיילט, אז די נאוועלע הויבט זיך אן מיט'ן שגעון, דערנאך קריכט מען צוריק און מען שלעפט זיך ביז צום שיסען. און מען קריכט באמת און מען שלעפט זיך, ווי אין א זאמד; קיין ווארט כ א ר א ק ט ע ר י ס ט י ק, קיין איינציג ווארט, וואס זאל קאנען אן איינדרוק מאכען; עס דאכט זיך, עס זיצט פאר אונז אן אלטע אידענע, קראצט זיך מיט'ן שפיזעל הינטער'ן אויער און דערצעהלט א מעשה, אהן לעבען, אהן לשון, און מששת ימי בראשית; עס הויבט זיך אן פון יענקעלעס זיירע. ביי דער גאנצער צייט טריקענט איהר נישט אויס די טרער פון אויג, און דער רבונו של עולם געהט איהר נישט אראפ פון דער צונג. די איינציגע מאס איז: „וויים“ אדער „וויים—וויים“. דאס איינצינע ווארט צום שילדערען איז „שעהן“. אלץ איז צאצא: א שעהנער ברית, א שעהנע חתונה, שעהן דרשה־געשאנק, שעהן לער־נען און אזוי ווייטער; קיין זכר פון פסיכאלאגיע, קיין ריח פון באָ־מערקען. דער גאנצער ישראל, וואס דארף אונז נעמען, איז א נאר־נישט, זיין אידעאל איז צו זיין נרוים. נאך אין חדר האט ער געוואוסט נאר מיט יענעם צו שאפען, נאר יענעם, ביים שפילען אין פערדלעך, איינצושפאנען. נישט אומזיסט האט איהם דער שניידער, דער פאטער זיינער, געזעהען (צו פינף יאהר) פליהען אין אן עקיפאזש צווישען וואלקען מיט א שעהנער שווארצער באָרד“...

און אז די נאוועלע איז שוין געענדיגט, הויבט זיך ערשט אן א פראגע, וואס פאר א נאמען גיט מען איהר? מילא „יענקעניו“ האט זי א נאמען געגעבען נישט נאכ'ן זיירען, נאר גלייך ער וואלט א גר געווען, נאך יעקב אבינו, אבי נאך איינעם פון די אבות. נאר די נאוועלע נאך וועמען זאל הייסען? איז טאקע געבליבען ביידע נעמען, אי „ישראליק דער פראצענטניק“, אי „יענקעניו“. נאר וואס טוט מען: אונטערשרייבען אבער נייו? אויף דעם איז אויך דא אן עצה, מען שרייבט אונטער „בת מלכה“. נאר מען לענט דעם ס פ ו ר אלס „א קליין קרענצעל אויפ'ן טייערען קבר פון איהר געליעבטער מוטער מלכה ז"ל טע קאטעק“. און אזויערנאך — אי א מאפע, אי לייכט צו דערגעהן... ער דערמאנט יונ'ה אפיר־

שטיבלעך פון אונטער ברעמען אדער א פעכער און דערגלייכען ווייבערישע סודות! נאר פארוואס קומט מלכה זלאטע קאטעק אז אויפשריפט נישט אויף פראסט אידיש? — אויף דער שאלה קאן איך נאר ענטפערען די איינציגע תשובה, ווי אויף אן אנדער שאלה: נאר וואס האט מען דאס געדרוקט?

— איך ווייס נישט. —

.1891

## 6.

# ערינגערונגען אויס מיינער יוגענד.

### פון א. פ. ראדין.

ווען איך עפען אויף דאס ספר גראד אויפ'ן פינפטען זייטעל און לעז:

> עס איז צוואר שווער דיא ערינערונגען ד ע ם י ו ג ע נ ד ס פריא אנצוגעבען און צוואר אויס דיעזע גרינדע. מאן פערגעססעט אים לויפע דער צייט... איבערהויפט אבער פערגלייך דער יעצט־ צייט, יעצט נאטירליך וואלטע איינער זיינע ביאגראפיה אויפנא־ טירען, קאנטע עס זא שווער ניכט פאללען אים פערגלייך דער פער־ גאנגענע דרייסיג יאהרען צוריק, דאמאלס וואר קיום איינער אונ־ טער הונדערט אים שרייבעקונסט איינגעאיבט, אונג מוססטע איינער... זייגע גאנצע ערינערונגס־קראפט צ ו ז א מ מ ע נ נ ע מ ע ן...

אדער אויפ'ן זיבענטען, וואו די אויטאביאגראפיע הויבט זיך אן מיט די ווערטער:

> איך בין געבארען אם טאגע דעס א י ד י ש ע ן פאסטאגס אב דער גאנצליכע שטורץ דער ד א ו ו י ד י ש ע דינאסטיע ביי'ם צערשטערונג דעס ערשטען טעמפעלס...

אדער אויף וועלכען איהר ווילט פון די הונדערט און פערציג זייטען פון ראדינ'ס ערינערונגען, וואלט עס מיך באלד נאך דער־ מאנט אין כהן־צדק'ס דייטשע זעמעל, מר חיים שלום סליוזקינ'ס לאגיק און — דאס ווערק וואלט תוך כדי רבור זיין ארט געפונען

ביי רער רינסט אין פליישקויבער; צום אומגליק אָבער איז צום ערשט געפאַלען מיר אין די אויגען אריין די ה ס ב מ ה, וואָס א א י ר י ש ע ר מ ח ב ר האָט א. פ. ראַדינ'ען גענעבען: „מיט פערגעניגען" — שרייבט ער נאָך ראַדינ'ס רייטש—:

מיט פערגניגען האָב איך איהרע ערינערונגען געלעזען, דאס (!) איזט א י י ן גוטער (!) שפּיגעל צו זעהען וויא אונזערע ברידער האָבען אַמאָל געלעבט.

אויף א י ה ר ע ר פראַגע: אויב איהר זאָלט עס דרוקען לאַססען, מוס (!) איך אייך, נאָך מיינער מיינונג, זאגען: דאס איהר ווערק קען נוצען ברענגען ניכט וועניגער, וויא דיא ת י י ג־ ט י ג ע א ל ל ע ז אָ ר ג אַ נ י ש ע ב י כ ע ר, דאס הויפּט (!) איהר דרוקט עס דאַנקען נאָט מטוב לב, איז דאס (?) געוויס זעהר שען. מי יתן, ווער וואָלט געגעבען, דאס אַללע יודען זאָל־לען שרייבען, דרוקקען, אונ ניט ברויכען דערפון צום לעבען.

איך ווינש אייך גליק אין אייער אונטערנעהמען, איהר זאָלט פיעל נוצען ברינגען מיט אייער שרייבען, אונ פיעלע לעזער זאָל־לען דערפון הנאה האָבען, אייערע ספרים זאָללען חן געפונגען אינ אַלעמעס אויגען אונ דיא לעזער זאָללען אייך ווינשען אַללע גו־טעס...

ווי שרעקליך ק ל י נ ג ט די געווים ק אָ ס ט ב אַ ר ע ה ס כ מ ה! ווי ווערמיג — די פשרה צווישען לעצטען ביסעל עהרליכקייט פון איין צד און — לכל הפחות דער תאוה צו זיין בבחינת „היה רוכב על גבי..." מחבר, יענעם אַן הסכמה צו געבען — פון צווייטען צד, נישט האָבען קיין יערות ראַדינ'ס ווערק צו גלויבען. נאָר נענוג געוויסען די גאַנצע פאָלקס־ליטעראַטור אין מיסט־קאַסטען צו וואַרפען, אבי ראַדין מיט זיין „ס פ ר" זאָל בלייבען אין דער ח ב ר ה! ווי עקעלהאַפט איז די ב ר כ ה, אַז א ספר ז אָ ל ברענגען נוצען און פאַרגניגען, גלייך איין און דאָס זעלבע ספר קאָן ברענגען נוצען און שעדליך זיין; פאַרגנינען שאַפען און ווירקען אלס ברעך־מיטעל, ווי די הסכמה אליין! און עס וועגדט זיך נאָר אין מזל, אויף וועלכען א ברכה פון א אידישען מחבר קאָן האָבען א פעולה! —

נאָר אויב דעם, וואָס ניט א הסכמה, מוז יעדעס תעהלען אין

דער נגענער פון עהרליכקייט, מוז דער, וואס נעמט און דרוקט אזא הסכמה, א דעפעקט האבען אין מח, א שטארקען ריץ אין די גע־הירען. דער פסיבאטרישער גענענשטאנד אינטערעסירט מיך, און בדי אפצווזובען דעם ריץ, דעם דעפעקט האב איך שוין דורכגעלעזען דאס גאנצע ווערקעל, (און גלויבט מיר, אז איך האב שטארק געליטען דערביי), נאר ליידער האב איך די קרענק נאך נישט דערטאפט; ווייל — באמת אויפ'ן שער ווערט עס פארשווינגען — איז דאך דאס ספר נישט געענדיגט, דער סוף וועט זיין שפעטער, און איך מוז מיט מיין דיאגנאזע ווארטען.

דערווייל טייל איך מיך מיט אייך מיט דעם, וואס איך בין געוואר געווארען: ראדין איז געבוירען תשעה באב; ער איז זעהר שטאלץ דערויף, וואס זיין פאטער, א סוחר, האט נישט געמאכט קיין פאלשע חשבונות; צו פינף יאהר האט ער אנגעהויבען א"ב; זיין מלמד האט געהאט א הייזעריגע בערענ־שטימע און — א בעל־פער; איבער'ן זומער האט ער זיך אויסגעלערענט אלף־בית; אנ־געהויבען טראף און דערנאך — חומש, און דאמאלט (זאגט ער) האט ער געהאט א שטארקע תפיסה און א גוטען זכרון; צו אכט יאהר האט ער געקענט דקדוק, צום צעהנטען — אנגעהויבען גמרא און געלערענט מסכתה ביצה, וועלכע האנדעלט נאך וועגען א „מיסנעבורט" אן איי, וואס איז געבוירען אום יום־טוב! ערב פסח האט מען איהם אמאל געשיקט צום רב פארקויפען דאס חמץ; נאך פסח איז דאמאלט אויך פונקט, ווי היינט, געגאנגען שבועות, סוכות, עשרת ימי תשובה, כפרה־שלאגען, יום כפור, שמחת־תורה... חנוכה האט ער נאר ביינאכט געשפילט אין קוויטלעך: בייטאג האט ער „ליידער" געמוזט לערנען; צו בר־מצוה האט ער אן „אויסגע־שטאפטע" דרשה געזאגט, חשק געקריגען צו „השכלה" און אנגע־הויבען זיך צו לערנען שרייבען דייטשע סוחר'ישע בריף! צו אכטצעהן יאהר האט ער חתונה געהאט קיין מאַ־זורען; נאך דער חתונה האט ער גאנצע טעג געשפילט אין דערדע מיט אלע משבילים פון שטעדטעל. נאכ'ן אוקאז האט ער זיך אנ־געטון דייטש; דערנאך האט ער זיין פארמעגען פארלוירען און ארויסגעגעבען זיין קליינע געאגראפיע (?); ער האט נאך געוואלט ארויסגעבען א מין קונקארדאנציע מיט א פירוש אויף דייטש און לשון קודש, און אפילו שוין אנאנסען געמאכט, נאר א נעטויפטער

איר האט ביי איהם אויסגעכאפט דעם מסחר, און אזויערגאר איז ער, ראדין, אומגעלעזען דארווין, געוואר געווארען, אז מענשען קומען באמת ארויס פון חיות. דערנאך האט ער מיט א גוטען שותף א פאבט געהאלטען פיער יאהר און — „פארטזעצונג פאלגט..."

דעריבער מוז איך אויך ווארטען, און זאגען אייך: „פארט־זעצונג פאלגט".

.1891

7.

## מ. מ. דאליצקי

### „מבית ומחוץ"

(תרנ"א).

דורך א סבה, וואס ווערט זיך נישט אין אונז, זעגען מיר נישט בכח איבערצוגעבען אונזערע לעזער א קורצען אינהאלט פון ווערק, און דעריבער זענען מיר געצווינגען צו בעטען אביסעלע קרעדיט, און גלויבען, אז דאס ווערק איז פערעל און בריליאנטען (אידישע צרות און טרערען) אין א גאלד (זעלטענע שפראך) געפאסט. דער דער־צעהלונג איננאנצען קאנען מיר אסך פארווארפען, ווייל עס איז פעליטאניש באארבייט, און נאכ'ן איבערלעזען בלייבען אין מח נאר די איינצעלנע סצענען, יעדע באזונדער, אהן דעם אומגאטירליכען צוזאמענהאנג, וואס דער מחבר האט זיי געגעבען. נאר — די איינ־צעלנע סצענען זענען מייסטערהאפט! עס ציטערט אין זיי דאס טרויעריגע, אומגליקליכע פינסטערע אידישע לעבען — כ ח ו י ה! — ווער עס האט נאך נישט־אויסגעווייגטע טרערען, נישט אויסגע־טריקענטע נערוועז, נישט אינגאנצען א פארשטיינערט הארץ און פארשטעהט לשון־קודש — זאל לעזען מ ב י ת ו מ ח ו ץ! ווער עס מיינט, אז אלע „חובבי ציון" ראמאנסירען מיט דער בריסקער רבי'ציו, שמייכלען מיט חסר צו דער „חלוקה" און לעקען די קנעבעל ביי אונזערע פרומע גבירים, זאל לעזען „מבית ומחוץ"! אויך איז עס מחויב צו לעזען דער, וואס האט נאך א קישען הינ־טער'ן קאפ און א שטיקעל ברויט אין מויל אריין, ער זאל פיהלען, אז ער איז א י ח י ד רערמיט... און... דערוויייל —

.1891

8.

# אנעקראַטען בוך.

**צוויי הונדערט און פיערציג שעהנע וויצען, זעהר סאַטיריש צום לאַכען.**
**ארויסגעגעבען פון מ. קיקעלשטיין.**

ווער האָט צייט אויסצוהערען אַן אידעע און לאָזען זי זיך באַווייזען? און ווער האָט נישט קיין צייט אויסצוהערען אַ קורצען וויץ? רעד וואָס קאָן בטבע נישט האַלטען אין זיך, מוז זיינע אַרדעען און געדאַנקען אויפשרייבען און לאָזען דרוקען. טאָמער וועט עמיץ האָבען אַמאָל אַ האַלבע שעה צייט צו לעזען, אָבער מיט אַ וויץ קאָנסט דו ארויסגעהן אין גאַס אריין און דעם ערשטען בעסטען מכבד זיין. דאָס לעבען האָט אויסגעלערענט צו זיין באַהיטזאַם מיט'ן אמת, וואָס שאַדט געוועהנליך מעהר דעם זאָגער, אַלס עס קאָן דעם צוהערער העלפען; נאָר זעלטען עמיץ זאָל קאָנען איינהאַלטען ביי זיך אַ גלייך־ווערטעל. עס קייקעלט זיך אַראָפּ פון דער צונג. אידעען קלעפּען זיך נישט צו צו דער מאַסע, וויצען ווערען אויפגעכאַפּט כהרף עין און געהען פון מויל צו אויער און צוריק, שנעל, ווי דער בליץ, צו וועלכען זיי זענען עהנליך. בשעת ווען די אידעען ווערען ארויסגעלאָזט מיט אַ פירמע פון מחבר, אויסגעאַרבייט, מיט אַ חתימה, מיט אַ פּרייז, פליהען די וויצען פריי אין רער לופט, ווי הפקר־פייגעל; ווער עס וויל קלייבט צוזאַמען און — פּאַרקויפט. נישט דער מחבר, נאָר דער ארויסגעבער איז בעל־בית; נישט דער שכל, נאָר די מיה ווערט באַלוינט. צו אַ מחבר געהען מיר צו שטרענג; מיר פאַרלאַנגען פון איהם ערשטענס זיין איינענע סחורה און גוטע. מיר פאַרלאַנגען אויסער דעם אַ געוויסע ליטעראַרישע מאָראַליטעט; צו אַ וויצען־קלייבער געהען מיר צו „בקלות ראש“, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען; מיר קוקען אויף זיין „שלעפּען“ פון אַלע זייטען, ווי די אַלטע גריבען אויף אַ געשיקטען „קעשענע־ציהער“. זיין ריהמען זיך באַלד אויפ'ן שער („שעהנע וויצען זייער סאַטיריש צו'ם לאַכען“) איז גאַנץ פּאַסענד. גור—קלוג דאַרף מען זיין! ארויסשלעפּען — יאָ, גנב'ענען

— אפילו האבער ביי דער גאנז. נאר אויפקלייבען ראס. וואס קאַזעם (צינעז) פארלירען, איז לייטען געלעבטער... דעם וויץ בבלל זענען מיר מוחל, אפילו ווען ער הויבט אויף דעם ראק און טאנצט בארוועס... קיין בעל־הבית, קיין איש מכובד, קיין „רב אויף דער חתונה" איז ער נישט, ווי דער שטייגער — א בדחן !

דער צוזאמענקלייבער נים קיין בריליאנט, מיר זאלען זעהן אויב ער איז גוט געשליפען ; גוטע וויצען זענען פערעל ; נאר ער— נים נאר דאס שטריקעל, דעם פאדעם, דאס שנירעל, אויף וועלבע זיי ווערען אויפגעצויגען. נאר דאס שטריקעל דארף אויך נישט זיין צופיעל ברודיג.

מיר פארלאנגען :

1) פרישע סחורה, על כל פנים נישט זעהר פארלענגערטע. נישט דאס, פון וואס קינדער רעדען אין די וויגען :

2) ש א ר פ ע, בליצענריגע, קורץ־געפאסטע וויצען, און—

3) אויב עס מוז שוין זיין אביסעל עזות — זאל זיין כאטש מיט א מאס.

די וויצען, וועלכע ליגען פאר אונז — זענען אלע שלעבט אויפגעשריבען, נישט לאניש. א ו י ס ג ע פ ר א ל ט ; אויפ'ן ארט פון א נאדעל־שפיץ קריגט מען א גלעט מיט א בערען־לאפע. דריי פערטעל זענען פארלעגערט־אלט. פון פערטען פערטעל איז א צוואנציג פראצענט פרעמר דעם אידישען לעבען, פון דער רעשט. מען זאל זיי אפשיילען, ווי פוילע קארטאפעל פון פראלעריי, וואלט געקאנט בלייבען א שעור ארויסצורופען א שמייבעל ביי א מסתפק במועט, וואס זובט נישט קיין סדר, קיין לשון — נאר אבי א רגע צו לאכען.

.1891

9.

## דער אידישער האַנדעלס־קאַלענדאר

אויף פינף יאהר (תרנ"ב—תרנ"ו)

פון י. ב ע ר נ א ס.

דער הער בערנאס רופט זיין קאלענדאר „איין היסטאריש־ליטעראריש־וויסענשאפטליכעס בוך". כאטש אויסער לוח־בראנזלאניע

און זיין איינען־צוזאמענגעשלעפטען ארער איבערגעזעצטען שוואכען ארטיקעל איבער „היפנאטיזם און מאגנעטיזם“, איז קיין ווארט וויסענשאפט און היסטאריע נישט דא. עס איז אויך שווער צו גלויבען, אז זשארגאן־קאלענדארען זאלען האבען אזוינע לעזער, וואס עס זאל זיי מעהר נישט פעהלען, ווי זאסניצעס עלעקטריציטעט און בערנאס'עס היפנאטיזם. נאר ליטעראטור האט דער האנרעלס־קאלענדאר נעגוג. מיט „רוד־ארץ“ פאר'ן רעדאקטאר פון דער אידישער ביבליאטעק און זיין שטילען שותף הער רינעסאן, געהען מיר שטיל אריבער איבער „חנינא בן דוסא“, „עלענד“ און „ארעמקייט איז קיין שאנר“, כאטש עס רייסען זיך אונז פון מויל ארוים די שאלות: 1) ווי אזוי איז חנינא בן רוסא'ס ווייב אי „שטיל, ווי א טויב“, אי „א רייטערקע אכער א גרויסע“? 2) וואס איז „עלענד“, א נאוועלע ארער א פעליטאן, ארער נאר א מרכב פון ביידע? און 3) צי איז „ויהי ערב ויהי בקר“ די ערשטע מצוה, וואס „ארעמקייט איז קיין שאנר“ הויכט זיך נישט אן אין דער פריה, און מען לאזט א גאנצע נאכט ראס ווייבעל אומזיסט נישט שלאפען? די שאלות לאזען מיר אלס תיקו'ס. מיר געהען ווייטער, און פאלען ארויף אויף א מין „צהר“. זיין לשון איז פון פ א ר ' ן מבול, איז צהר על כן נישט פון דער תיבה! אויסער דעם איז די תיבה נישט קיין אירישער קאלענדאר, און אזוינע חיות וואלט זיכער נח נישט אריינגעלאזט. ד ע ר „צהר“ איז נישט קיין פענסטער, נישט קיין בריליאנט, ווייל ראס געריכט „דעם קאלאניסטס פארמעגען“ איז קוים ביי ה' יוסף מינצער אויף לשון הקודש א ד ו כ י נ ר ע ל געווען, און דער צדיק, וואס האט זיך באהאלטען אונטער'ן „צהר“, האט דערפון געמאכט קוים ראס, וואס דער קאלאניסט דארף צום פעלד. נאר דעם קאלאניסט אליין איז טאקע מקנה צו זיין; זיין פארמעגען איז אין לשער, ער פארמאגט „א שטיקעל אקער פעלר“, און „עס איז שעהן, ווי די וועלט“, דערצו נאך „א שטיק לאנקע פ ו ן פ א ש ע ו ו ע נ ע ן“, א „וואגען“ האט ער „פון פעלר צו ט ר א ג ע ן“, א ווייב נ ח מ ה, א זוהן א י ת מ ר, א טאכטער ת מ ר, אן אייזעל, א פאר גוטע פערר, נאך אמאל „א גוט שטיק פעלר, גוטע פרובטען, א וויינגארטען מיט טייטלען, פאמעראנצען אלע סארטען“ (אחד לא נעדר!) „שאף, מלבושים אויף יום־טוב, גענז און אינדיקעס א סמארע, קאטשקעס

אויף אייער". נאר צי וועלען די הינער צופרירען זיין מיט „ה ע־נ ע ר א ו י ף פ א ר א ר ע" און מעהר נישט, איז אויך א תיקו.

רעם באהאלטענעם צדיק, וואס פרעהט זיך, ווייל:

„מיינע נדבות פון מיין גוט הערץ,
מיין יושר, איך מאך קיינעם קיין שמערץ"

וואלטען מיר בלב שלום אן עצה נעגעבען. ער זאל האל־טען די הענט ביי זיך, און די פערער איבערגעבען דעם ווייב צו חשבונ'ען זיך מיט דער וועשין; אזא פעדער קאן אפילו אין א לאמבארד העכער געשעצט ווערען, ווי אין א ליטעראטור.

נאך צהר'ן נעהמט ד. פרישמאן מיט „שפינען און שוואלבען". אויך עפענט אונז שפעטער גאלרענפאדען דעם הימעל לכבוד תשעה־באב. צוויי ווירקליכע טאלענטען, נאר כשעת ווען גאלרענפאדענ'ס טאַנעלט איז באוואקסען געווארען מיט פעט בדחנות, ווערט ד. פרישמאן צוקראכען אין מאנירליכער ראמאנטיק; שטענדיג האט ער מכלומר'שט עפעס צו זאגען און האלט זיך איין, און שטענדיג האט ער טייל ווערטער, וואס קלינגען איהם אזוי גוט, אז ער דרעהט מיט זיי, ווי מיט „מכשפה לא תחיה", און אלץ איז פאררעקט מיט א נאזע, מען זאל חס־ושלום ראס פנים נישט ארויסזעהן.

דאס געריכט „די שפינען מיט די שוואלבען" איז איננאנצען אזוי צוקראכען, שוואך און מ א נ י ר ל י ך געפרווירען, בשעת ווען פרישמאנ'ס תאוה צו צוטרעטען שוואלבען — אזוי ברענענריג הייס, אז מען קאן דעם קאמער קריגען. שמעלט אייך פאר א דיכ־טער, וואס טרעט שוין צוויי טויזענט יאהר אהן אויפהער די שפינען!

„יא, איך טרעט מיט אלע כוחות,
וואו איך קאן זיי נאר נעפינען
און איך וויל זיי, און איך מוז זיי
ענרליך אלע, אלע טויטען,
אך, מיר טוט אזש וועה דער פוס שוין,
פון דעם פ י ע ל ע ן, פ י ע ל ע ן טרעטען..."

וועט איהר פיהלען דעם אייגענעם טעם. ווי—ווען גאלרענפאַ־רענ'ס מוזע באדט זיך אין א „פאמאיניצע". ארער „הייסט דעם הונט

אנטון א מראמבע" און שילט, ווי אן אמת'ע פשעקופקא. נ ו ם לעזט זיך דער פעליעטאן פון הנ"ץ, „אז אלע נעשריי מיט נייע ווערטער" מיט זיין קאמישער סטאטיסטיק. פון ביידע רעפעראַטען איבער „שפה־ברורה פון יה"ז און לעווינסקי לוינט שוין ה י י נ ט נישט צו רעדען, ווייל—איך וויל מיין מויל צו קיין ביי־זען נישט ברענגען — די שפה ברורה'ס זענען נאך קיין תחית־המתים נ י ש ט אויפגעשטאנען. דער „מחבר פון הארעל", ליעוו, האט נענעבען „די חלוקה", אן אויסגעצייכנעט אויפגעשריי־בען נעריכט, וואס פאסט נארנישט פאר'ן מחבר פון... דער אננע־שלעפטער קרענק „הארעל". די „עצה אויף איין עצה" שרייבען מיר אויפ'ן חשבון פון א ובות צווישען צוויי ליטעראטען, פון וועלכע מיר וואלטען נאט ווייסט וואס א מאוס'קייט געהערט, ווען נישט. וואס זיי זענען ביידע אזוי שטומפיק אויף דער עברי, אז מען פאר־שטעהט ביידע נישט א ווארט.

.1891

10.

## „ארגענטינא"

### און איהר רעצענזענט פון „וואסכאד".

אזוי ווי עס איז ארויס א בת־קול, אז דער באראן הירש קויפט ערד פון אידען ווענען אין א ר ג ע נ ט י נ א, האט זיך אננע־הויבען אן עמינראציע. אלע צייטונגען זענען פול נעוועזען מיט ידיעות פון עמינראנטען, וואס האבען זיך ארומנעוואלגערט אין אויסלאנד אהן הילף, אדער, וואס „נוטע ברירער" האבען זיי באלד ביי דער נרענעץ בעראבעוועט... אויך זענען נעוועזען פארשידענע קארעספאנדענציעס ווענען דעם שלעכטען באהאנדלען, וואס די עמינראנטען ליידען פון די שיפ־קאפיטענס. אלע צייטונגען האבען נעווארענט דאס פאלק פאר עמינרירען אהן פעסער, אהן א סדר און פאר דער צייט. באלד דערנאך איז נעקאנגען פון האנט צו האנט אן אויטענטישער בריף פון באראן הירש, אין וועלכען ער בעט זיינע „ברידער", זיי זאלען זיך נישט איילען און אויסהאלטען די צייט.

דאמאלט האט די רעראקציע פון דער אידישער ביבליאטעק באאויפטראגט א געוויסען שרייבער, ער זאל צוזאמענקלייבען אלעס, וואס עס איז פארעפענטליכט געווארען וועגען ארגענטינא, און שרייבען רעריבער א קליינע בראשורע פאר'ן פאלק, בדי אלע זאלען וויסען, אז די עמיגראציע אהין א סדר איז אן אומגליק פאר די עמיגראנטען.

רי בראשורע איז אויפגעשריבען און נעדרוקט געווארען (מיט א קאלירטער מאפע). רער „מחבר" האט זיך נישט געוואלט אונטערשרייבען, ווייל אין רער בראשורע איז נישט דא איין ווארט זיינס, אלץ איז גענומען פון קארעספאנדענציעס, בראשורען און ווי־סענשאפטליכע ווערק.

צו וואס פאר ציל פיהרט די בראשורע?

אין ערשטען קאפיטעל באשרייבט זי ווי עס נעהט צו דעם אומגליקליכען עמיגראנט, אויב ער פאהרט אהן א פאספארט און אהן געלט, און אהן צו וויסען ריכטיג דעם וועג. דער פרק ענדיגט מיט אן עצה, אז ווער עס וויל פאהרען זאל האבען: 1) א פאס, 2) געלט אויף הוצאות, 3) זאל באקאנט זיין מיט דער נסיעה און 4) היטען זיך פאר פאקטוירים, נאר גלייך אליין זיך באזארגען.

דער צווייטער פרק באשרייבט, ווי שלעבט עס איז דעם ארעמען עמיגראנט אויף דער שיף. נאר ראס אליין דארף נישט אפשרעקען — „יעדער וועג אין גן־עדן אריין איז שלעבט, און ארגענטינא דארף און קאן זיין א גן־ערן".

דער דריטער פרק באשרייבט די ארגענטינישע רעפובליק, איהרע גרענעצען, איהרע בערג און טייכען. רער פרק דערצעהלט, אז „דער קלימאט איז איבעראל גוט". פון רעם פרק ווערט מען אבער אויך געוואר, אז, אויסער דורכאויס פרוכטבארער און גוטער ערד איז רא מרבריות אויך, זאלץ־ערטער, וואו עס וואקסען גארנישט אויסער זאלץ־געוויקסען; ערטער, וואו אז מען פארזייהט, רייסט איבערנאכט דער ווינט אויס רי זריעה... און רערפון קומט ארויס אן אזהרה, אז ביים פעלד־קויפען מוז מען זיין געווארענט און באהיט, מען זאל זיך נישט אפנארען. רער פרק ענדיגט מיט דעם, אז דעריבער איז זעהר שלעכט „דעם עמיגראנט אהן לשון, אהן א מויל, אהן געאגראפיע אין דער פרעמד"...

דער פיערטער פרק רעדט פון רי איינוואוינער און עמיגראנ־

מען. עס ווייזט זיך אויס, אז אויב אלע יאהר וואקסט די צאהל פון איטיגראנטען (מענשען וואס קומען א ר י י ן קיין ארגענ־טינא), וואקסט אויך די צאהל פון עמיגראנטען (מענשען, וואס וואנדערען צוריק ארויס). דער פרק ענדיגט דערמיט „אז דאס קומט פון דעם, וואס מען עמיגרירט געוועהנליך אהן אן אמת'ען ישוב, מען גלויבט באבעדעשעשיות. מען גלויבט אין גליקען, וואס זענען נישט געשטויגען, נישט געפלויגען; און דערנאך, אז מען קומט אהין, אז מען ווערט געוואר, אז פעלדער מיט בהמות, מיט חייזער קריגט מען (אין ערגעץ) נישט אהן געלט, אז אליין וואקסט נישט, און מען מוז אומעטום שווער ארבייטען אויף ברויט, הויבט מען אן צו בענקען אהיים וכו' ".

דער פינפטער פרק הויבט זיך אן מיט די ווערטער:

„און ארגענטינא ברויך און קאן ערנעהרען מענשען!" דער פרק ווייזט אויס מיט ציפערען, ווי וועניג מענשען עס איז דא אין דעם געבענשטען לאנד אויף א קוואדראטנע מייל, ווי ווייט עס פעה־לען דארט הענט צו דער ארבייט.

„און אלעס אין ארגענטינא וואקסט און הויבט זיך: דער אקערבוי, דער האנדעל וואקסען פון טאג צו טאג", און דער פרק דערצעהלט אויס כסדר, וואס עס ווערט פארזייהט, אריין און ארויס־געפיהרט, וואס פאר א מעטאלען עס פארמאגען די בערג, ווי גרויס עס איז דארט דאס געשעפט מיט בהמות, און ווי ווייט אלערליי אינוענטארען הארעוועט זיך דארט אויסגעצייכענט.

דער זעקסטער פרק ווייזט דאס אייגענע אויס וועגען האנדעל.

דער זיבעטער פרק ווייזט אבער אויס ווי געפעהרליך די עמיג־ראציע איז פאר איינצעלנע עמיגראנטען; רעדט דערפון, ווי זיי וועד־רען באשווינדעלט דארט פון פריוואט מענשען און פון דער רע־גירונג.

ענדליך דער אכטער און דער לעצטער פרק זאגט: „היוצא לנו מדברינו: ארגענטינא קאן זיין א גן־עדן, עס זאל זיך דארט אויף אמאל באזעצען אסך פאמיליעס, זיי זאלען קאנען מאכען א גרויסע קאלאניע, זיי זאלען זיין בכח זיך ווייטער צו אנטוויקלען, זיי זאלען קריגען ערד אין גוטע פונקטען, און זאלען זיין באוואָרענט מיט'ן אייגענטום.

כדי דאס זאל קאנען צו שטאנד קומען, מוז אויפהערען די

מהומה, מוז מען ווארטען ביז די רעגירונג וועט ערלויבען, און דער
באראן הירש, וואס ניט אוועק איף דעם ציל זיין גאנץ פארמע־
גען, זאל אויס׳סדר׳ן די עמיגראציע..." די בראשורע ענדיגט רער־
מיט, אז —

„ארגענטינא איז א גן־עדן פאר א ריכטיגע, גע׳סדר׳טע עמיג־
ראציע, און א בית הקברות פאר אונזערע עמיגראנטען".

איהר זעהט לייכט ארויס דעם צוועק פון דער ב ר א ש ו ר ע.
דער לעזער ווערט רורך איהר באקאנט מיט אלע מעלות פון אר־
גענטינא, מיט איהר האנדעל, אקערבוי, בארג־ווערג וכו׳, נאר אין
איין וועגס לערענט מען איהם, ער זאל נישט איילען נאר ווארטען,
ווי דער באראן הירש בעט זיך, ביז די עמיגראציע וועט איינגע־
ארדענט ווערען. —

---

די בראשורע האט אבער אויסגעזעהען ווי א הפקר (ווייל דער
מחבר האט זיך נישט געוואלט חתמ׳נען) און צוויי נישט גלייכע
מענשען האבען זיך באנוצט רערמיט.

איינער האט אפגעשניטען דאס לעצטע בלעטעל, איינגעקלעפט
אן אנדערס, און אויפגעסטעמפעלט זיין אדרעס און א פרייז פופ־
צעהן קאפ. — דאס איז געשעהען אין ווארשוי.

און דער צווייטער האט געמיינט, אז די בראשורע איז געפר־
נען געווארען אין מיסט און האט איהר א קאפ געטאן — און דאס
איז געשעהען אין פעטערסבורג, אין ניעדעלנאיא כראניקא פון
וואסכאד (טויזענט אכט הונדערט איין און ניינציג, נומער צוואנ־
צינ) ; ער דערצעהלט, אז די בראשורע איז געשריבען געווארען
מאוס צו מאכען ארגענטינא, אז זי רעדט אפ, נישט פון אן אומבא־
רעכענטער עמיגראציע, נאר פון עמיגראציע בכלל, מאכט חוזק פונ׳ם
„מחבר", און רעכענט איהם צווישען די, וואס ווילען ב ר א י ע ן
געגען באראן הירש.

יערעס ווארט — א באזונדערער שקר.

נאר —ביידע האבען עס געטאן פאר הונגער; דער ערשטער
צו ברויט, און דער צווייטער צו א סקאנדאל, צו א צים עמיצען ביי
די האר, א ביס מיט די ציין...

די „תאוה“ צו ברויט און — עטיצען א ציפ צו טון, האבען טאקע א גרויסען כח — נ א ר צ י ה י י ס ט ע ס ע ח ר ל י ך געהאנדעלט? ע ס ק ת ב א מ ו נ ה?

.1891

11.

מען...

# דער אידישער פעלד־ארבייטער.

„א מעטאדע צו ערלערנען (ווי אזוי מען באדארף צו באַ־ארבייטען די ערד) אין ישרען (?) ארט און (?) אלע (!) ידיעות וואס א פעלד־ארבייטער מוז וויסען“.

פון מ י כ ל וו ע ב ע ר.

„באארבייטעט לויט פראקטישע מ ע ט א ד ע ן צום נוצען פאר אונזערע ברודער (!), וואס ווילען ערלערנען לאנד־בוי.“

אזוי זאגט דער שער, וואס איז געשריבען אויף פאטריאטיש לשון און — „נח מיט זיבען גרייזען“.

אין דער פאררערע באריהמט זיך נאך הער וועבער, אז —

„דער הויפט איז אין זיין ספר דער ק י צ ו ר!“

„ער האט זיך באמיהט ווי ווייט מעגליך צו שרייבען קורץ, וואס אַן אנדערער וואלט באדארפט באשדייבען אויף הונדערט בויגען — די צייט איז טייער!“

אויך זאגט ער — אז די ארבייט איז איהם נישט גרינג אַנגעקומען.

„זי האט מיך געקאסט פיעל מיה און שוויס, איך האב דורכשטודירט פיעל ביכער פון ת ו ר ת פעלד־ארבייט (!) איך האב מיך (!) באנוצט מיט (!) די בעסטע (!) מעטאדעס, און א חוץ דעם האב איך נאך געזעהען פון פראקטיק זיך אליין אין אלעם איבערצייגען.“

הער וועבער איז אונז מבטיח, על כל פנים פארהאפט ער, אז —

„נאך דעם ווי איהר וועט דורכזעהען (!) גוט מיין ספר און וועט זיך נעמען צו דער ארביים, וועט איהר אין א גאנץ קורצע צייט זיין פאלקאמענע קאלאניסטען" —

דער עיקר מיינט ער די עמיגראנטען:

„אויב דו, ברודער, פאהרסט מיט ערלויבניש פון אונזער רעגירונג אין ארגענטינא, אין דעם באראן הירש'ס קאלאניעס, וועסט דו אויף דער שיף געננוג צייט האבען צו איבערלעזען מיין ווערק, און קומען אויפ'ן ארט מיט אלע ידיעות, וואס זענען נויטיג פאר א קאלאניסט."

נאר יענע קאלאניסטען זענען אויך קונים:

„און אפילו אויב (!) דו פאהרסט נעהנטער, אין ארץ־ישראל, איז אויך גענוג די נסיעה, אדער עטליכע וואכען פריהער, אויף דורכלעזען אמאל צוויי־דריי מיין ספר."

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויב עס האט זיך קיין איינציגער אידישער אגראנאם נישט גענומען ארויסצוגעבען אזא נוצליך ווערק, האט דער הער וועבער געהאט פאלקאמען רעכט מקיים צו זיין „במקום שאין אנשים השתדל להיור איש"... נאר, ער האט געמענט יוצא זיין:

1) מיט א י י ן טעטארע צום איבערזעצען, ווייל צו א קאמפילאציע דארף מען זיין א ס פ ע צ י א ל י ס ט. און א פאר וואכען שטודירען (אפילו מיט נויט־שוויים) מיט נאך עטליכע וואכען „פראקטיקע", זענען פארט צו ווייניג דערצו.

2) אויפגעבען די קוועלען (די נעמען פון ספרים און מחברים) פון וועלכע ער האט געשלעפט, אויפ'ן ארט פון איינען שטודירען און „פראקטיקע", ווייל די קלענסטע פ י ר מ ע פון אן אמת'ען אגראנאם איז נאך אלץ מעהר ווערט, ווי גלאטע שוויים און פראקטיקע... און —

3) מיט קלענערע ת ק י ע ו ת פון רעקלאמען־שופר...

דאס ווערק (אויסער'ן שער) איז דאך געשריבען ריין, פארשטענדיג, און כל זמן עס וועט קיין אגראנאם קיין בעסערס נישט ארויסגעבען, וועט עס דאך נוצליך זיין פאר'ן פאלק. —

.1891

## 12.

# „ספר היהודי הנצחי".

(„דער עוויגער יודע").

(פרעססא תרנ"א).

קינד־און־קייט זיצט דייטענדיג אויף „ישראליקען", און עס איז א קאץ־מוזיק פון פארשידענע קולות. פארוואס זאל א י י ן חיים שלום סליווקין געהן צו־פוס און דאס מויל נישט עפענען? מר חיים שלום סליווקין ווילט זיך נעבעך זיין חזן אין דער ם ע־ נ י ש ע ר שול, ער שרייבט על־כל־פנים דעם שער אויף לשון־קודש, צום סוף ספר בעט ער אויף לשון־קודש דעם לעזער, ער זאל אלע גרייזען ארויפלעגען אויפ'ן בחור הזעצער'ס חשבון; אויך ווא־רענט ער אויפ'ן אייגענעם לשון, אז: „ווער עס וועט די חעזה הא־בען צו דרוקען (!) דאס ספר אהן זיין וויסען, וועט ווערען גע־שטראפט על פי חקי הממשלה יר"ה", נאר — אפנים עס געהט נישט, און מר חיים שלום סליווקין מוז ארייננקריכען אין פאס, אין עזרת נשים, און איבערזעצען פארשידענע זאכען, וואס מען הערט אונטען אין דער מענער־שול. אז אין שול, וואו מר חיים שלום סליווקין'ס פאס און ווייבער שטעהען, הערט זיך נישט קיין נייעס, זעצט ער זיי איבער אלטע זאכען, און אפילו אזוינע, וואס מיין עלטער־באבע האט אינ'ם טייטש־חומש געלעזען — וועגען ביתר, טיטוס מיט'ן יתוש, וכרומה ה י ס ט א ר י ש ע זאכען, וואס זענען זעהר וויכטיג פאר א אידישער נשמה, וואס וויל זיך ווארע־מען ביים פייער־טאפ און אנטלויפט פאר דער זון! ער באפט אריין אינמיטען א פאר לשון־קודש'דיגע ציטאטען, וואס געהערען נישט צו דער זאך, און אלץ — כדי די ווייבער זאלען מיינען, אז ער איז א געבוירענער מענישער חזן!

אמאל איז ע ר מ ט ע י ם אן עסק מיט זיינע איינענע ווערטער. אזויערנאך ווערען אונזערע ווייבער געוואר וואס היס־טאריע איז!

„די א י ד י ש ע היסטאריע — גיט זיי מר חיים שלום סליווו־

קין צו פערשטעהן באלד פון אנהויב, (אונטער דער ערשטער העב־ רעאישער מאטטא: „כי תעבור במים אתך אני") — ד י א י ד י־ ש ע ה י ס ט א ר י ע אין אלגעמיין (בכלל) די אלע באגע־ בענהייטען, וועלכע האט פאסירט מיט אידען צייט זיי זענען גע־ ווארען א פאלק, זייערע אייגענשאפטען און טוגענדען (מעלות ומדות טובות), זייער גרויסען געפיהל, איבערהויבט (אזוי איז דאס ווארט אויסגעלעגט איג׳ם גאנצען ספר) זייער גרויסען מוט, ופגאר ביי די ערגסטע צייט — איז דיזעס אלעס געשריבען, און געצייכענט זעי ד ר י ק ל י ך און דייטענד".

אמת פיין!

„דער עווינגער יודע" האט דריי בענדער. פאר׳ן ערשטען גע־ דרוקטען באנד, וואס איז דורך און דורך געשריבען מיט אזא לשון, מיט אזא קלארען פארשטאנד, מיט אזא הייס געפיהל; פאר׳ן ערשטען געדרוקטען באנד, פון וועלכען יעדעס ווארט איז א מ צ ב ה מיט הירא‎גליפען*), יעדער זאץ איז אן אוצר פון אומ־ ווישענהייט, און איין זייטעל איז סותר דאס צווייטע, און זאגט פונקט קאפויר**), פאר דעם ווערק הייסט זיך מר חיים שלום כליווקין צאהלען פינף און זיבעציג קאפיקעס, און א געוויסע צייטונג האט עס גערעכענט צווישען די „נייע נוצליכע ושארנאז ווערק".

.1891

13.

## י״ז בן אריה: א וועלט מיט וועלטעלעך.

(ווילנא, תרנ"ד).

דער מחבר וויל, אז מיר זאלען זיך איבערצייגען, אז 1) די ערד איז קיילעכדיג, נישט א ברעט מיט זייטען און עקען. 2) אז זי באוועגט זיך ארום דער זון, נישט די זון ארום איהר. 3) אז די

*) דאס אלטע סודות־כתב (פאר אונז) אין מצרים.

**) אויף איין ארט, למשל, זענען די, וועלכע האבען נישט גלאזט שלום ספטען מיט די רומיים חיליגע גבורים, בשעת ווען אויפ׳ן צווי־ טען ארט לויבען זיי פדיצים, און בר־יונה׳ס לויט דער הגדה.

ערד ציהט צו־זיך־צו אלץ, וואס אויף איהר איז, פונקט אזוי ווי
זי אליין ווערט צונעצויגען צו דער זון און 4) אז דורך דער אט־
ראקציאן (אזוי הייסט די קראפט, מיט וועלבער איין קערפער ציהט
צו דעם צווייטען) באוועגען זיך די הימלישע קערפער (זון, לבנה,
שטערן, ערד) איינס ארום צווייטען...

נאר, ברי מיר זאלען וועלען זיין זיינע לעזער, כדי מיר זאלען
וועלען נעמען אין האנט אריין א וויסענשאפטליך ווערק, נישט
סאמע באבע־מעשיות און ראמאנען, נארט אונז י"ז בן אריה אריין
אין ביכעל, ווי א מלמד נארט דאס קינד צום אלף־בית... דער רבי
זאגט איהם צו א פיינעלע, און י"ז בן אריה — א „העכסט אינטע־
רעסאנטע ערצעהלונג"! דערזעהענדיג דעם שער — רעכענט דער
מחבר — וועלען מיר נישט קארגען די צעהן קאפיקעס און דער־
נאך איז פארפאלען! מיר וועלען שוין אונזער געלט דורכ'ן פענס־
טער נישט ארויסווארפען און וועלען שוין דורכלעזען דאס ביכעל...

נאכ'ן שער נעהט א הקדמה: „נישט אלע מענשען — זאגט
דער מחבר — האבען (די) מעגליכקייט אין זייער יונגענד צו לער־
נען (א) וויסענשאפט" — מייל ווערען געבוירען ביי ארעמע על־
טערן... (אין דער שווערער ארבייט) געהט אוועק א יאהר נאך א
יאהר און „מען וואקסט אויס נאר אהן וויסענשאפט". נאר „מזל
איז ביי גאט (אין דער האנט), דאס ארעמע קינד... ווערט רייך...
וואס טוט עס אבער אהן וויסענשאפט?... אט „פאר אזעלכע מענ־
שען, וואס ווילען נישט פארשעמט ווערען נעגען די געלערנטע"
— זאגט י"ז בן אריה — שרייבט ער זיין ביכעל.

נאר מיינט נישט, אז ער שרייבט דוקא נאר פאר די, וואס
וועלען אמאל רייך ווערען. ערער דוקא נאר פאר די, וואס וועלען
האבען די געלעגענהייט פארשעמט צו ווערען פאר געלערנטע...
איך בין איהם אין דעם נישט חושד! די הקדמה זעהט אויס,
איז, גלאט אזוי, געשריבען אין איילעניש און איז ארויס אהן
הענט און פיס... ווארים י"ז בן אריה פארשטעהט גאנץ גוט, אז
פאר ארעמעלייט, וואס ווערען רייך, איז נישט בדאי צו שרייבען,
ווייל — עס טרעפען זיך אזוינע לייט וואס א טאג וועניגער און
וועניגער... אויך ווייסט ה' י"ז בן אריה, אז ארעמע לייט דארפען
מעהר וויסען ווי רייכע און דאס וויסען קומט זיי אויך מעהר צו־
גוץ. פון אמת וויסען האט מען, אויסער דעם גייסטיגען פארגניגען,

אויך — פּרנסה, ברויט און גאַנץ אַפּט מיט פּוטער! די בושה, וואָס דער אומגעלערענטער האָט פאַר'ן געלערענטען, איז אויך א זעל־טענע זאַך, מערסטענטיילס געשעהט פאַרקערט!... מיר שעמען זיך אסך מעהר מיט א צוריסענעם שטיוועל ווי מיט א לעדיגען מח, און אויך — די בושה, וואָס איינער צווישען הונדערט ליידט, אז ער וויים נישט דאָס, וואָס יענער וויים, איז גאָר נישט דער עיקר... די בושה קאָן זיין א נוצליבע זאַך, נאָר אין לעבען פיהרט זי גע־וועהנליך נאָר צו עטליבע ווערטער פראַנצויזיש און א קאַדריל...

וויסען אַליין איז ניצליך און גוטיג, און דאָס האָט ה' י"ז בן אריה געדאַרפט באַווייזען אין זיין הקדמה, אַרער זיך אָהן א הקדמאַ באַגעהן.

נאָר דאָס איז א קלייניגקייט. די הויפּט פראַגע איז, ווי אזוי ערפילט ה' י"ז בן אריה זיין פאַרשפּרעכען? האַלט ער באמת וואָרט? גיט ער אונז אמת וויסען?

ערשטענס מוזען מיר באַמערקען, אז ה' י"ז בן אריה מאַכט נישט קיין אונטערשיד פון „וויסען" ביז „וויסענשאַפט", פון „ידוע" ביז „חכמה", און, אויב ער רעדט פון וויסענשאַפט, מיינט ער נישט מעהר נאָר וויסען און אזויערנאַך וויל ער וועניגער, אלס ער זאָגט צו. נאָר — זאָל זיין ו ו י ס ע ן!

מיר האָבען דורבגעלעזען דאָס ביבעל — וואָס ווייסען מיר דערפון? צי ווייסען מיר באמת, אז די ערד איז קיילעבריג, אז זי איז א קויל נישט קיין ברעט? אז זי באַוועגט זיך ארום דער זון, נישט פאַרקערט, און אזוי אנדערע זאַבען?

ליידער נישט.

דער, וואָס לעזט דורך דאָס ביכעל, האָט קיין איינציגען ריכ־טיגען באַוויז, אז עס איז אזוי און נישט אנדערש! ער הערט א פּשט'ל פון א מגיד, א טייטונג פון א בובהאַלטער, א מין שטה, א מוטמאַסונג — און עס פאַלט איהם גאָרנישט איין, אז דאָס זענען נישט קיין שכליות'ן, וואָס פליהען אין דער לופטען, נאָר אמת'ע באַווייזענע זאַכען, און אזוי זיכער באַווייזען, ווי צוויי און צוויי איז פיער! נאָכ'ן איבערלעזען טראַבט געווים דער לעזער: עס קאָן זיין, אז די ערד זעהט אויס ווי א קאַוואָן און מיר זעהען אויס ווי די פליגען, וואָס געהען אויפ'ן קאַוואָן ארום! עס איז גאַנץ מעג־ליך, אז די ערד דרעהט זיך ארום דער זון ווי א גלאָז וואַסער אין

דער רייף, וואס מען דרעהט ארום אויף א שטריקעל, אדער ווי א שטיינדעל אויף א שטריקעל, וואס פליהט ארום ווי א ראד ארום דער האנט. עס איז קרוב לאמת... עס לאזט זיך הערען, עס לייגט זיך אויפ'ן שכל, נאר — אז עס איז *זיכער* אזוי, דאס ווערען מיר *נישט* געוואר. קיין איינציגער וויכטיגער באווייז, וואס זאל אריין ווי א תאלץ־שרויף אין מוח! און אין א האלב יאהר ארום וועלען מיר פארגעסען דעם איינדרוק פון ביכעל און צוריק גלויבען אונזערע אויגען — אז די ערד איז א פלאץ מיט עקען און קאנטען און די זון דרעהט זיך ארום איהר! מיר וועלען פארגעסען אזוי דעם מגיד, ווי דעם בוכהאלטער. און דאך איז גענוג געווען צו דערמאנען די רייזען, וואס מען מאכט ארום דער ערד; צו דערמאנען, אז אנדערש איז זיך שווער, אדער אוממעגליך פארצושטעלען דעם לקוי לבנה; צו דערמאנען, ווי א זאך, וואס קומט אונז אלץ נעהענטער און נעהענטער, ווערט גרעסער און גרעסער, און פארקערט, וואס מעהר זי דערווייטערט זיך, ווערט זי אלץ קלענער און קלענער, באמש מיר זעהען זי אין בידע פאלען איינגאנצען, אז עס פעהלט פון איהר נישט קיין האר, וואס איז אויך נישט מעגליך, נאר סיידען, אז די ערד איז א קויל...

דאס איז א שטארקער פעלער!

נאר ערגער איז דאס, וואס דער לעזער וועט קריגען זעהר א שלעכטען באגריף פון „וויסענשאפט“ בכלל. עס וועט זיך איהם דאכטען, אז וויסענשאפט בכלל איז עפעס א לייכטע זאך, א שכלדיג שפילעבעל, א רוים, א שאך — א פשט'ל! וועמען פון י"ז בן אריה'ם לעזער וועט נאר איינפאלען, וויפיעל מיח און מאטער, וויפיעל בלוט עס האט געקאסט, וויפיעל רורות עס זענען אריבער, וויפיעל צרות מענשען האבען געליטען, וויפיעל אנשטרענגונגען מען האט געדארפט, איידער מען איז צוגעקומען צו דער דעה? עפעס שוויםט דאך ביי איהם ארום ווי אויף א וואסער!

נאך א שטארקער פעלער שטעקט אין דעם ביכעל: די ידיעות זענען נישט איינגאנצען ריכטיג... דער לעזער דארף וויסען, אז די ערד זעהט *נישט* אזוי אקוראט אוים ווי א קאוואן; אז די ערד האט *נישט* די קראפט פון א מאגנעט, וואס ציהט צו נאר אייזען און שטאל, נישט האלץ, למשל, און פאפיר, און ווערט אליין פון גארנישט צוגעצויגען; און בכלל, אז די אטראקציאן איז נישט

נוחג נאר ביי ערד און זון. נאכ׳ן משל פון מאגנעט, מוז מען דעם לעזער אויף קלאר ערקלערען, אז אלע קערפּער אהן אויסנאמען ציהען צו איינס דאס צווייטע, אז דער כח שטעקט אזוי גוט אינ׳ם קלענסטען שטויב, ווי אין דער זון!...

נאך א פעלער שטעקט אין ביכעל, וואס דער מחבר האט זיך ליב צו פארגאלאפּירען און צו זאגען אזוינס, אין וועלכען אלע זענען וועניגסטען שטארק מסופק. נאך דער לופט (למשל) האט ער א ליידיג ארט... און עטער?

נאר די אלע פעהלער קאנען לייכט פארריכט ווערען ביי א צווייטער אויפלאגע און דאס ווערקעל קאן ווערען ניצליך פאר דעם פאלק. מען דארף די משלים, נאר נאך זיי מוזען קומען קלארע באווייזען; מען דארף אסך ארומרעדען פאר׳ן אנפאנגער, נאר — מען טאר דעם קלענסטען גרייז נישט ארויסלאזען פון מויל... און דאס וויסען דארף זיך פארט נישט איינבעטען אונטער דער מאסקע פון א העכסט אינטערעסאנטער ערצעהלונג... עס פעהלט נאר אויפ׳ן שער זאל שטעהן: אזוי אינטערעסאנט, ווי — שמ״ר!

מיר האבען נאך עפּעס געגען דער שפּראך.

צי וואלט געשאדט מען זאל שרייבען: דאס קינד, נישט דער קינד; דאס, נישט דער געזינדעל? אב (אפּזאגען, אבלערנען) נישט אפּ? נישט דער, נאר די שטאדט? ווען דער ליטווישער זשארגאן זאל וועלען נאכגעבען די קלייניגקייטען, אזוי ווי דער פּוילישער גיט נאך אלע מאל מעהר פון זיין זייט, וואלטען מיר זיך איינס מיט׳ן צווייטען און בײדע צוזאמען מיט אנדערע בעסער פארשטאנען.

נאר נאך די אלע פעהלער איז דאס ביכעל אין אלגעמיין געשריבען מיט אן אויסגעצייכענטען הומאר און עס לעזט זיך ווירקליך, ווי א דערצעהלונג.

דאס ביכעל איז אויך זעהר ביליג: עס האלט פיער און זעכציג זייטען, עס האט עטליכע, נישט שלעכטע בילדער אין טעקסט — און קאסט אינגאנצען צעהן קאפּ. מיט פארטא! פאר די, וואס ווילען (און עס איז א יושר) דאס ביכעל פארשפּרייטען, גיבען מיר אויף דעם אדרעס: מ. קאצענעלבויגען, בוכהאנדלונג, ווילנא.

.1895

14.

## א. קאַטיק'ס עט א. ברעסלער'ס אויסגאַבען.

א. קאַטיק'ס עט א. ברעסלער'ס אויסגאַבען. וויסענשאַפטליכע פאָלקס־ביכער. ערשטעס בוך: ווי האָבען מענשען געלעבט מיט איניגע טויזענט יאָהר צוריק. פאַרפאַסט פון פּאָולאָוויטש. איבערזעצט דורך קאַטיק און ברעסלער.

הערט אַ מעשה, וואָס איך וועל אייך דערצעהלען מיט קאַטיק עט ברעסלערס לשון, מיט זייער גראַמאַטיק און לאָגיק:

די מעשה איז אזוי: דער לעבען מיט די אבסטאַיאַטעלסטוועס רדעהען זיך, די פּרערמעטען מיט די פּאָלאָזשעניעס ראַזוויוואַיען זיך. עס איז געוועזען אַן אומגערענקטע צייט, וואָס אלע מענשען האָבען נישט פאַרזוכט פון עץ הדעת! די אלע פּרעדמעטען, וואָס מיר ניצען יעצט, זענען נישט באַשאַפען געוואָרען ערב שבת בין השמשות! אין דער פּעריאָדע (צייט) פון נארישע, פאַרגרעבטע מנהגים, פיהרונגען, וואָס עקזיסטירט ביי אמאָליגע עלטערען מיט'ן נישט־צייטיגען און נישט־ראַזוויטגע שכל און קליינע ספּאָסאָבנעסטען, איז פּאָניאַטגע, וועגען ליטעראַטור מיט איהרע גוטע, ליעבע איינדרוק, אין זינען, ווי מיר מיינען, האָבען זיי קיין באַגריף! ביים אָטשטאַג פון ליטעראַטור האָט זיך ראַספּאָריאַזשאַיעט שמ"ר און אנדערע קליינע פיה, ווראָדע שמ"ר, זיי אליין האָבען דערקאַזשעט איינצוסטראַיען ביכלעך און האָבען מיט'ן ספּאָרטשענעס מאָזג. געספּאָלניט אלע זאַראָטשעס! די פלאַכע קריטיק מיט'ן וואָרפענדען געוועהר האָט נישט געהאט די דרייסט און די כיטראָסט צו בראַסיווען, אביזשאַיען; זי האָט זיך, ווי א נע'פגר'ט פּעגעל איינגעבוינגען אין א דוגא און פאַרבאַהאַלטען אין פּעטשערים.

און שמ"ר'ס נישט איסקוסטוויענגע, נישט פּיטאָטעלנע, פאַנטאַסטישעסקע ווערק זענען פּאַכאָזשע אויף זשילים און ווראָדע די גראָז, וואָס וואַקסט אליין אויף די פעלד אָהן א געגענשטיין, אָהן א נאַפּאַריעניע, נאַפּראַטיוו מיט פאָלנע אָאוואָזשעניע. זיינע האַלצערנע פּלאַסטינקעס, אומגעשמירט מיט ווייכע שמירונג, האָבען דעם עולם געקלונגען, ווי פּריאַטנע ביבענטשיקעס און זיין לויב האָט

זיך נעהערט, ווי אויסשוס־קלאפען פון שטאלערנע געשיקט־שיסענ־
רע פיסטאלעטען !

נאר, ווי געזאגט — די אבסטאיאטעלסטוועס דרעהען זיך —
און מען האט אנגעהויבען וואזשנער קוקען אויף די פעלד מיט די
גראז און די אדער יענע געוויקסע און פארלאנגט פראבעס אויף די
ווייץ, ווערען באקאנט מיט תבואות, קרינען פיזיש־עסקע מענליכ־
קייט באקומען שפייז א חוץ די סטאדע — שמ"ר עם קאמפאניע.

עס איז געווארען א בורע, א סטראשנע האלאס ! שלום עליכם
האט דער ערשטער גערעשעט צו טאפטשען מיט די פיס, אויסטשא־
ראפען די פאטשווע, צו שרייען : גראבי־אזש ! און צומאכען א סילנע
נאפאריעניע אויף שמ"ר'ס קרעפאסטען און אוקרעפלעניעס און
האט איהם גאנץ אנגענעהם נע'הרג'עט...

און אז שמ"ר איז שוין טויט (אדער אין אמעריקא), פארוואס
זאלען זיך קאטיק עם ברעסלער נישט מאכען א סאאבשציעניע און
מיט אבשטשע סילעס, איבערזועצענדוג דעם באריהמטען פאוולא־
וויטש, נעבען נאר אמאל שמ"ר'ן א קאפ ? וואס שאדט עס ? נאר
אמאל נעפינען אמעריקא !

---

נאר לצנות אן א זיים ! אפשר ווילט איהר וויסען, ווי אזוי א
מענש האט זיך אויסנעלערענט רייטען ? אפשר מיינט איהר, אז
פארצייטישע דורות זענען געוועזען העבער, שטארקער און עס האט
זיך נעקאנט טרעפען, אז אן אדם הראשון איז גראד געשטאנען
פארטראכט איבער א רינשטאק, בשעת א פערד איז אין איםפעט
הירכנעלאפען דורך זיינע צושפרייטע פיס, און דער מענש איז גע־
בליבען זיצען רייטענדיג ? אפשר מיינט איהר נאר, אז א מענש
האט געוואלט כאפען א פערד, און האט עס טאקע אנגעכאפט ביי
דער משופרינא, נאר ער האט נישט געוואלט דאס פערד זאל איהם
בייסען, האט ער זיך ארויפגעכאפט איהם אויפ'ן רוקען און איז
אוועק רייטענדיג ? אייך קאן אויך גאר איינפאלען, אז ער האט גע־
זעהען, ווי א פליג רייט אויף א פערד און האט אויך געפרואווט די־
זעלבע קונץ ? פון פאוולאוויטשען (אויב די איבערזעצער האבען
איהם געטריי איבערגעגעבען) וועט איהר ערשט געוואר ווערען דעם
גאנצען אמת ; די מעשה איז אזוי געוועזען : דער מענש האט שוין

געוואוסט, וואס מען מיינט א חמור, אדער א פערד, למשא; ביים איבערציהען פון איין ארט צום צווייטען, האט ער זיינע זאכען ארויפגעלעגט אויפ'ן „פערדס פלייצע" און דערנאך איז איהם ערשט איינגעפאלען, אז דאס פערד קאן איהם אליין אויך טראגען! נישט גוט, הא?

פון פאוולאוויטשען וועט איהר געוואר ווערען א שכל פון א בער, הערט! אז „א בער שטעהט שלעכט אין דער מלחמה (!) מיט זיינע שונאים (!), כאפט ער מיט די פארערשטע לאפעס גרויסע שטיקער האלץ, מאכעוועט מיט זיי און מיט דעם פארטרייבט ער זיינע שונאים!" איהר האט אודאי נאך אזוינס נישט געהערט. עס איז אייך אודאי שווער צו גלויבען! נאר איהר טארט נישט פארגעסען, אז דאס איז נישט דער בער פון נייגצעהנטען יאהרהונדערט. וואס האט שיין לאנג דעם שכל פארלוירען, נאר אז אלטער, אמאליגער בער, ביי וועלכען מיר האבען זיך (לויט פאוולאוויטשען אדער זיינע איבערזעצער) אויסגעלערענט באנוצען זיך מיט א שטעקען!

דער מענש האט א מעלה, „אז ער קאן ריהרען, ארבייטען מיט זיין מארך פון קאפ, וואס גיט איהם מעגליכקייט מיט אזוינע זייטינע קלוגע מיטלען דערפילען זיין געברויך, וועלכעס מיט זיין קערפערליכען כוי איז ער נישט אימשטאנד דאס צו באקומען" און „קאן ווארפען א שטיין אדער א שטיק האלץ אויף א ווייטע שטרעקע און הרג'ענען דערוויל זיין שונא, די ווילדע טיר, איידער זי אוספעיעט צו געהן צו איהם". נאר „האבענדיג מארך אין קאפ, און קאנענדיג מיט איהם ריהרען, האט ער דאך געמוזט אסך לערנען, איידער ער האט געקריגען, למשל, „אונזער וויסען וועלכע שפייז און געטרענקע דערוואדעמט דעם קערפער" ווי אזוי „צו פאריכטען די פעהלערען פון די נאטור".

נאר אמוויבטיגסטען איז צו וויסען, ווי אזוי דער מענש האט זיך אויסגעלערענט צו מאכען א בויגען! דערצו דארף מען פארשטעהן דעם דין פון עלאסטיציטעט (דאס צוריקשפרינגען פון פארשידענע קערפער) און פאוולאוויטש וויס דעם דין און פארצעהלט כחויה, ווי אזוי עס איז געוועזען:

וואוינענדיג אימער אין וואלד און קוקענדיג אויף אלעס, וואס געפינט זיך ארום איהם, האט דער מענש געמוזט נישט ווילענדיג באמערקען די נאטור פון די חיות, אויך די נאטור פון די בוימער.

עס האט זיך געטראפען, אז ווילענריג כאפען א פויגעל (.) וועלכע איז געשטאנען אויף א צווייגעל און איינגעבויגענדיג דאס (,) אום צו כאפען די פייגעל, ווען ער האט גראדע נישט ווילענדיג אפגעלאזען דאס צווייגעל, איז מיט'ן קלאפ, וואס זי האט געגעבען, קומענדיג צוריק אויף איהר ארט, איז דאס פויגעל גע'הרג'עט געווארען! דאס האט איהם ארויפגעפיהרט אויף א געדאנק (,) באנוצען זיך מיט דעם קראפט פון איינגעבויגענעם האלץ און אזוי איז ארויסגעקומען א כאנען".

און אזוי איז ארויס דער „פערוואביטנער" אמאלינער בוינען! אלע קאנען זיך אינטערעסירען מיט דער פראגע, ווי אזוי א מענש האט זיך אויסגעלערנט „באהאלטען אויף שפעטער". מען ווייסט, אז די ווילדע פעלקער האבען רערפין קיין באגריף נישט, אז דא פרעסט מען צוזעצטערהייט, פארפעהלט עסענווארג — שטארבט מען פאר הונגער. נאר פאוולאוויטש איז צו אריגינעל, ער זאל זיך אינטערעסירען מיט דעם, וואס אלע אינטערעסירען זיך. ער פרעגט פארקערט: ווי אזוי האט ער זיך אויסגעלערנט צו וויסען, אז פלייש קאן מען נ י ש ט באהאלטען? און פאוולאוויטש'עס שכל, נעקליידט אין סאטיק עט ברעסלער'ס פארם, ענטפערט כהאי לישנא: מען דארף —

גערענקען אין די גוטע צייט, אז עס קאגן קוסטען א שלעכטע, און איבערלאזען א פארראטה (זאפאס), דאן ווען עס איז דא איבעריג אויף די צייט, וואס וועט פעהלען. אלזא, גאכדעם ווי ער האט זיך זא באטראכט, ווען עס האט איהם געגליקט, למשל, אמאל אויף דער פאלעוואגיע, האט ער באהאלטען א זאיאגץ (האז) מיט א פאר פעגעל, ווי מען זאגט, גא משארגי דיען, אויף מארגען איז איהם גראדע אייגגעפאללען איבערביימען דעם ארט. ער גיים, מראגט זיך מיט דער משא אויף די פלייצעס און עס איז איהם צוליעב דעם דער גאגג שווערער, עס פארמאטערט איהם, ער קאגן זיך נישט ריהרען, ער איז עפעס ווי געבוגדען, דעריבער האט ער גישט געקאנט כאפען צוויי הערשען, וועלכע זענען איהם פארבייגעלאפען אויפ'ן וועג. גור פוגדעסטוועגען האט ער ווי עס איז פארט געכאפט א מהירכען (א חית'לע), האט ער זיך אנגעגעססען און גיים ווייטער און צופרידען מיט דעם, וואס זיין זאפאס איז גאנץ און קאן איהם נאך דינען אמאל אין א נויט. אין אייגיגע טעג

ארום איז טאקי געקומען דער טאג, אויף וועלכען ער האט זיך שטארק געריכט און אונזער ווילדער נעמט זיך צום פעקעל, וואו עס ליגט דער זאפאסנער זאיאנץ. אבער דער לעצטערער איז נישט געלעגען אויף א לעדניק, נאר די הייסע שטראלען פון דער זאנע האבען איהם געווארעמט, דעריבער איז ער געווארען פאר'עפוש'ט און פארווערעמט. דער יעגער ווערט בייז אויף דעם זאיאנץ, ווארפט איהם אוועק און נעמט זיך צו די פעגעל, נאר דא זעהט ער איז אויך דאסזעלבע, ווי ביים זאיאנץ. „נו, קלערט ער, שוין גליוי־בער ליידען אביסעל הונגער, איבערקומען ווי עס איז מיט אבי־סעל יאגדעס, שוואמען, איידער עססען אזא שמוץ. נאר צו וואס האט מיר נאך געטויגט טראגען אזא פארדארבענעם עססען, וועלכעס איך קאן נישט געברויכען? צו וואסערע כפרות האב איך מיך איינגעמאטערט מיט דעם, און לא די וואס איך האב מיך נאר דער־שוויצט ביי איהר, האט זי מיר נאך געשטערט כאפען דעם געשמאק־קען הערש". הכלל, דער ווילדער איז געקומען צו דער דעה, אז קיין זאפאסען מיט פלייש קאנן מען נישט מאכען..."

אזוינע פערעל פון חכמה, שכל הישר, גראמאטיק און ארטא־גראפיע געפינט מען אינ'ם קליינעם ביכעל פול און פיעל! אלץ איז אנגעוויזען „איבער איין אויער", אלץ איז ארויסגעזאגט, ווי פון א שטומען און אלץ איז געשריבען „נח מיט זיבען גרייזען".

עס איז אונז שווער געווען צו באקומען דאס אריגינאל, אום צו וויסען, צי האבען מיר רי אלע רומהייטען צו פארדאנקען פאור־לאווימשען אליין, אדער זיינע איבערזעצער. נאר פון אונז איז עס נישט וויכטיג: נענוג, אז ראס פאלק קריגט אין דער האנט אריין א ווערקעל, וואס קאן נישט ליכטיג, נאר פינסטער מאבען אין מוח.

.1895

15.

# ספר הברית.

דער ווארשעווער דרוקער ט... ארבייט לטובת הכלל! אז די שריפט אין דרוק שטעהט לעדיג — שרייבט ער אליין אן א ספר. ארער ער פארריכט א באנר שעקספיר און גיט עס ארויס אויף דער

ליכטיגער שיין; א נישט, דרוקט ער איבער דעם „ספר הברית“.—

„דאס ספר, (לויט ח' ט... שרייבט אויפ'ן שער), האט געשריבען בקדושה ובטהרה אויף לשון הקודש, דער תיולי־גער חכם — הרב רבי פנחס מווילנא ז"ל, און עס שיינט אויף די אידישע הימלען, ווי די הערליכע זון... איבער־זעצט האט דאס ספר דער בארימטער מעתיק הר"ר יוסף מאיר יעכץ נ"י, כדי צו באלייכטען די אויגען פון די מענ־שען, וואס פארשטעהען נישט קיין לשון קודש“.

דער „ספר הברית“ האלט גאנצע 106 זייטען, און קאסט נישט מעהר, ווי 40 קאפ. און דאך וויפיעל נייעס דער אירישער לעזער ווערט דערפון געוואר!...

לויט דעם אלטען ספר הברית טיילט זיך נאך די ערד אויף אזיא, אפריקא, אייראפא און אמעריקא — פון אויסטראליען איז נאך קיין זכר נישטא... אויך טיילט זיך נאך די וועלט, ווי אין אריסטו'ס גוטע צייטען, אויף די אלטע פיער יסודות: ערד, וואס־סער, לופט און פייער... און גאטס וואונדער איז, לויט דעם „ספר הברית“, נישט משער צו זיין! „עס זענען, זאגט ער, פאראנען באַ־שעפענישען, וואס ווערען געבוירען פון פייער און לעבען נאר אין פייער! אויף אן אינזעל, דערצעהלט דער „ספר הברית“, האט מען געזעהען, ווי אין אן אויוועז, וואו מען מאכט אייזען, זענען ארומגע־פליטען פיעל לעבעדיגע פליגען, און אז זיי זענען ארויס פון פייער, זענען זיי געווארען טויט, ווי אלע טויטע“... אז די סלמנדרא ווערט אין פייער געבוירען, דאס ווייסען שוין אלע בטלנים, נאר אויף אן אינזעל (הרוצה לשקר ידחיק עדותו — ווער עס וויל א ליגען זאגען, זאל דערצעהלען פון ווייטע ערטער) האט מען געפונען אן ענדיש, די לענג אינגאנצען א פערטעל אייל, גראב נישט מעהר, ווי א פינגער, מיט א שווארצען רוקען, א גרין בייבעל, און דער ענדיש האט געהאט אויפ'ן רוקען צוויי בלעזלער, עהנליך צו צוויי מכות!... אין אזא ענדיש, געווארפען אין פייער אריין, שפארט ארויס א מין שפייעכץ, פון דעם שפייעכץ ווערט דאס פייער תיכף פארלאשען און דער ענדיש — אנטלויפט!...

ווען עס זאלען זיין אזוינע ענדישען, למשל, אין ווארשוי, וואלט מען פון קיין שרפות נישט געקאנט האבען א דרייער...

אויך טייכען זענען פאראן גאר וואונדערליכע! עס איז דא

(וואו, איז נישט אייער, נישט מיין דאנה) א וואונדער־ליבער טייך: לאנג איז ער א מייל, ברייט א האלבע מייל, — יעדען זומער ווערט אין איהם דאס וואסער אויסגעטרוקענט און, ווער אין גאט גלויבט, נעהט צו און נעמט מיט די בלויסע הענט ארויס די פיש, וואס בלייבען ליגען אויף דער ערד!... און דער ארעמער לעזער קרעכצט ווייטער: רבונו של עולם, ווען מיר האבען, חס וחלילה, אזא טייך היגטער ווארשוי, וואלט א האלבער „אייזערנער טויער"*) די פרנסה פארלוירען... עס וואלט געוועזען פיש — האלץ צוגלייך...

נאר נישט אלע נסים זענען געפעהרליך פאר אידישע פרנסות...

דער „ספר הברית" זאגט, אז דער אפורי שרייבט, אז עס איז פאראן אזא מין פיש, וואס שווימט יעדען פרייטאג פארנאכט ארויס פון ים און בלייבט ליגען אויפ'ן ברעג ביז מוצאי־שבת... צי זינגט ער זמירות, ווייס מען נישט, נאר שבת, אפנים, מאכט ער... און דער פרומער פיש, וואס וויל שבת־קודש אין ים נישט שווימען, האט פאר דאס א זכיה, אז א קלייד, וואס מען מאכט פון זיין הויט, איז גאר טייערער און נוצליבער פאר סלמנדרא־בלוט און ענדיש־שפייעכץ, ווייל „דאס קלייד לאזט נישט דורך, נישט קיין פייל, נישט קיין שפייז"! צי דאס קלייר לאזט ארורך קוילען פון הארמאטען, רעדט נישט דער „ספר הברית", ווייל ער האט קיין פולווער נישט געפונען...

לײדער קאנען נישט אלע, וואס לעבען אין ים, זיין אזוי גוט און פרום! עס זענען פאראנען פיש־מענשען־פרעסער; פיש, וואס שלינגען איין א מענשען, ווי ער שטעהט און געהט. און אז מען שיסט אין די פיש אריין א הארמאט, שפייען זיי צוריק ארויס פון זיך לעבעריגערהייט די מענשען...

אזא פיש וועגט פיער הונדערט און פיער און פערציג פונט און האט זעקס „פראנדען ציין" אין מויל. בכלל זענען די פיש זעהר גליקליכע באשעפענישען. פיש אין וואסער, זאגט דער „ספר הברית", דארפען קיין שלאף, און „אז דער שלאף נויטיגט זיי שטארק, איז פאר זיי נענוג איין מינוט צו שלאפען מיט אפענע אויגען"... אויב דאס לעזט א בעל־הבית, א בייטעל־מאכער, אדער אזוי א ברויט־גע־

---

*) דער ווארשעווער פיש־מארק.

כער, טראכט ער נעווים: רבונו של עולם! וואו נעמט מען אזוינע ארבייטער אין ווארשטאט אריין! א קליינינקייט נישט שלאפען, אדער העכסטענס א דרימעל!...

נאר די פיש זענען נישט קיין אויסנאם; נישט זיי אליין זענען באשאפען געווארען צו דערצעהלען גאטס וואונדער; שלאנגען האבען אויך די זכיה! „אז א שלאנג דערזעהט א פוינעל, צי א חיה (!) גיט ער נאר א בלאז, ווערט דער פויגעל, צי דער לייב משוגע, און פליהט איהם גלייך אין מויל אריין“! אזא בריאה מיט אזא בלאז וואלט נעווים די וועלט חרוב ונחרב געמאכט, ווארים די גדויסע שלאנגען שלינגען איין נישט נאר פייגעל און חיות, נאר אפילו מענשען און בהמות אויך, — וואס־דשע טוט גאט? מוז דער שלאנג שטענדיג קלאפען מיט'ן ווידעל, כדי מען זאל פון ווייטען דערהערען, אז דער „מחריב“ רוקט זיך און מען אנטלויפט! איהר קלערט, אפשר, אז איהר וואלט מוחל געוועזען די רפואה מיט דער מכה צוזאמען, אז עס וואלט בעסער געוועזען „זיין ליעבער נאמען“ זאל נאר די שלאנגען נישט באשאפען — האט איהר א טעות! ערשטענס, ווי אזוי וואלטען מיר אהן דער שלאנג פטור געווארען פון גן־עדן? צווייטענס, איז א שלאנג זעהר א נוצליכע זאך: די שלאנגען בייטען יעדעם יאהר די פעל, און די פעל, וואס זיי ווארפען אראפ, זענען א רפואה בדוקה פאר נשים, וואס זענען מפיל קינדער... אז א אשה דארף זיך נאר די גאנצע ניין חדשים ארומווינקלען דעם בויך מיט א שלאנגען־הויט, און, — אויף עטליכע מיליאן קינדער, וועט זיכער איין משיח געבוירען ווערען! נאך נוצליבער איז, אפשר, דער „פיבער־שלאנג“ פון מצרים, וואס זיין פלייש ווערט באנוצט אין די אפאטייקען אויף מעדיצין און אפשר נאר די שלאנגען, וואס מען פיהרט ארום אין די ביידלעך און מען ווייזט פאר פינף קאפיקעס?

---

מיר ווייסען שוין, אז ביים ספר הברית באשטעהט נאך די וועלט פון פיער יסודות, נישט מעהר און נישט וועניגער. שפעטער־צו ווערען מיר נאך געוואר א זעהר אינטערעסאנטע זאך, אז נישט איז אלע באשעפענישען זענען פאראן אלע פיער! מיה

וויסעז שוין, אז די סלמנררא און א געוויסער סארט פליגען ווערען געבוירען פון לויטער פייער. עס זענען אבער דא אנדערע ברואים, וואס זענען געקנעטען פון לויטער ערד; אנדערע, וואס זענען פון לויטער וואסער, נאך אנדערע פון ריינער לופט... און דער כלל איז: אין גרויסע באשעפענישען שטעקען אלע פיער יסודות, אין קליינע שטעקט נאר איין יסוד, צוויי, העכסטענס — דריי! „עס איז, למשל, פאראנען אזא מין מויז, וואס קומט ארויס פון דער ערד אליין, אזוינע מייז, אז מען ריהרט זיי אן, צופאלען זיי זיך אודאי אויף שטיקער און קיין קאץ וויל זיי נעווים אין מויל אריין נישט נעמען... עס זענען פאראן ווערעם, וואס ווערען באשאפען פון עסט־ווארג... געוויסע ווייסע חיה׳לעך — פון מענשען־שווייס... אלץ ווי אין די אלטע, גוטע צייטען... און אויף דער וועלט זענען פאר־ראן נישט מעהר און נישט וועניגער, ווי אפגעצעהלטע פיערציג מינים ליין, אכטצעהן מינים מילבען, הונדערט מינים מיקען, הונ־דערט און צוואנציג מינים פליגען, הונדערט ניין און פיערציג האר־נוס־פליגען!!!

און דאס אלעס לעבט נישט פאר ז׳ י׳ ד׳. נאר צו דערצעה־לען נאטס וואונדער! נאר פון וואנען טייל פרעש לעבען, ווייס אפילו דער „ספר הברית" נישט; שטעלט אייך פאר, ווי עס איז צו באוואונדערען די מענשען, וואס האקען די גרויסע שטיינער און געפינען אמאל אין א גרויסען שטיין א לאך און אין דעם לאך א לעבעדיגען פראש! און דער פראש שפרינגט פלוצים פון לאך ארויס מיט א געשריי! און דער שטיין איז געוועזען פארמאכט פון אלע זייטען, און דער פראש האט פארשלאסענערהייט געלעבט און געשפרונגען! וואו ער האט גענומען שפייז, ווייס איין נאט— דער „ספר הברית" ווישט זיך אפ דאס מויל און שווייגט! קודם כל האבען מיר דערפון א מוסר, אז אונזער גאנצע זארג, אונזער דאגת פרנסה, אונזער כעס און הארץ־וועהטאג, איז נישט ווערט קיין אויסגעבלאזען איי — א והא ראיה דער פראש אינ׳ם לאך פון שטיין, וואס לעבט נאר אהן שפייז און איז דוקא פרעהליך און לוסטיג, און שפרינגט ארום אין לאך!

נאר נעה רער מיט די „הייגטיגע", מיט די אפיקורסים!...

נאך א ראיה אויף דעם איז די נארישע מילב, וואס שלמה המלך, דער חכם, הייסט דעם פוילען, ער זאל זיך פון איהר א מוסר

נעמען און לערנען זיך זארגען פון היינט אויף מארגען. דער „ספר הברית“ ווייס בעסער די זאך. די מילב זאמעלט אן תבואה אויף ווינטער גאר אומזיסט, ווייל א גאנצען ווינטער שלאפט זי, און אז עס קומט צוריק דער זומער, און זי כאפט זיך אויף, איז שוין איהר תבואה אינגאנצען דורכגעפוילט. אינגאנצען „לא יצלח“!

---

אין פיער און פיערציגסטען פרק נעהען מיר איבער צום מענש...

דער מענש איז טאקע מענש, דער ספר הברית קאן זיך איהם גארנישט אויסלויבען. א פול מויל מיט זאפט האט ער! א קלייניקייט, וואס א מענש איז! ערשטענס, עסט ער אנדערע חיות ובהמות; גראז נאר זעלטען. אלע חיות קאנען נישט כאקען, נישט קאבען, נישט זאלצען, און — די ערשטע בעסטע קעכין טוט דאס אלץ טאג־טעגליך און אויף שבת מאכט זי נאך א קוגעל! אלע לעבעדיגע באשעפענישען טרינקען נאר וואסער, דער מענש אבער — אלערליי משקאות: רייכע טרינקען וויין, ארעמע קומען אן צום מאנאפאל. קיין חיה ווייס נישט, וואס שעהן און וואס מאוס איז, (אזוי, וועניגסטענס, זאגט דער „ספר הברית“). דער מענש אבער ווייס. חיות וכהמות האבען דעריבער נישט קיין פארגעניגען פון מוזיק, מיר אבער האבען נחת פון חזנים, פון זמירות, וואס מיר אליין זינגען, און די „ריימשען“ — פון אפערען און קאנצערטען... אז מען קוקט מיט א פארגרעסער־גלאז אויף דעם זאמען פון א מענש, זעהט מען ווי קליינע מענשעלעך טאנצען! און דריי שותפים האבען דעם מענש: גאט, פאטער און מוטער. דער פאטער גיט איהם: בייגער, ארערען, נעהירן און ווייסעל פון די אויגען; די מוטער — הויט, פלייש, בלוט און שווארץ־אפעל! גאט, ברוך הוא, נימט די נשמה... אלץ ווי אמאל!

נאט אייך נאך א בינמעל נוצליכע זאכען: די העמערוידען זענען זעהר געזונט און ברענגען צו לאנג לעבען... חלומות פון סוף נאכט זענען ריכטיגער, אלס די חלומות פון אנהויב נאכט... א גוט מען חלום זאל מען אפילו דעם ווייב נישט דערצעהלען. א מענש זעהט קיינמאל נישט אין חלום קיין טויטע בהמה, ער זאל מיינען, זי לעבט; פאר דאס קומען אונז מתים צו חלום אלס לעבעדיגע

מענשען. נאטירליך איז דאס א סימן, אז א מענש האט השארת הנפש... דער אונטערשיד צווישען א נבואה און אן איינפאכען חלום שטעקט דערינען, וואס נעוועהנליך קומט פריהער דער שלאף און דערנאך דער חלום און ביים נביא פארקערט: פריהער חלום'ט איהם, דערנאך שלאפט ער איין... עס נעהען נאך די אלטע, נאר אלטע זיבען הימלען: א ראד, אין וועלבען עס שטעקען די זון מיט דער לבנה, רעדער פאר די שטערען... נאר די מענשען, וואס וואוינען אויף די שטערען, כאטש זיי קאנען זיין חכמים, אבער קיין יצר־הרע און קיין תאוות האבען זיי נישט! ווארים די תאוות קומען פון די פיער יסודות... און אזוי ווייטער...

נאטירליך וואלטען מיר פון „ספר הברית“ נישט גערעדט, ווען אונזערע אידישע לעזער זאלען נישט האבען אזויפיעל דרך־ארץ פאר „זכרונו־לברכה'ס“ מחברים בפרט און געדרוקטע זאכען בכלל. אדער ווען זיי זאלען וויסען, אז דער נאמען „ט...“ איז גענוב. מען זאל דאס ספר נישט נעמען אין האנט אריין.

---

נאר ט... איז א גענוועהנליכער דרוקער, ער האט זיך און זיין געשעפט אין זין... אלס סוחר האט ער זיך אויסגעקליבען צו האנדלען מיט אלטווארג, אבי פרנסה... וואס וויל אבער

פ א ר ל א ג „ע ז ר א“ ?

עס ליגען פאר אונז דריי ביאגראפיען:

1) רבי שלמה לוריא (רש"ל) זיין לעבען און ווירקונג פון ש. א. הארארעצקי.

2) רבינו שמואל מאהליווער ז"ל (ביאגראפיע) זיין לעבען, שטרעבען און ווירקונג פאר'ן פאלק און פאר דער ציוניסטישער אידעע. — באארבייט נאך ר' יצחק ניסענבוים און אנדערע קוועלען פון מק"ל און

3) פראפעסאר צבי שפירא. —

„עזרא“ איז א ציוניסטישער פארלאג. די טיטעל־בלעטער (שערים) האבען זעקס מגן־דוד'ס און אין יעדען מגן־דוד שטעהט א באזונדערער „ציון“ — זעקס מאל ציון! דער רש"ל האט, נאטירליך, מיט'ן נייטאדישען ציוניזם קיין מגע ומשא נישט געהאט. אין זיין צייט האט מען נאך פשוט געווארט אויף משיח'ן און נישט

נערעכענט. עס האט קיינעם נישט גע׳חלומ׳ט, אז עס וועט באלד קומען א צייט פון קאפיטאליזם און פאבריקען, ווען מען וועט מא־כען א קאלאניאל־באנק און אויף גיך פאבריצירען משיח׳לעך, — פאר דאס איז פלאמענדיג — ציוניסטיש ה א ר א ד ע צ ק י ׳ ס פארעדע. ער קלאגט זיך מיט א הארצרייסיגער שטימע, אז בשעת ווען „יעדעס פאלק אינטערעסירט זיך זעהר פיעל מיט זיין גע־שיכטע, מיט וועלכער צוזאמען דאס פאלק גופא איז געבוירען (!) און ווערט מיט איהר צוזאמען, אנטוויקעלט און פארגרעסערט (!) מאכט זיך דאס אידישע פאלק דערפון גארנישט!“ ער דערצעהלט דעם אידישען לעזער א העבראאישען וויץ פון גרויסען גאון רבי יחיאל היילפערין אין זיין הקדמה צום „ספר הדורות“, וואו „ער זאגט מיט איראניע“, אז, ווען מען זאל אזעלכע לייט (וואס ווילען פון חיסטאריע נישט וויסען) זאגען, למשל, אז המן איז געוועזען פאר דער צייט פון בלכל והימן, אדער זה״ח — פאר תרח׳ן — וואלטען זיי געגלויבט!“ נאר ה א ר א ד ע צ ק י פארזיכערט אונז „אז עס איז צום וויינען, נים צום לאכען. די קליינע אינ־טערעסע פון אידישען פאלק צו זיין אייגענער געשיכטע ווייזט אונז בחוש, ווי ווייט מיר זענען צוריק אפגעשטאנען(?) אין אונ־זער נאציאנאליסטישען זעלבסט־באוואוסטזיין... דאס הייסט: מיר האלטען זיך פאר טויט, פארשטיינערט נאר פאר א מומיע פון דער אלטער צייט...“ און — אז ה א ר א ד ע צ ק י כאפט זיך ארויף אויף די שטעלצען, וויל ער שוין נישט אראפ. ערשטענס, שיט ער אויסגעדראשענע מליצות וועגען פאלק, וואס וויל נישט ווי־סען, וואס אין זיין יחוס־בריף שטעהט. ווייל ער „שפירט גאר־נישט אין זיין טיפען שלאף, עס חלומט זיך נאר פארשידענע חלומות, חלומות... רק חלומות“. דערנאך נעהען צוויי און א האלב שורות מיט פינטעלעך. דא האט ה א ר א ד ע צ ק י, כמעט, ווי גע׳חלי׳ש׳ט! דערנאך כאפט ער זיך פלוצים אויף! און זיינע שונאים? — שרייט ער — זיי פרעהען זיך... זיי מיינען ער גוס׳עט שוין, באלד שטארבט ער, באלד נעהט ער אראפ פון דער סצענע...“ איינגאנצען דריי פינטעלעך, און איין אויסגעשריי: — „אבער נאר לא!“ און ער דעקלאמירט זיך ווייטער: — י ש ר א ל י ק איז נישט שוואך מחמת עלטער. ער נעהט נישט אויס. ער האט נאך אין זיך גענוג קראפט, גרויסע כחות...“ מיר זעהען, אז מיר האבען

דא צו טון מיט א ברענענדיגען נאציאנאליסט — ציוניסט, וואס פארגעסט אמאל אין דער היץ אז גראמאטיק, אז לאגיק, און מיר באפען זיך געשווינד צום „ספר“ אליין... מיר ווילען וויסען מיט וואס רער רש“ל וועט אויפבלאזען רעם פונק פון פארלאשענעם פאלקס באוואוסטזיין, מיט וואס ער וועט אונז אויפפרישען די אלטע ביינער, לעבעריג מאכען דעם איינגעפאלמעסטען פגר?... און נאך דער הויך אויפגעבלאזענער דעקלאמאציע ווערען מיר געוואר פון הארארעצקים מויל, אז רער רש“ל איז געבוירען געווארען אין טויזענט פינף הונדערט און צעהן, אז ער שטאמט פון רש“י, אז ער האט געהאט א שארפען שכל און א פעסטען כאראקטער, אז מיר באגעגענען איהם שטענריג (וואו?) האלטענדיג (ווער? מיר, אדער דער רש“ל?) אין איין האנט א פעקעל מיט אמת... (א שעהן פעקעל?!!) און אין דער צווייטער — א פערער (נישט פון א גאנז, חלילה, נאר) פון שארפער קריטיק, אז זיין תלמיד ר' יחזקאל לאנרוי לויבט „זיין הארץ פון א לייב...“ אז דער רש“ל פלעגט אפווענדען דעם „אבן־עזרא“, רמב“ם, רמב“ן, רלב“ג, רשב“א, הר“ן...

דער ארעמער אידישער לעזער, וואס האט וועניג געהערט פון די גרויסע לייט, מוז, געטירליך, גלויבען הארארעצ־קין אויפ'ןווארט, נאכזאגען איהם, אז דער רש“ל „איז נישט געוועזען קיין שפענדעל, וואס שווימט אהין, וואו דאס וואסער טראגט, נאר שטענדיג, וואוהין זיין שיפס־קאמפאס, זיין שבל הישר, ווייזט, ס'מעג זיין נעגען די גרעסטע ים־כוואליעס“. ער וועט אפילו נישט פרעגען: אדוני הארארעצקי, פון וועלבען פינגער האט איהר עס אויסגעזויגט?... א מחבר פרעגט מען נישט... אז ער זאגט, זאגט ער... ווען ער זאל וועלען קרעדיט אויף געלט, נו, וואלט מען געפרעגט: ווער ביסטו, וואס האסטו? אבער קרע־דיט על חשבון הרש“ל — מהיכי תיתא, גאנצע בערג! און דער לעזער לעזט ווייטער, און ווערט געוואר א גרויסען חסרון פון רש“ל! — ער האט פיינט געהאט די „חכמי־צרפת“, ער, דער רש“ל איז געוועזען א מקובל און, די חכמי־צרפת — פילאזאפען. אריסטו“ן רופט דער רש“ל „ערל טמא“. הארארעצקי איז מודה, אז עס איז א חסרון, נאר „אזוי, ווי א פאטרעט מוז האבען, עס זאל ריכטיג זיין, אלע אסאבע פרימעטעס! פון זיין געמאלטען

פארשוין, אזוי „מוז ער געבען דעם רש"ל צוזאמען מיט זיין בדאראוועקע, וואס מאכט העסליך זיין פנים". נאר הארדעצקי האט זיך אביסעל דערשראקען פאר זיינע אייגענע ווערטער און דרעהט צוריק דעם לעדערנעם רישעל — זיין שכל הישר — און שרייבט: „די פארדארבענע מדות פון דער פאלקס־מאסע (?) פון איין זייט, און די גראבע אויפפירונג פון די דאמאלטיגע אונוויסענדיגע רבנים (?) פון דער אנדערער, האבען אונזער גאון דערלאנגט „עד הנפש" און דעריבער האט ער געוואלט „באזייטיגען אלעס, וואס קאן אין אזעלכע אומשטענדען שעדליך זיין פאר דער רעליגיאן. ער האט אלזא ארויסגעטראטען געגען די אידישע פילאזאפען, נישט אזוי אלס מקובל, ווי אלס גרויסער רעליגיאן־און זיטען־פארטיידיגער, ווייל ער האט געזעהען, ווי א חכם הרואה את הנולד, אז אין זיין שוואכען דור (?) איז די פילאזאפיע סם פאר'ן יודענטום". מיט איין ווארט, ס'איז אלץ ריכטיג, והא ראיה: דער איינענער רש"ל, וואס האט זיך ארומגעריסען מיט די ליכטיגסטע מענער, ווי דער אבן־עזרא, רמב"ם, רלב"ג און האט זיי אפגעווענדט מיט שארפע ווערטער. — דער איינענער רש"ל, האט די העזה נישט געהאט ארויסצוטרעטען געגען קלענסטען אידישען מנהג, ווארים, ווי הארדעצקי שרייבט, „דאס, וואס דאס לעבען פון יעדען פאלק פאדערט, לאזט זיך נישט קריטיקירען (!) דאס איז דער אמת אליין". נאטירליך מוז מען וויסען דעם חלוק פון א מנהג, וואס דאס לעבען פון פאלק פארלאנגט, און צום ביישפיל, א מנהג, וואס יונגע לייט מאכען זיך צום טאנצען מיט דאמען אויף חתונות; געגען דעם צווייטען מנהג איז דער רש"ל טאקע ארויסגעטראטען מיט אלע כוחות...

ווער דער רש"ל איז געוועזען, וואס איז געוועזען זיין שטה (זיין סיסטעם) אין לערנען, וואס האט ער באקומען פון זיינע לעהרער, פון זיין דור, און וואס איז זיינס געוועזען? אויף אזוינע פראגען ענטפערט הארדעצקי נישט... ער שלאגט זיך דורך מיט אויסגעדראשענע מליצות, מיט אביסעל דייטשע, לשון קודש'ע און אליין געמאכטע ווערטער... דער לעזער בלייבט לער, ווי פריהער, אויב עס קלעפען זיך אין איהם נישט אן עטליכע הארדעצקיס שפראך־בלומען...

און כאטש פארלאנג „עזרא" ארבייט לטובת הכלל, מוזען מיר

זאגען, אז פאר די עטליכע ווערטער ווענען א מקובל, וואס פלעגט שארף ארויסטרעטען נעגען אבן־עזרא, רמב"ם וכו' און נעגען יונגע לייט וואס טאנצען מיט דאמען — פאר די עטליכע ווערטער מאר מען ביים פאלק נישט צונעמען א שעה צייט צום לעזען און דערצו נאך אבט קאפ. בארעס געלט. אין דער שטונדע וואלט ער גע־גאנט געוואר ווערען עפעס ווירקליך גוצליכעס, און פאר אכט קאפ. באקומט מען 8 פרישע בייגעל ביים בעקער און, אפשר, נאך מיט א צולאג...

נאר מיר געהען דערווייל ווייטער. מיר ווילען זיך באקענען מיט

## ר' שמואל מאהליווער, ז"ל.

אונזערע טאטעס און זיידעס, ווי ביז היינט דאס פראסטע פאלק, זענען קיין רגע נישט מסופק געוועזען, אז אידען זענען א פאלק. קיין איינציגע שפראך האט נישט אזוי פיעל נעמען צו באצייכענען דעם באגריף „פאלק", ווי די העברעאישע. מיט'ן „פאלק ישראל" איז פול דער דיקער סידור, וואס יעדער איד האלט דריי מאל אין טאג אין האנט. איבער'ן „פאלק ישראל" פארגיסען אונזערע ווייבער תחנות־טרערען אהן א שיעור; אין אידישען טעאטער הערט מען מאנערע, פעטע, לאבענדיגכע, וויי־נענדיגע און וויציגע קופלעטען, אלץ אינאייגעם פון „פאלק ישראל..."

זיי האבען זיך אונזערע טאטעס און זיידעס נוהג געוועזען מיט'ן שטאלץ. מיט'ן ש י י נ ד ע ל פון דער אומה — מיט איהרע גרויסע לייט? האט א איד א גביר, א גרויסע נדבה געגעבען, דעם כלל א גרויסע טובה געטאן, האט מען עס פארשריבען אין פנקס לזכרון פאר דער שנאדט, פאר דער קהלה, ווייל באשענקען „כל ישראל" האט מען דאמאלט נישט געקאנט; האט אבער א איד א ספר געשריבען, האט ער א מתנה געגעבען פאר אלע אידען, פאר אלע דורות האט מען דאס ספר אין בית־המדרש אריינגע־שטעלט, האט עס כל ישראל געלערנט. האט פון איהם במעט יעדעס חדר־אינגעל, בפרט יעדער איד א למדן, געוואוסט. אונ־זערע „משכילים" פון די צוויי פדיהערדיגע דורות האבען אסך טייטש־ווערטער נישט געקענט: וואס הייסט א פאלק? א פאלק האט ביי זיי געהייסען א חבדה מענשען, ווי די פעלקער ארום.

דאס הייסט מיט א מלוכה, מיט אייגענער פאליציי, מיט אייגענע שטריימלעך, וואס האבען די ממשלה אין די הענט, א פאלק מיט פאליטיק, הארמאטען... מיט איין ווארט — א חיה רעה מיט ציין און נעגעל, וואס, אז זי טרעפט אן אנדער חיה רעה אויפ'ן וועג, מוז זי איהר אריין מיט ציין און נעגעל אינ'ם לייב!...

דערפון קומט ארויס, אז מיר ארעמע אידען, וואס האבען צו שוואכע ציין און נעגעל, וואס האבען שטריימלעך אהן ממשלה, גבאים אהן פאליציי צו הילף — נאר הוילע, אנגעבלאזענע „פני" — אז מיר אידען זענען גאר קיין פאלק, אדער כמעט גאר קיין פאלק נישט. און וויל עס ווילט זיך דאך טרייבען פאליטיק, מען מוז זיך די ציין שארפען, מען מוז זיין א חיה רעה — על כן מוז מען ארויס פון דער אייגענער שאפענער הויט און אריין אין א הויט פון אן אנדערער חיה, מוז מען ווערען פראנצויזישע, דייטשע, ענגלישע און אנדערע חיות... מיר האבען נאר א רעליגיאן, טיילמאל דאס אויך נישט, און נעגונג...

אז עס האט זיך אויסגעוויזען, אז די אנדערע חיות באשטעהען נישט אויפ'ן שדוך, איז נאטירליך א גערודער געווארען; א געדרודער, פון וועלכען דאס אידישע פאלק, רי מאסע, ווייסט געווים נישט א ווארט, נאר א „משכילים־גערודער!" די וויינטרויבען זענען הויך, זענען זיי צו זויער! אוים אסימילאציע — הורר‏א נאציאנאליטעט!...

און אויב נאציאנאליטעט, מוז מען האבען גרויסע לייט, מען זאל שרייבען זייערע מאנאגראפיען, — ביאגראפיען... נו, היינע, בערנע, ווען אפילו ספינאזע, זענען דאצו שוין נישט באקוועם; געלעהרטע פעהלען היינט אויך נישט, אפילו נ י ש ט געטויפטע, נאר — ווער ווייס פון זיי? פארלאג עזרא אין בערדיטשעוו געווים נישט. און איידער צו זוכען, אדער נאכצופרעגען, זאל זיין, וואס עס קומט אונטער דער האנט...

געשריבען שוין פון רש"ל, ווער געהט יעצט? דער ביאליסטאקער רב! א פרישער „זכרונו לברכה", ו ו ע ט ע ר זיך לאזען אויפבלאזען! און מען האט איהם אויפגעבלאזען! וואס ווערען מיר געוואר פון אלע צוואנציג זייטען דרוק פאר אכט קאפ.? מען דערצעהלט אונז, אז „דאס אידישע פאלק בכלל, און די ציוניסטישע באוועגונג בפרט, האבען די לעצטע צייט ערליטען זעהר שווערע

דונער־שלעק: עס האבען אונז געפעהלט (?) די גרעסטע און בעסטע מענער, די מענער. וואס האבען מיט זייער תורה און חכמה באליכט און באשיינט די גאנצע אידישע אומה (???) וואס זענען. ווי אמאל דער „עמוד אש“ נעגאנגען פאר זייער פאלק, און געפיהרט איבער דעם שווערען וועג, וואס געהט קיין ציון“. ווער די מענער זענען, ווייסען מיר נישט און ה׳ מק״ל געפינט נישט פאר נויטיג אנצורופען זיי ביי די נעמען; ער פארזיכערט אונז, אז „שרעקליכער און טיפער פון אלע (?) האט אונז געטראפען דער טויט פונ׳ם גרעסטען (?) און בעסטען (?) מענשען, פון פאלקס־באליבטען (?) רב, רבי שמואל מאהליווער!“

„איבערצוגעבען דעם טיפען טרויער איז (נאטירליך!) נישט מעגליך, דאס איז נישט אימשטאנד קיין מענשליכע פעדער, נאר דאס הארץ איז פארשטיינערט (ביי וועמען?) און די אויגען (ביי וועמען?) ניסען קוואלען טרערען! ליידער אבער אזוינע טרערען, פון וועלכע „עס ווערט דעם הארץ ניט גרינגער“, ווייל דאס זענען טרערען פון פארצווייפלונג; טרערען פון שיפסלייט, וואס האבען פארלוירען זייער קלוגען און טרייען קאפיטאן, סאמע אין דער מינוט, ווען די בוואליעס פון ים (?) פאטשען אזוי גרויליך (?) און פאלען אן אויף דער שיף (?) אט, אט שלינגען זיי זי איין“ (?) דאס איז דער ווייבעריש־נארישער, אויפגעשוואלענער הספד פון מקל׳ס צד; „רבי יצחק ניסענבוים הי״ו“ איז אויך א גוטע „זאגערין“ און א „קלעגערין“, מען מעג איהם דינגען אויף אלע לויות. ער שרייבט און מק״ל זאגט איבער: „מיין טרער איז נישט מעהר, ווי נאך איין טראפען פון ים פון טרערען, וואס זענען פארגאסען געווארען אויפ׳ן קבר פון אונזער (?) רבין. מיין קלאג — נאך איין זיפץ אויפ׳ן גרויסען בראך (!), וואס אונז האט געטראפען (!)“. זיין טרער איז אבער „ברענענדיג הייס“ און זי „וועט, אפשר, דערווארעמען די פארגליווערטע הערצער“. זיין זיפץ איז שטורמיש און טיף, וועט זי פילייבט אויפוועקען די פארשלאפענע ברידער, אז זיי זאלען זיך ארומקוקען אויף וועלבען וועג (?) דער רבי איז געגאנגען און וואס׳ערע מעשים (?) ער האט געטון און איהם נאכגעהן (אין קבר אריין (?)) און נאכטון!“ (און שטארבען?...)

איך שטעל מיר פאר, מיט וואס פאר אומגעדולד דער ארעמער לעזער נעמט זיך געוואר צו ווערען, ווער דא איז געשטארבען!

נאָט ווייס, וואָס פאַר נייע ווענען מען וועט אונז ווייזען; פון וואָס פאַר א מעשים, מען וועט אונז דערצעהלען! גאָטירליך, מיין איך נישט די ציוניסטען. וואָס ווייסען, אז ר׳ שמואל מאהליווער איז געוועזען אין פאַריז און גערעדט מיט ראָטשילדען אליין, און זענען דערמיט יוצא! אויך מיין איך נישט קיין ביאַליסטאָקער בעלי בתים, וואָס האָבען זייער רב געקאַנט און זענען, ווי עס איז, צופרידען פון כבוד, וואָס שטראַלט אַראָפּ פון גרויסען רב אויף קהל׳שע קעפּ... און זיי פרעגען זיך נאָר שטילערהייט: מה הרעש? מאַלע א רב געווינט אויף דער לאָטעריע?...

איך רעד פון פּשוט׳ן אידישען לעזער, וואָס וואוינט ערגעץ אין „תפוצות ישראל“. וואָס ווייס, אז עס איז פאַראַן א שטאָדט ביאַליסטאָק מיט וואָל־זייד־ און טוך־פאַבריקען, וואָס שטויסט זיך. אז אין ביאַליסטאָק איז געווים דאָ א רב און ווערט פון ר׳ יצחק גיסענגבוים (פּער טעלעפאָן — מס״ל), געוואָר, אז דער רב איז נפטר געוואָרען!

אזא לעזער, וואָס ווייסט נישט, אז ער איז נאָר אייכער פון די פיער—פינף מיליאָן אידען אין רוסלאַנד, וואָס האָבען פון ר׳ שמואל מאהליווער נישט געוואוסט — אזא לעזער. אז ער הערט פון „ים־טרערען“, פון „שיפסקאַפּיטאַן“, פון „כוואַליעס“, פון „א בראַך“ אויף „כל־ישראל“, — כאַפּט ער זיך געבעך מיט א פאַרקלעמט האַרץ צום ספר און וויל וויסען ווער און וואָס אויף קלאָר, און — ווייטער ראַסזעלבע — וואָס ווערט ער געוואָר פאַר זייגע בלוטינגע אַכט קאָפּ. און א שעה צייט? אז ר׳ שמואל מאהליווער איז געבוירען געוואָרען, גוט ערצויגען געוואָרען, אין ישיבה געלערנט, רב געוואָרען, פריהער אין גלובאָקא, דערנאָך אין ביאַליסטאָק; — אז ער האָט געוואונען אויף דער לאָטעריע, פלעגט געבען א שעהנע נדבה, געוואָרען א חובב ציון, געוועזען אין פאַריז, אהיים געקומען, קראַנק געוואָרען און — — געשטאָרבען!...

אָט מעהר ווייס נישט ר׳ יצחק גיסענגבוים און זיין טעלעפאָן מס״ל, און מעהר איז געווים נישט געוועזען...
און דער אָרעמער לעזער שטעלט זיך אָפּ, זאָגט מיט א זיפץ: „ברוך דין אמת“ און פרעגט זיך אויך שטילערהייט: מה הרעש? פאַרוואָס קומט אַכט קאָפּ. צי איז דער רעש רעריבער, וואָס ר׳

שמואל מאהליווער פלענט „פ א ר ב י י נ ע ן ד ע ם א ס ת פ א ר ' ן ש ל ו ם?...“

מיר וועלען איבערגעהן צום

**פראפעסאר צבי שפירא.**

דער שער זאגט צו:

„זיין לעבען, שטרעבען און ווירקונג פאר'ן פאלק און פאר דער ציוניסטישער אידעע“ — און אויך זעהר א וויכ־טיגער מאמר וועגען ציוניזם, וואס דער פראפעסאר, „זכרונו לברכה (!), האט געשריבען אין זשארגאן א פאר וואכען פאר'ן טויט... מיט פארטרעט, — באארבייט דורך יצחק ו ו ע ר נ י ק א ו ו ס ק י, סטודענט פילאזאפיע“.

דער שער, זעהט איהר, וואלט נעפאסט פאר ט... און דער אריינ־פיהר אין די ביאגראפיע איז אביסעל עהנליך צו מק"לס הקדמה... אנגעשוואלען, אפגעדראשען און לעבעדליך! און דער פראפעסאר צבי שפירא האט עס נישט געברויכט! ער איז געוועזען נישט קיין געמאכטער, נאר איין אמת'ער געלעהרטער; אזוינער, וואס האט זיך קראנק געלערנט, מיט ברויט און וואסער, און טיילמאל אהן ברויט און וואסער געלערנט, און איז נישט קיין אויפגעבלא־זענער, נאר א ווירקליבער אידישער פאטריאט געוועזען, מיט איין ווארט — א מענש מיט קאפ און הארץ! זיין ביאגראפיע האט דעריבער נישט באדארפט זיין קיין אויפגעבלאזענע געשוואלענע הקרסות... דאס איז דאך נישט קיין אונטער'ן־אויוועז־רביל, וואס ווערט ערשט גרויס, אז חברה פאלט איין און שטעלט איהם זיך אויפ'ן קאפ, אדער ווארפט איהם „הוררא“ אין דער הויך! ווי אויך קיין וויסטער למדן, ער זאל זיך ארומשלאגען מיט יונגעו, וואס „טאנצען מיט מיידען אויף חתונות, און ציטערען דערביי פאר א „מנהג ישראל...“

דער פראפעסאר שפירא איז געבוירען געווארען ב' אלול תר'. אין א קליין שטעדטעל, קאוונער גובערניע. נישט דער „סטודענט פילאזאפיע“ ו ו ע ר נ י ק א ו ו ס ק י און נישט „פארלאג עזרא“ האבען זיך די מיה גענעבען דורכצוזעהן דעם פראפעסארס פאפי־רען, געוואר צו ווערען, ווי דאס שטערטעל הייסט. און דאך איז עס געוועזען א גאנץ לייכטע זאך מיט א בריף צו פארזארגען! געוועזען איז ער א גמרא־אינגעל, אן עלוי, צו זיבצעהן יאהר

האט ער באקומען סמיכה אויף רבנות. אין א פאר יאהר שפעטער (וויפיל יאהר?) איז ער געווארען רב און ראש ישיבה אין א קור־לענדיש שטעדטעל (ווי הייסט עס?) נאך קינדרווייז האט ער געהאט א גרויסען חשק צו מאטעמאטיק. אין רעדיבער האט ער זיך אויף־דער שטעלע נישט געקאנט לאנג אויפהאלטען, און איז ארוים קיין אויסלאנד שטודירען. ער האט זיך ארומגעוואלגערט אין לאנדאן (ווען, ווי לאנג?), אין בערלין (ווען, ווי לאנג?) אהן ברויט, אהן באקאנטע, אהן הילף, פלעגט נישט האבען קיין נאכטלעגער. אין הערבסט־צייט פלעגט ער דורכשפאצירען גאנצע נעכט ביים טיר־גארטען, ער האט זיך פונדעסטוועגען פארבערייט און איז אריין אין בערלינער געווערב־אקאדעמיע. נאר, ווי מען זאגט, דער הונגער איז קיין פריינד, עס האט איהם דאס געזונט געקאסט און ער איז קראנקערהייט געקומען קיין אדעס. וואו ער איז אפגעלעגען ניין מא־נאט אין שפיטאל.

אין וועלבען יאהר? פארוואס גראד קיין אדעס? אויף וואס איז ער קראנק געוועזען? דאס ווייס וועדניקאוו ס קי נישט און „פארלאג עזרא“ האט נישט געפונען פאר נויטיג געוואר צו ווערען.

די ראקטוירים האבען איהם פארזאגט דאס שטודירען, און ער האט געמוזט אננעמען א שטעלע פון א בוכהאלטער אין א קאנטאר (וואו, ווען?) א פאר יאהר איז ער געוועזען אויף דער שטעלע. דערנאך האט ער זי פארלאזט (פארוואס?) און איז אליין סוחר געווארען און געהאנדעלט (געווים מיט סחורה!) אין אדעס און זשיטאמיר, און האט אפגעשפארט געלט צוריק צו פאהרען קיין ב ע ר ל י ן. אין טויזענט אכט הונדערט און זיבעציג איז ער שוין (?) געוועזען אין בוקארעסט (אויפ'ן וועג קיין בערלין?) אין דער טערקישער קריג (נאך וואס?) דערנאך איז ער צוריק געקומען קיין בערלין, וואו ער האט א פאר יאהר געלערנט. דער־נאך איז ער קיין היידעלבערג אוועק, און ווייטער א פאר יאהר געלערנט. אין טויזענט אכט הונדערט איין און אכציג האט ער באקומען דעם טיטול „דאקטאר“. אין טויזענט אכט הונדערט זיבען־און־אכציג איז ער געווארען פראפעסאר אין היידעלבערג, וואו ער איז געבליבען שוין ביז'ן טויט. געשטארבען איז ער דעם ניינטען מאי (דאס יאהר שטעהט נישט) און גאר! וואס דער פרא־

פעסאר שפירא האט געווירקט אין דער מאטעמאטיק. פון דעם ווייס ה' וועקגיקאווסקי נישט א ווארט. פאר איהם אין געגוג, אז דער פראפעסאר איז באגראבען געווארען „אויפ'ן קעל־נער בית־עלמין, וואו עס רוהען הונדערטער קדושים...“

ריהרענד איז געוועזען דער קורצער הספר, וואס דער קעלנער ראבינער האט געהאלטען.

„א נע־ונד ביסטו דיין גאנץ לעבען געווען, גלייך מיט דיין פאלק! נע־ונד ביסטו געפאלען אין דער מלחמה פון דיין פאלק און ראך, נישט אין דער פרעמד ביסטו געשטארבען, ליבער שפירא! דו ביסט אין דיין לאנד געשטארבען, ווייל דיין לאנד איז געוועזען די אידעע, די וויסענשאפט“!

אויך ווייס עך, אז דער פראפעסאר ש פ י ר א האט גע־שריבען ווערק. טייל זענען געדרוקט, טייל זענען נאך אין כתב־יד. מאנכע — נאך נישט געענדיגט.

כאראקטעריזירען דעם פראפעסאר ש פ י ר א אלס ציוניסט איז אויך דעם סטודענט פילאזאפיע געוועזען צו שווער, און אין דעם פאך איז ער אויך יוצא מיט הויכקליגגענדיגע ווערטער. פון וועלכע מען קאן קיין טראפען באגריף נישט אויסדריקען. „צו שרייבען די ביאגראפיע פון פראפעסאר ש פ י ר א — הייסט באשרייבען דאס לעבען פון די אידישע פאלק אין די לעצטע פינף און צוואנציג יאהר!“ קורץ און שארף! מיר ווייסען נאר, אז דער פראפעסאר ש פ י ר א איז געוועזען א ציוניסט און דערצו אן אידעאליסט. די הויפט־זאך איז ביי איהם געוועזען צו עפענען א אידישען אוניווערזיטעט אין ירושלים; אין טויזענט אכט הונ־דערט און אכציג האט ער געגרינדעט א חברה אידישע סטודענטען אונטערן נאמען „ציון“. ער האט א גרויסע ראלע געשפילט אין קאנגרעס אין באזעל. נאר פון דעם וועט דער סטודענט פילאזאפיע רעדען „אויף אן אנדער ארט“. דא וויל ער נאר באמערקען, אז דער פראפעסאר ש פ י ר א איז זעהר פרום געוועזען, במעט פאנאטיש, און האט מעהר געהאלטען פון דער ציוניסטיש־נאציא־נאלער באוועגונג אלס פון פאלקס־בילדונג.

„אויסבילדען א פאלק, — שרייבט ער — איז נישט א שווע־רע זאך(!) אין איין דור קענט איהר (?) אויפהויבען א לעבעדיג

פאלק ביז צו העכסטער שטופע פון בילדונג (ווי אזוי?) אבער שווער איז, מיינט דער פראפעסאר, ארייצובלאזען א לעבענס־גייסט...“

מיר מיינען פארקערט, און עס האט זיך אויך אויסגעוויזען, אז נאציאנאל־פאליטיק איז זעהר לייכט צו פיהרען! ביי יעדעם פאלק אין הארץ ליגט אונטער'ן אש נאך נישט דורכגעברענטע נאציאנאל־קוילען, און עס איז זעהר לייכט צו זיין א ד ע ר ו ל ע ר, א ש ט ע ק ע ר, א ס ו א ו ו א ר י ן, אדער א נ י י מ א ד י ש ע ר ק ע ל ע מ ע ר מ נ י ד. א בלאז צו טון, דאס פייער זאל אויפפלאמען, בשעת די פאלקס־בילדונג שוויצט אויף שרים און טרים און ריהרט זיך נישט פון ארט...

---

מיר האבען פאראייניגט אלע דריי ביאגראפיען, וואס דער פארלאג האט ארויסגעגעבען, דעריבער, ווייל אלע דריי צוזאמען מאכען גלייך מיט'ן „ספר הברית“, זעהר א שלעכטע ווירקונג אויפ'ן לעזער.

ער ווערט נעוואר: אז מען מעג רעדען אויפ'ן „אבן עזרא“ מיט'ן „רמב"ם“, גאר נישט ריהרען א אידישען מנהג... אז מען מעג פארביינעהן דעם אמת, אבי שלום, און אז פאלקס־בילדונג — איז גארנישט אזוי וויכטיג... אזוי זאגט דער רש"ל, דער ביאליסטאקער רב, דער פראפעסאר ש פ י ר א...

אונזער לעזער איז ציפיעל אנגעבילדעט, ער זאל וויסען, אז א שוסטער דארף מאכען שטיוועל און דער בעקער בייגעל: אז ביים רש"ל דארף מען לערנען פארשטעהן א גמרא, דעם ביאליסטאקער האט מען געמענט אויף זיכער פרעגען א „טעפעל־לעפעל“ שאלה, אדער נאכ'ן געווינען אויף דער לאטעריע, בעטען א נדבה... און— אז ביים פראפעסאר ש פ י ר א האט מען זיך געמענט לערנען מאטעמאטיק, ביים פראסטען עולם איז א גרויסער מאן גרויס אין אלעם: א גוטער בעקער קאן געווים שטיוועל אויך מאכען! און דעריבער זאגען מיר נאך אמאל, דער פארלאג „עזרא“ מעג שותפות מאכען מיט'ן ווארשעווער דרוקער ט...

.1900

## 18.

# זשעראמסקי'ס „מענשען אהן א היים“.

איינער פון די פוילישע יונגע שריפטשטעלער סטעפאן זשעראמסקי, האט אויפגעריהרט די גאנצע פוילישע ליטעראטור מיט זיין דערצעהלונג אין צוויי טייל: „מענשען אהן א היים“. דער אינהאלט פון דער דערצעהלונג לאזט זיך גאנץ קורץ איבערגעבען.

דר. יודים, דער העלד פון דער דערצעהלונג, האט נעענדיגט אלס ארצט אין פאריז, וואו ער האט צוגעזעהען צום נישט־געזונטען לעבען פון דער גרויסער מאסע אביונים אין די גרויסע שטעדט, ווי אויך צו דעם, וואס די דאקטוירים טוען דארט, בדי דאס ארעמע לעבען צו פארבעסערען. ער קומט צוריק קיין ווארשע, וואו ער טרעפט דעמזעלבען דלות, פול מיט פרעמדע און איינענע פלענער, ווי אזוי צו קומען דעם ארעמען קלאס צו הילף. „איין שוואלב קען קיין זומער נישט מאבען“, וויל ער אז זיינע חברים זאלען מיטארבייטען, און צו דעם צוועק האלט ער פאר זיי א פארלעזונג. די פארלעזונג האט קיין גוטען איינדרוק נישט געמאכט. די קאלעגען, זענען באשעפטיגט נאר מיט פראקטיק, מיט געלט פארדינען. מעדיצין, מיינען זיי, איז אויך א פאך; ווי שוסטעריי, סטאלעריי און דערגלייבען. יעדער פאבמאן איז נאר מחויב צו קענען זיין מלאכה, פון וועלבער ער דארף לעבען, און דער עיקר — געלט צו פארדינען. אז א מענש, מיינען זיי, לערענט אפ א יאהר אבט — ניין אין גימנאזיום און דערנאך א יאהר פינף — זעקס אין אוניווערזיטעט, האט ער געגוג געארבייט מיט'ן מח און עס איז שוין די העכסטע צייט זיך אליין צו פארזארגען... איינינע פון זיינע קאלעגען באשעפטיגען זיך אפילו מיט היניענע „לטובת־הכלל“, נאר פאר'ן העכערען כלל; פאר רייבע לייט, וואס זענען און קענען דאנקבאר זיין; וואס לויבען, רעקאמענדירען און גיבען אליין אויך געלט צו פארדינען... פאר זיי לוינט זיך אפילו איינצרריבטען ווייכע טראנזעסעל אין די הייזער, מענשען זאלען זיי טראגען ארויף און אראפ פון די טרעפ, עס זאל חלילה דעם בויכיגען מאן קיין אטעם נישט פארפעהלען... עס לוינט זיך אפילו די מיה צו ערפינדען מוילשלעסער פאר דינסטמיידלעך, זיי זאלען נישט

אקעגען רעדען און נישט רענערווירען די דאמען... און דערגלייבען...

די פארלעזונג, וואס האט צופיעל פון ארצט פארלאנגט, האט דעם דר. יודים נאך נעשאדט. זיינע קאלעגען האבען זיך פון איהם דערווייטערט, קיינער האט איהם נישט רעקאמענדירט, נישט צר נערופען... די נעזעלשאפט האט זיך פאר איהם פארשלאסען און דר. יודים האט געמוזט אפטרעטען פון ווארשוי... ער פאהרט אין א באר־אנשטאלט אלס איננערער ארצט, נאר ער האלט זיך דארטען אויך לאנג נישט אויף. דאס באר איז פון אויבען אן אויפגעפוצט, פיין פארצירט, פארנרינט און פארבלימט, נאר אונטען איז די ערד דורכגעזאפט מיט שלעכטען וואסער, מיט שעדליכער פייכטקייט; עס איז דארט פאראן א שפיטעלכעל, נאר דרינען ליגען קיין קראנקע נישט, ווייל עס איז שטענדיג פארנומען מיט'ן דירעקטארס קארטאפעל און ריבען... און דר. יודים קאן קיין עולות נישט ליידען! און ער מוז אפטרעטען... זיינס א פריינד, אן אינזשעניער, פארשאפט איהם א שטעלע אין א קוילען־גרוב, וואו עס הויבט זיך אן פאר יודים א נייע, נאך א גרעסערע ארבייט...

דער ארבייט גיט ער זיך איבער אינגאנצען, ער אפפערט פאר איהר זיין אייגען גליק. יודים איז פארליעבט, נאר ער זאגט זיך אפ פון זיין געליעבטער, כאטש זי איז זיינס גלייבען, אויך „א מענש אהן א היים" און וויל מיט איהם צוזאמען ארבייטען אויפ'ן זעלבען פעלד. נאר יודים ווייס, אז די ארבייט איז צו גרויס, נרעסער אלס די קראפט פון א מענש, העכער אלס זיין אייגענער מזל. און ער וויל נישט טיילען צווישען איהר און זיך זיין לעבען, זיין ענערגיע... ער גיט זיך אינגאנצען איבער דער ארבייט. ער אפפערט זיין גליק און איהר גליק דעם ציל, וואס ער האט זיך געשטעלט...

יודיב'ס דערמאנטער פריינד, דער אינזשעניער, איך א מענש מיט הארץ, וואס קען אויך קיין עולות נישט ליידען, ענדינט אנדערש — ער שיסט זיך! ער האט נישט נעפיהלט אין זיך די קראפט עפעס צו טון! — יודים ארבייט, ווייל ער גלויבט פעסט אין זיין ארבייט, וועניגסטענס אין דער פליכט, אז מען מוז ארבייטען, וואס איז ביי איהם אזוי שטארק אפשר דעריבער, ווייל ער אליין קומט ארויס פון ארעמע, פארהארעוועטע עלטערען; ווייל זיין בלוט

איז דאס בלוט פון די, פאר וועלכע מען דארף ארבייטען. די צר זאמענשטעלונג פון דער ערצעהלונג איז ניט אהן חסרונות. ערש־טענס איז זי נישט גלייכארטיג; צווישען אויסגעצייכענטע בילדער, געפינען זיך גאנץ שוואכע, גלייך די באגייסטערונג האט ושעראמ־סקין צייטענווייז פארלאזט, נאר ער ארבייט אויף בח! דאס בוד מאכט אויסער דעם קיין איינדרוק פון א גאנצער זאך, נאר פון צוזאמענגעשטעלטע קליינע, מעהרסטענסטיילס גרויסארטיגע גאווע־לען. אויסער דעם איז נישט אלץ רערזאנט!... און דאך האט, ווי געזאגט, די ערצעהלונג געמאכט אין דער פוילישער ליטעראטור אן אומגעהייערען איינדרוק.

פאר די לעזער פון „יוד" וועט געווים אינטערעסאנט זיין זשעראמסקי'ס א באשרייבונג פון אידישען ארעמען לעבען אין ווארשוי. מיר ווילען זי דעריבער ווערטליך איבערזעצען. יורים איז געקומען קיין גווארשוי און זיצט אויף זיין פאטיליע. אז ער האט דורכפאסירט דעם זאקסישען גארטען מיט'ן אייזערנעם טויער האט ער זיך געפיהלט נאך מעהר אין דער היים. שמאלע דורכ־גענג צווישען די קראמען פיהרען ביז צו דער קראבמאלנער גאס; סי זון פארגיסט מיט היץ דעם גאנצען רינשטאק. וואס הייסט „גאס." פון שמאלען העלזעל צווישען „מעשפלא" און דעם פלאץ, שלאנט א שרעקליבער געשטאנק. ווי דאמאלט איירער יודים האט ווארשוי פארלאזט, ווימעלט דארט פון אידען, ווי פריהער זיצט אויפ'ן טראטואר אן אלטע, קראנקע אירענע און פארקויפט היי־סען באב, ארבעס, און קערענדלעך פון מעלאנען. דא און דארט בלאנקען זיך ארום טרעגער פון סארא־וואסער, מיט די פעסלעך אן א זייט און גלעזער אין די הענט. עס איז גענוג צו ווארפען א בליק אויף א גלאז מיט'ן צוגעטריקענטען סיראפ ביים אביון אין דער האנט, מען זאל אן דעם דארשט פארגעסען. אנגעשפארט אן א וואנט, שטעהט איינע מיט סארא־וואסער. זי איז אפגעריסען, כמעט נאקעט; דאס פנים איהרס איז געל, טויטליך. זי שטעהט אויף דער זון, ווייל דא, רעכענט זי, וועט זיך געשווינדער א פאר־ביינעהער פארגלוסטען א טרונק. אין האנט האלט זי צוויי פלע־שער מיט א דויטער פליסיגקייט, קענטיג — א סיראפ. די גראבע ליפען ציטערען. צי שעפטשען זיי א געבעט צו די דורכגעהער, זיי זאלען געמען א טרונק, צי א בקשה אויף לייזונג צו דעם ליעבען

נאמען, וואס מען איז נישט ווערט צו געדענקען... צו גאר א קללה אויף זון און לעבען, א קללה וואס האט זיך גרוים געצויגען ווי א ווארעם אין דער קויטיגער ארעמקייט...

רעכטס און לינקס אפענע געוועלבלעך וואס ענדיגען זיך אינ־וועניג באלד נישט ווייט פון דער שוועל און זעהען אויס, ווי שופ־לאדען, אויסגעקלעפטע מיט פאפיער. אין אזא מאגאזין איז אויף האלצערנע פאלקעס אויסגעלעגט פאר א רובל דריי פאפיראסען... געהנטער צו דער טיר נארען אריין דעם קונה געקאכטע אייער, גע־רויכערטע הערינג, טשאקאלאד אין טעוועלעך. ווי אויך אין רער חנ׳עווריגער פארם פון צוקערלעך... שטיקלעך קעז, ווייסע מערען, קנאבעל, ציבעלעס, כריין, ארבעס אין די שאלען... עמער מיט כשר׳ע קאלבאסלעך און סלאיען מיט סאק צו וואסער... אין יעדען איינציגען געוועלבעל איז דער פוסבארען שווארץ פון בלאטע, וואס פארלירט נישט איהר אנגענעמע פייכטיגקייט אין דער גרעסטער היץ... אויף רעם מיסט קריכען ארום קינרער. קויטיגע און אין גאר קויטיגערע שמאטעס געקליידט... יערעם נעיועלבעל איז א היים פאר עטליכע מענשען, וואס פארברענגען די צייט מיט נאר־נישט, מיט פלוידערען... טיף אין איינעם פון רי געוועלבלעך זיצט א פאמיליען־פאטער, א גרינער טרה־שחורה׳ניק, וואס ריהרט זיך נישט פון פריה־מארגען ביז שפעטען אוענט פון ארט, און טראכט, קיקענדיג אויף דער גאס ארוים, ווענען עפעס א שווינדעל.

א טריט ווייטער און עס באווייזט זיך אין אן אפענעם פענס־טער א ווארשטאט, וואו, אונטער נידריגע סופיטען, פארקירצען זיך דאס לעבען איינגעבויגענע מענער, געהויקערטע פרויען... דא בא־ווייזט זיך א ווארשטאט פון א שניירער, — א פינסטערע הייל, פון וועלכער עס שלאגט א דיקער נערוך צום אנטאפען, נישט ווייט זיצט אן איינגעבויגענער פארוקענטאכער, וואס פארזארגט די קעפ פון די ארעמע אידישע ווייבער... עטליכע פארוקענטאכער זיצען אין שכנות, איינער הארט ביים צווייטען... בלאסע, געלע, אפגע־שטארבענע מיידלעך, אליין נישט געקעמטע און נישט געוואשענע... צוקעמען מיט מיה די האר־צויטען, די „קלאקעס!“ פון הויף און טירען, זאגאר פון רי אלטע דעבער, מיט די צוגעקלעפטע קליינע פענסטערלעך, באווייזען זיך קראנקע נעזיכטער, רארע, לאנג־נעזיגע, גרינע און גרויע, מיט בלוטיגע טריפענריגע אדער טירע „אלץ

איינסינע" אויגען, וואס חלום'ען אין אייבינגען טרויער וועגען טויט...

לעבען א מויער באגעגענט יודים א סוחר'טע, מיט צוויי קערב גרינצייג איי די הענט. איז איז איינגאנצען צובראשעט. די אויגען קוקען פאר זיך מיט א שטילער טויטער מאטערניש און זעהען אויס, ווי פון אייער שאלען... נאר אין די אויפגעשוואלענע אדערען, ביי די שלייפען און אויפ'ן האלז, האט דאס בלוט במעט הויך געשלאגען... אויף דער שוועל פון א געוועלבעל איז געזעסען אן אלמער איינגעהויקערטער אידישער טרעגער. וואס האט אפגע־שמעלט אין מימ'ן נאס צוויי אלמער צוזאמענגעבונדענע מיט א שטריק, וואס ער האט צוגעשלעפט ביז אהער, און האט זיך גע־נומען צום מיטאג. — „צו א גרויע אונערקע מיט א שטיקעל ראַ־ברוים".

— און אויף דעם אלעם.—זאגט יודים אויף אן אנדער ארט,— האבען מיר (קריסטען) נאר איין רפואה — אנטיסעמיטיזם!

איך רעכען, אז אייך וועט נאך אינטערעסאנט זיין די אלגע־מיינע באציהונג פון זשעראמסקין צו דער אידישער פראגע. אין דער ערצעהלונג רריקט זי זיך אויס, אויסער דער הלצה איבער'ן אנמיסעמיטיזם, נאך אין צוויי פאקטען: אהיים קומענדיג פון פאַ־ריז קיין ווארשע, טרעפט יודים, ביים אראפשטייגען פון דער באהן, א אירישען טרעגער, וואס בעט ביי איהם ראס געפעק מיט א שלעכט פויליש. יודים זיפצט אפ: „דו היימישער פרעמדער!" — מאכט ער. ווער עס וואוינט לאנג אין לאנר, רער ווערט היימיש, נאר ווער עס רעדט שלעכט פויליש אין פוילען, איז פרעמד; ע"כ איז דער איד, וואס איז שוין דא געבוירען און האט שוין דא זיינע קברים און קען נאר, לא־עליכם, נישט פיין ארויסרערען עטליכע פוילישע ווערטער — „היימיש" און „פרעמד" צוזאמען.

צווישען אלע ראקטוירים, וואס קומען פאר, אלם יודים'ס קאַ־לעגען און צוהערער פון זיין דרשה וועגען היגיענע פאר'ן ארעמען פאלק, געפינט זיך איינער אן אידישער דאקטאר כמיעלניצקי. כמיעלניצקי איז נישט קיין באהארצטער מענש. בשעת די קאלעגען לאכען אויס דעם דר. יודים מיט זיינע חלומות, שמייכעלט כמיעל־ניצקי גלייך מיט אלע... נאר, ארויסגעהענדיג, באמיהט ער זיך צו־זאמענצוטרעפען מיט'ן אויסגעלאכטען און באווייזט איהם מיט־

לייד און ליעבשאפט, כאטש כמיעלניצקי אליין גלויבט אויך נישט, אז מען קען און דארף עפעס טון אין דעם פאך. אידען פאר אידען (הייסט עס דארט), טוען, ווי ווייט עס לאזט זיך, נאר דאס איז עפעס אנדערש, דאס איז פאר ליעבשאפט...

פארוואס טרעט נישט כמיעלניצקי ארויס פריי געגען אלע, אזוי ווי דאס טוט יורים? ער פארענטפערט זיך:

איהם געפעלען — זאגט ער — די אלע, וואס ווילען איבערוואקסען דעם עולם, ווען אויך נאר מיט א קאפ! אלע באהארצטע מענשען! נאר ער וויים אויך, וואס עס הייסט שלאגען זיך מיט ווינטמיהלען; וואס עס באטייט, אייביג אויסגעלאכט צו ווערען; דער חוזק זאל שטענדיג דרערסען!

פון ערשטען קלאס אז (דערצעהלט ער) ביז'ן ענדיגען די אוניווערזיטעט, זיין גאנץ לעבען, האט מען אלץ פון איהם חוזק געמאכט. פארוואס? — ער אליין ווייסט נישט... מן הסתם ערשטענס דערפאר, וואס ער איז געבוירען א איד; צווייטענס דערפאר, וואס ער הייסט (ערלויבט זיך צו הייסען?) כמיעלניצקי!... צווישען אונז גערערט — זאגט ער — קום איך נישט ארויס פון פראצענטניקעס און שווינדלער... די מייגינע קומען ארויס פון שטעדטעל „כמיעלניק", היים איך דעריבער כמיעלניצקי... אבער...

און אזוי ווייטער... כמיעלניצקי איז אויך דער איינציגער, וואס האט געהאלפען יודימען, ער זאל קריגען די שטעלע אין באראנשטאלט...

צי האט ער איהם געוואלט לויז ווערען פון ווארשע? עס זעהט נישט אוים!

.1900

17.

# אברהם רייזען.

(„ערצעהלונגען און בילדער", תרס"ג, ווארשוי, פארלאג „פראגרעס")

אברהם רייזען באזינגט די נויט, די איינפאכע נויט. אין זיינע געדיכטען, ווי אין זיינע ערצעהלונגען און בילדער, זענען „פינף קארטאפעל א טראגעדיע"; קרענק, הונגער און קעלט — די וויכטיגסטע, כמעט די איינציגע מאטיווען... וואלט ער געוואוינט אויף

און ארט אהן וואסער. וואלט ער דעם דורשט אויך באנוצט... ער וואלט א דריטע סטרונע באקומען און זי וואלט געקלונגען.

באלד, אין דער ערשטער ערצעהלונג „איוב" פאלען מיר אריין אין „א לעפיאנקע", וואו חיים מלמד וואוינט שוין א יאהר דרייסיג. דאס הייסט: זייט ער האט חתונה געהאט. אין „לעפיאנקע" איז אייביג נאס און אייביג קאלט. די כלי־בית זענען דורכגעפוילט און דעריבער אויך איז אוממעגליך זיך אויסצוציהען; דער קאסטען, דער טיש וכדומה וואלטען דאס איבערטראגען נישט אויסגעהאלטען, און נייע „מעבעל" קויפען איז ער נישט אין שטאנד.

און די פאמיליע האלט אין איין הוסטען... די גאנצע ערצעהלונג הוסט... ערשטענס — הוסט דער מלמד אליין; די מלמ'ריכע זיין ווייב, און אויך די טאכמער גנעלע. ביי גנעלע'ן, רעכענט ריי־זען, איז שוין די „לעפיאנקע" נישט אזוי פיעל שולדיג, ווי די ירושה. „א קראנקער טאטע, א קראנקע מוטער; זענען די קינדער אוראי קראנק". דער „אודאי" איז אפילו „לאו—דוקא" — נאר קראנק איז זי, הוסטען הוסט זי...

און ג נ ע ל ע איז נ ע ל. ווי וואקס, הויך און דאר און די אויגען איהרע זענען איבערגעצויגען מיט א „טוימען טרויער"... ראטעווען זי איז אוממעגליך; נישט דא פאר וואס! דער פאטער, חיים מלמד, כאפט אמאל א גוזמא, און כאטש ער גלויבט נישט אין „חכמת הרפואה", גיט ער אמאל א זאג: גנעלע וואלט געדארפט א דאקטאר. ער האט שוין אזא טבע צו כאפען גוזמאות. אז עס איז נישטא אין שטוב א דרייער אויף ברויט און קיין האפנונג אויף א דרייער אויף ברויט, גיט ער אמאל א זאג, גלאט פאר זיך, אין דער וועלט אריין: „מען וואלט געדארפט א דריי־רובעלדינע" — נאר די גוזמאות זיינע, די „גלייכווערטלעך" נעפעלען נישט איז שטוב. „ער הויבט שוין אן זיינע חכמה'לעך"... ברומט דאס ווייב.

גנעלע — ווענינסטענס איבער דער גאנצער ערצעהלונג — שווייגט. די מלמד'יכע הוסט ביז יציאת־נשמה, נאר צו יציאת נשמה קומט נישט; זי הוסט זיך אויס און שרייט ווייטער. דאס הייסט: זי שרייט ווייטער: ברויט! הערען הערט מען נאר „חיים מלמד".

אחוץ גאלגען־הומאר צו כאפען אמאל א גוזמא ווענען „א דרייערל" אין שטוב אדער א דאקטאר פאר גנעלע'ן, האט ער נאך

צוויי תענוגים: די „ליולקע“ און „איוב“! — אהן א ביסעל מאַ־כארקע איז ער אוים מענש, דאס ווייב זאגט: „ער פאר׳שכור׳ט די פרנסה מיט מאכארקע“ — און אז עס פעהלט איהם דער רויך, איז ער נע׳פועל׳ט אריינצולויפען צו א שכן, אפילו צו א „אינו ישראל“. בארנען אביסעל מאכארקע... און די ליולקע איז פאר איהם אי א תענוג, אי א טאפעלטע רפואה; דאס הייסט, אי פאר׳ן גוף, אי פאר דער נשמה: דער רויך צופיהרט איהם דאס ליחות פון גוף, וואס ער וואלט אנדערש נישט אויסגעהוסט, און צופיהרט איהם אויך די בייזע געדאנקען אין מח, וואס וואלטען דארט פארשטארט געווארען און פארגליווערט ביז שגעון... חיים איז דאך מלמד, האט א שייכות מיט גרויסע און קליינע אותיות, ווייסט פון שאלות, וואס קהלת פרעגט און אנדערע פרעגען, און ווען נישט די ליולקע, וואלט ער זיי אפשר פארענטפערט נאר „על פי דרך הטבע“...

פאר דאס איז „איוב“ שוין א פרנסה אויך. „איוב“ לערענט ער מיט די תלמידים. דעם נייעם זמן, קומט א נייער תלמיד.

— וואו האלטסטו אין „פסוק“?

— ישעיה.

— ביי מיר וועסטו לערנען איוב.

און איוב׳ם הקדמה, די סצענע אין הימעל, יאגט ער דורך געך שווינד... דאס איז ביי איהם, ווי אן איבעריגע זאך.

— זיננענדיג—וויינענדיג הויבט ער ערשט אן, ווען איוב עפענט דאס מויל און פארשעלט דעם טאג פון זיין געבוירען.

און באלד פארגעסט ער, אז ער האט תלמידים פאר זיך, הערט נישט זייער נארזאגען מיט אלערליי גרייזען; ער לערענט און זינגט וויינענדיג פאר זיך!

---

טראני־קאמיש איז יענקעל ליבערמאן („צוריק אויף דער שטעלע“), וואס דינט אין ווארשוי פאר דריי פאים. פארבענקט זיך אמאל אויך אויף יום־טוב אהיים, אין קליינעם שטעדטעל אריין — עס וועט זיין א נחת: ער וועט אייך דערצעהלען וועגען ווארשוי... א שפאס, ווארשוי; ער וועט דערצעהלען פון בולווארען (א שטיקעל טעות, ליבערמאן און אפשר רייזען מיינען: פאריז), וועגען טעאַ־טער, גערטנער, קאנדיטארייען... און ער קומט און פאלט אריין!

עס געהט נישט! די צונג רדעהט זיך דערצו נישט איבער. און אי־
נעווענינג, אין הארץ, ווילט זיך איהם נאר עפעס אנדערש זאגען,
קלאגען זיך אויף ווארשוי, אויפ'ן פינסטערען לעבען דארט!

פון מויל דארפען ארויספליהען קאדעטען, וועניגסטענס דראש־
קעס, נומענע דערעד; נאר — רעד פון פרעמדען נחת, אז פאר די
אויגען שטעהט איהם זיין פאר'הושכ'ט צימערל אויף דער נאוואַ־
ליפיע... אויך אינטערעסירען נישט די זאכען נישט דעם אלטען
טאטען און נישט רער מאמען! זיי ווילען בעסער הערען עפעס ווע־
גען א תכלית: פארדינט מען עפעס געלט?

און זיי באמערקען באלד, אז יענקעל פראלט אין דער וועלט
אריין, אז „עס איז נישט"...

— אמת! — ענטפעדט רער פאטער.

אין יענקלען צונימט זיך דאס הארץ. אצינד וואלט צייט גע־
ווען! אויסצוזאגען דעם אמת, נאך דער פראלער לינט פון אויבען אן
און טוט מעשים. כאפט ער און שיט אוים א ליגען: „נאך דריי
טעג דייזע זעהט מען נישט אוים בעסער"... „דריי טעג? — וואונ־
דערט מען זיך — פון ווארשוי פאהרט מען נאר איין טאג!" —
„אבער דאס קלייבען" — ענטפערט זיך יענקעל און פארלירט זיך.
וואדים ער האט נישט געהאט וואס צו „קלייבען" — וואס ער האט
געהאט, האט ער אויפ'ן לייב געבראכט. און פון רעס. וואס ער האט
געבראכט. האט ער אויך „צדות"... וועניגסטענס אין נאס: צי זאל
ער זיך עפענען דעם פאלטא און ווייזען דעם ראק, ארעד באהאל־
טען דעם דאק און ווייזען דעם פאלטא.ביידע זענען פיעל נישט
ווערט...

צרות, נאר יענקעל וויל זיך האלטען אויף דער מרגה, און, אז
ער שלאגט נישט אן מיט קארעטען, בולווארען וכדומה, כאפט ער
זיך אויף שולען און בתי מדרשים. בתי מדרשים אפילו (אויסער
אויף דער גנאינא) נישט פאראן, אבער שולען... דאס הייסט: קיין
שולען אויך נישט (אויסער צוויי) נאר „שטיבלעך" מיינט ער...
דארט דאווענען חסידים... ממש משונעים... קאפאטעס, שטריימ־
לעך... און מען רעדט: ענקער, יאך, סארנע...

ער רעדט און אלץ ארום איז שטיל...

מען הערט נישט ווענען תכלית. די מוטער הויבט שוין אן צו

קלערען: „נאט ווייסט, וואס פאר א מיאוס'ע פרנסה ער האט דארט.“

„געוואלט, וואס שעט איך מיך?“ — רייסט זיך יענקעל אין איינענעם הארץ. נאר דער פראלער לאזט נישט; ער שווייגט שטענדיג און לייבט ארויס!

און אז דער פעטער פרעגט איהם: „בלייבסט שוין א הינער, יענקעל?“ — באפט ער זיך ארויס: „ניין“, און ער בארוהינט זיך ערשט, ווען ער איז שוין „צוריק אויף דער שטעל“, אין פאר־חושב'טען שטיבעל, אויף נאווא־ליפקא, אין ווארשוי.

ארעמקייט איז נישט קיין שאנד, נאר א בושה איז עס...

(נישט געענדיגט)

.1903

18.

## דוד פינסקי'ס „פאמיליע צבי“.

פאראן אייבינע פראגען, אייבינע רעטענישען.

אונזער קערפער, מיט אלע זיינע נעפיהל־אינסטרומענטען וועט אייביג שטעהן קענען זיי אומבאהאלפען, אומגעלומפערט און אפ־העגטיג, און די פארבענקטע, צום קוואל פון וויסען אייביג דורש־טיגע נשמות וועלען שטענדיג זיי ארומפלאטערען מיט די שוואכע פליגעל, און זיי אפברעכען, ווי זומער פייגעלער ביי א פלאם.

דאס איז דער קוואל פון אייביגען הארץ־וועה, נשמה־מא־טערניש, וועלט און מענשען שמערץ — דער אייביגער קוואל פון פאעזיע.

א קערפערליכע וואונד פליסט אויס מיט פוילעניש און טויט; זעלישע וואונדען — מיט פאעזיע, נשמות־קרענק — מיט פערעל!

וועלט — לעבען און טויט — ליעבע און האס... אט דאס זענען די פראגען... דאס זענען די קלאנגען פון אונטער דער ערד, פון איבער די וואלקען, פון אלע ווייטען און ברייטען, וואס וועקען אונז פון טיפסטען שלאף, וואס טרייבען די שענסטע אדם־וחוה'ס פון גן־עדן ארויס, וואס יאגען אונז אהן אייפהער אויף דעם ברייט־טען אומענדליכען לעבענס־וועג פון פארשטעלונג צו פארשטעלונג,

פארם צו פארם, וועלטען צו וועלטען, און אפשר פון חלומות צו חלומות, פון זייפען־בלאזען צו זייפען־בלאזען — ווער ווייס?

אבער אונזער לעבען וואלט צו א זומפ געווארען, ווען גאט'ס ווינטעלע אטעם זאל נישט בלאזען איבער דעם וואסער און טרייבען אונזערע שיפלעך אלץ ווייטער און ווייטער צום קוים געחלומטען ברעג...

און דאס טרייבען אויף דעם וועג פון לעבען ווערט וואס אמאל האסטיגער; די ערד ברענט וואס אמאל מעהר אונטער די זוילען, די האלט־סטאציאנען ווערען וואס אמאל זעלטענער, די דוה־צייטען קירצער, וואס אמאל שטירצען ראשער אלטע וועלטען, וואס אמאל ווערען ראשער נייע געבוים, אום ווייטער נאך ראשער צו שטירצען...

וואס טרייבט? וואס איז וועלט? וואס איז לעבען און טויט, ליעבע און האס, וואס בויט און צושטערט, וואס רופט צוזאמען און וואס צוטרייבט? דאס זענען די אייבינע פראגען. מיט דער צייט ענדערט זיך די פארם. עס טוישט זיך דער ארקעסטער, עס טוישען זיך אויך די אינסטרומענטען, די סימפאניע בלייבט דיזעלבע... די שפראך ווערט געענדערט, נייע אקטיארען טרעטען ארויס און שפילען האמלעט. דער תמצית, די פראגע: זיין אדער נישט זיין — איז דיזעלבע!

פאראן אויך צייט־פראגען...

אזעלבע געהערען נישט דעם אינהאלט, באריהרען נישט די נשמה פון דער וועלט, נאר די פארם, דאס, וואס עס בייט און פארוואנדעלט זיך... נישט די שלאנג, נאר די הויט, וואס זי וועט באלד פון זיך אראפווארפען, אום א נייע אויף זיך צו נעמען.

יעדע עפאכע האט איהר פולס, איהר נערוו, איהר אייגענארטיגע בלוט־שלאג און איהר אייגענע, היציג־מאכענדיגע אינטערעסען...

זענען זיי אויך דיכטער־מאטעריאל?

אין געשטאלט פון פארגאנגענהייט און צורקונפט!

מיט פיעטיזם באהאנדעלט דער היסטארישער דאמאן דעם געבטען, וואס געהט אפ אין ווייסע תכריכים געוויקעלט, פאר־

בארגענדיג אין זיך דעם סוד פון פארגעהן און פארשווינדען... אויף פארשידענפארבינע האפנונגס־פליגעל פליהט די אוטאפיע געגען נאך אין אומגעפארמטען נעבעל געהילטען מארגען און זאפט מיט רורשמיגע אויגען זיינע פארחלומטע שטראלען...

דעם „היינט" מיט זיין נוימוועגדיגער לאניק, קליינע אינטערעסען, קליינע טוגענדען און פארברעכען מוז דער קינסטלער איבערלאזען דעם בראניקער, דער פאליטיק־שרייבער־און טאבער — דעם גאראדאוואי!

די געגענוווארט קען נאר פראטאקאלירט ווערען אין א רעאלען ראמאן א־לא בערשאדסקי, אונזער אמאליגער היימיש־געבאקענער זאלא. זי קאן געבען זאגאר קונסט־פאטאגראפיען, אבער קיין קונסט.

דער קינסטלער מוז האבען די פערספעקטיווע פון דער צייט: דאס וואס איז פארגאנגען און לעבען קאן אויפשטעהן אין ליער; דאס, וואס איז נאך נישט געשעהען, קען ווערען גע׳חלום׳ט, דאס ארומיגע קען העכסטענס זיין ל י ט ע ר א ט ו ר. געוועהנליך — נאר סעזאן־ארבייט!

מיט אייבינע פראגען, וואס הויבען די פערזאנען צו דער הייך פון סימבאלען, באשעפטיגט זיך אין אונזער ליטעראטור פרץ הירשביין, זעקס און צוואנציג יעהריגער יונגער שרייבער פון פערצעהן דראמען. דאס זענען די טרויעריג זיסע ליליען־גלעקלער, וואס קלינגען אין זיינע „קברים כליטלעד" און „ביי דעם ברייטען וועג..." דאס זענען די ליבטשאטען, פון וועלבע ער שפינט „איינזאמע וועלטען". אנדערע געהערען צו דער צייט. וואקסען אין איהר און וועלען ווערען דורך איהר צושטערט...

שלום עליכם׳ס: „צוזייהט און צושפרייט" איז א קונסט־פאטאגראפיע אויף דער גרענעץ צווישען קאמעדיע און פארס. שלום אש׳ס „משיח׳ס צייטען" — דער „חלום פון מיין פאלק" — א מאלעריש צייט־בילד, נאר א נעפלינעלטס, וואס ריהרט מיט די שפיץ פליגעל די העכסטע סימבאליק... טשיריקאוו׳ס „אידען" — א סעזאן־ארבייט, א סצעניזירטע בראניק מיט׳ן פאגראם אויף דער סצענע, ווייבער זאלען חלש׳ן...

וואס איז די פאמיליע צבי?
דאס איז די פראגע!

---

„ביים אפענעם קבר פון די קישינאווער הרוגים — שרייבט פינסקי אין זיין הקדמה — ווען זייער בלוט האט נאך קיין צייט נישט געהאט פארטריקענט צו ווערען, האב איך פארטראכט און אנגעהויבען צו שרייבען מיין פאמיליע צבי...“

ער האט געזינדיגט קעגען דער צייט און די צייט האט זיך אן איהם נוקם געווען...

א קורצע צייט איז אריבער, די מאכינאציע פון פאגראם איז אנטפלעקט און קלאר געווארען. מיר שטעהען שוין נישט קעגען א שרעקליבען סוד, מיר האבען צו טון מיט א געמיינעם, שרעקליכען און אין איינוועגס עקעלהאפטען פאליטישען פארברעכען. די זאך געהט איבער צום אונטערזוכער, צום ריכטער, צום תליין, צו זועמען איהר ווילט, נאר פון דיכטערס האנט פאלט זי ארוים. וואו איז דער טאג פון רעם דין וחשבון, פון וועלבען פינסקי רעדט אין זיין הקדמה?

דער פאגראם איז נאך נישט אריבער צו דער פארגאנגענהייט. מיט שרעק פאר א פאגראם געהט מען נאך צו די וואל־אורנען. עס לעבט נאך די שווארצע מאה, די זעלבסט־הערשונג צאפעלט זיך נאך, און ביי יעדער קאנוואולסיע קענען פארגאסען ווערען גאנצע טייכען אינטעליגענטען און אידען בלוט. — כוליגאנעס און גע־הארבזאמע מיליטער פיהלען נישט. אבער איבערבויען אונזער וועלט־אנשויאונג צוליעב פאגראמען וועלען מיר שוין נישט. און אז פינסקי זאגט, אז ער רופט זיין פאלק צום בארג סיני, וואו ער וועט זיי געבען א נייע תורה — הערען מיר און — שמייכלען...

א צייט־ווערק איז פאמיליע צבי און פארגעהט מיט דער צייט.

די רוסישע צענזור וואס האט גענוים ביאליק'ן, ער זאל זיין זאך רופען אנשטאט „משא קישינאוו“ משא נעמיראוו, האט דער זאך א טובה געטאן. זי האט זי איבערגעטראגען צוריק אין דער קינות־סליחות־און תחנות־צייט, און די זאך איז א פאעמע געווארען. פינסקי'ן, דערמיט, וואס זי האט זיין ווערק צו שפילען פארווערט,

האט זי א רעה געטאן. אין פאגראם־צייט וואלט עס אנדערש אויס־געזעהען... סעזאן־ארבייט!

„דער פאגראם אליין — האט פינסקי געוואוסט — איז נישט קיין ליטעראַרישע טעמא“.

„קיין קונסט־ווערק איז נישט אימשטאנד איבערצוגעבען א פאגראם־טראגעדיע אין איהר גאנצער שוידערהאפטיגקייט, ווי זי שפילט זיך אין דער ווירקליכקייט אפ“. הייסען, ווי טשיריקאוו טוט, שיסען און שטעכען אויף דער סצענע, שפילען אויף היסטע־רישע נערוועון וועט ער נישט...

ביאליק קומט אויך נישט צו דער „שהיטה שטארט“ בשעת פאגראם, נאר נאכ׳ן פאגראם, און לויפט ארום ווי א „משוגענער נביא“ (דר. עליאשעוו׳ס אויסדרוק) צווישען די חורבות, צווישען די מויערען מיט שווארצע לעבער ווי שווארצע וואונדען, שפרייזט איבער פעדערען און שמות, טרעט אויף צובראכענע כלים, ספרים־פארמעטע, אויף שטיקער צופלאצט לעבען, זעהט פארטריקענט בלוט, צונעטריקענטע שטיקער געהירן, די שאטען פון קדושים, וואס מען האט, ווי לעמער געשאכטען, דאס בערנעל מיטס, וואו מען האט דעם איד מיט זיין הונט מיט איין האנט געקעפט, און די חזיר־צונגג, וואס לעקט ביידע בלוטען... די על פי נס לעבען געבליבענע חשמונאים און בר כוכבא׳ס, וואס האבען זיך אין מיסט פאר־שטעקט און אין חזירים־שטעלכעלעך באהאלטען, די פעטער, מע־נער, ברידער און חתנים, וואס האבען געזעהען, ווי זייערע טעכ־טער, ווייבער, כלות און שוועסטער האבען אונטער דעם גוי און זיין האק געצאפעלט און געוואונשען זיך דואה ואינו נראה׳ס צו זיין... ער זעהט די קבצנים, וואס נעמען נאכ׳ן פאגראם און געהען זיך טארבעס, און לענען פלייש און בלוט פון קדושים אריין און לאזען זיך דערמיט אויף דער וועלט, און ער שעלט, און ווארפט דעם בלו־טיגען שאנד־פלעק נאט און דער כנסת ישראל אין פנים אריין.

פינסקי אבער האט געוואלט געבען דעם פסיכאלאגישען פראצעס, וואס איז געשעהען און געמוזט געשעהען אין דער נשמה פון פאלק, און אויסגעוועהלט אלס אונטערלאגע דאצו האט ער די „פאמיליע־צבי“. וואס האט זיך, ווי דאס פאלק, צושפאלטען און צושפלי־טערט... דער זיידע מ ש ה  מ ג י ד איז א פרומער, נאט גלוי־ביגער איד, זיין זוהן יעקעל — א סוחר, וואס האט זיין נשמה

אין קראם פארשטעקט. און זיין הארץ פאר א ווארעמינגע נעסט פון נראשענדינגע אינטערעסען נעמאכט. זיין שנור מיניע א שטיל־שווייגענדינגע אירענע. וואס האט נאר איין נאמ. פאר וועלבען זי קען זיך אויסניסען דאס הארץ... און א י י נ י ק ל ע ד: אידא. וואס טויפט זיך. לעאן — אן אסימיליאטאר, וואס ווערט א בעל תשובה, ליפמאן — א ציוניסט, ראובן — א סאציאל דע־מאקראט!

אויף דער רואינע פון אידישען הויז וועט זיך אפשפילען דער פאגראם־פראצעס. דא וועלען זיך אנהויבען די שרעקליכע „פאר־געננע..."

---

מיט דער צושלאגענער אידישער פאמיליע טרעפען מיר זיך ביי משירקאוו. שלום עליכם און אש אויך.

שלום עליכם'ס מאיר טשאלענט און זיין ווייב די נעוועזענע פישערקע באקומען א קערבעל, ציהען זיך איבער קיין ווארשע, און דא ווערט די פאמיליע צושפליטערט. ווי אויף א יריד ווערען זיי פארלוירען. מאטוניע האט זיך אויסגעלערנט באפען א קערטעל און שניידט זיך אויף אן אלפאנס... פלארא ווערט א גרושה פעך דע־סיעקל און אנטלויפט מיט א נאקעטען פראוויזאר צו בענש־ליכט. חנה, וועלבער מען שיקט אפ די תנאים, רייסט זיך קיין בערן. פרענ דעם פאטער בחרם. וואו בערן ליגט. ער קען רעכט נישט נאכזאגען דאס ווארט. חיים ווערט ציוניסט, חיים מיט „שוואבע הענט" וויל אקערען ערד, ווי א פויער! וואלאדיא ווערט א „חברה מאן", ווי שלום עליכם רופט איהם צוליב דער געוועזענער צענזור... און סאשקע דאס בן זקונים'ל שפילט זיך מיט הינטלעך און קעצלעך און שרייט: וועלאסיפעד!

אינ'ם מאלערישען „משיח'ם צייטען" קלאגט זיך מלכה די באבע:

ווי זאלץ אין וואסער איז זיך דאס צושוואומען... וועמען עס האט דער ווינט אין ווייטע לענדער נעטראגען. וועמען עס האט די כוואליע איבער'ן ים געיאגט... איז אן אייניקעל צונעקומען. האבען זיי דעם טאטען מיט דער מאמען א פאטאגראפיע געשיקט...

חומש אנגעהויבען — א פאטאגראפיע געשיקט; בר־מצוה — א פאטאגראפיע... נעה האב נחת פון פאפירענע קינדער, פון פאפירענע אייניקלעך...

און אז מען קומט זיך אמאל צוזאמען, אז מען עפענט די יום־טוב'דיגע טיר אויף קבלת פנים, וואס פאר א קאנטראסטען עס קומען אריין. „פון איין טראכט. פון איין בעט איז עס ארויס געקראכען" און צוריק געקומען אזוי ווילד פרעמדע!

יעדערער טראגט זיך ארום מיט זיין גאט, זיין משיח און זיין אייגענעם חלום!

ביי טשיריקאוו'ן געהט עס איינפאכער צו: אין איין שטוב געבוירען און ערצויגען, נישט צ׳שיידט זיך, נישט איבערגעפאדען אין אן אנדערער צ׳גרויסער סביבה, וואו איינער פארלירט דעם צווייטען, אהן קונצען ווערט איינער ראס, איינער יענס... און כדי איהר זאלט קיין טעות נישט האבען און וויסען, מיט וועמען איהר האט צו טון, הייסט ער די פערזאנען ויכוחים האבען, רעדען, יעדערער שטעלט זיך אליין פאר און היציג, און אויפ'ן בעסטען אופן...

דאסזעלבע מיטעל האט, ליידער, פינסקי אויך באנוצט.

אויף דער גרענעץ צווישען קאמעדיע און פארם פליהען שלום עליכם'ס פיגורען ווי ראקעטען פארביי און צייבענען און שניידען זיך אפ איינער פון צווייטען אינ'ם פלוג. ביים מאלערישען שלום אש אין „חלום פון זיין פאלק" ריהרען זיך פארשידענאדטיגע מאלערישע פלעקען. אט זעהט איהר זיי באזונדער, אט גיסען זיי זיך צוזאמען אין א גדויסארטיג שטימונגס־און וואונדער־בילד... ביי פינסקי'ן ווערען בשעת פאגראם, כל זמן ער קומט נישט צום פענסטער און קלאפט נישט אן אין טיר, רעדעל־פיהרערישע ויכוחים געפיהרט... ראובן, וואס ראַרף אין לעצטען מאמענט זינגען איבער די בוליגאנעס, ליפמאן וואס וויל, ווייל ער קאן נישט לעבען, ווי א מענש, שטארבען ווי א מענש, שטעהען אין פאנדאס־צייט און רעדען אויספירליך פון אלף ביז תי"ו איבער אסימילאציע, ציוניזם און סאציאליזם. גלייך זיי טרעפען זיך דאס ערשטע מאל, און דערנאך זאגט א גבור צו דער מוטער גאנץ איינפאך:

— לאז, זיי א מענש! מיר האבען זיך אזוי אויך פארשפעטיגט...

די גבורים, ווי משה מגיד זאגט, האבען פול מויל מיט צונג...

---

די פאמיליע צבי איז אבער נאר דער פאן; די טראגעדיע טראגט אויף זיך משה מגיד!

וואס איז משה מגיד? ווי אזוי רעאגירט ער אויפ'ן פאגראם? אחרון של פסח. סוף סעודה. א פאגראם שטימונג.

— גאטעניו — הויבט אויף משה מגיד די הענט צו גאט פאר'ן בענשען — דו זעהסט מיין הארץ! נעפאסט וואלט איך דיר בעסער, מיט א ביינעל און אש וואלט איך דיר אפגעפאסט. ווען דאס וואלט נאר דיין הייליגער יום טוב נישט געווען!

— פארדרעכען מיר — בעט ער זיך — מיין עסען, ווי א גרויסען קרבן און װענר אפ פון דיין הייליגער תורה (?) און דיין פאלק ישראל דעם נייעם חורבן! און נעמט זיך צום בענשען.

בשעת ער בענשט, שטעלען זיך זיינע אייניקלעך פאר פאר'ן פובליקום אין געשטאלט פון א ויבוח איבער ציוניזם, סאציאליזם און אסימילאציע. אין אן אויספיהרליכען ויכוח, גלייך זיי זעהען זיך צום ערשטען מאל און גלייך עס וואלט אין דרויסען קיין פאגראם נישט געווען...

לעאן גלויבט נישט אין פאגראם, ליפמאן וויל זעלבסטשטענדיגקייט אויפ'ן גרונט פון באזעלער קאנגרעס, ראובן וועט באפרייען די וועלט מיט ס א צ י א ל י ז ם. יעקעל שפרינגט אויף — אין זיין שטוב זאל מען דאס ווארט נישט דערמאנען. און מיניע זאגט: זעהר גוט, ליפמאן וועט ברענגען משיח'ן פאר כל ישראל, ראובן וועט אמאל אויסלייזען די גאנצע וועלט. אבער דערווייל וואס טוט מען? דערווייל?

— ענטפערט, אדער געהט צו אלדע שווארצע יאהר, אדער קערט זיך אום צו גאט! — מישט זיך שוין דער אפגעבענשטער משה מגיד אריין אין ויכוח.

— דערווייל איז שלעכט, זאגט ראובן. ליפמאן רעדט פון נעדולר און אויסהאלטען...

— מיט וואס פאר א כח? — פרעגט משה מגיד.

ביז אהער איז אונזער כח געווען אין גאט, רי נערולד אין דער אמ:נה. און דאס נעמען זיי, די אפקורסים, די גאט־לעסטערער, די לצים צו. פארדארבער זענען זיי אין זיינע אויגען, נישט קיין העלפער, צושטערער, נישט קיין אויפבויער. וואס ווייסען זיי, וואס ווילען אויסרייסען ביי גאט די לייצעס פון האנט און אליין פיהרען די וועלט, פון גוט און שלעכט, גלייך און קרום? די שפראך איז אפילו נישט מגיד׳יש, בפרט דער משל פון א פעלזען אינמיטען ים אויף כנסת ישראל, נאר דער תמצית איז קלאר: אלץ איז פון גאט: ער שטראפט, ער טרייסט און לייטזעליגט... משה מגיד איז זיך גאר נישט איבערגעוואקסען.

נאר אז ראובן און ליפמאן לויפען צום זעלבסט־שוץ, און ליפמאן רופט אויס: קאנען מיר נישט לעבע!. ווי מענשען, זאלען מיר שטארבען, ווי מענשען — פאלט דאס ווארט אויף משה מגיד׳ס הארץ און באפרוכטבארט עס. און ער ציגרט זיך אז און פערפראזירט דעם זאץ אויף זיין אופן: „קאן מען נישט לעבען, ווי אידען, זאל מען שטארבען, ווי אידען“... און ער לויפט זאמלען גאטס חיל צו ראטעווען די שול מיט די ריינינקייטען, און לויפענדיג וואקסט ער ביז צום גלגול פון מתתיה: כהן גדול...

אט מיניע וויל איהם פארהאלטען. שרייט ער: איך וועל שילטען! ער האט זיין קראפט דערפיהלט! אז לעאן וויל איהם פארטרעטען: מיך ווילסט דו ראטעווען? אוועק, א מחלל השם צווישען מקדישי השם וועסט רו זיין! איהם וואלט ער די שול־טיר פאר דער נאז פארמאכט... גאטס חיל וועט זיך באגעהן אהן איהם! נאך איהם, נישט נאך ליפמאנ׳ען, נישט נאך ראובנ׳ען וועט געהן דאס פאלק. ער זאל זיין דער איינציגער און דער לעצטער, ווי זיי זאגען. ער יאל נישט האבען הינטער זיך דאס פאלק, וואלט ער לאנג אויף זיך דעם טויט געבעטען... און מיט זיין קראפט אין איהם, וואקסט זיין גלויבען ביז צום בלינדען אפטימיזם... צוויי בטלנים טרעפט ער אין שול — לויבט ער גאט! עס ווייזט זיך אבער אויס, אז זיי זענען קיין גבורים נישט, נישט תורה האבען זיי געלערענט בשעת פאגראם. נאר פון עסען גערעדט, און ווילען יין גראב אייזען און קיין האק אין האנט אריין נישט נעמען און רעבענען זיך, אויב דער פאגראם וועט קומען, צו באהאלטען זיך

אונטער דער שול צווישען די חזירים — דערפיהלט ער, אז גאטס חיל מוז ערשט נעזאמעלט ווערען און גאט האט עס איהם פאר'ן זאמלער געמאכט! מתתיהו כהן גדול האט אויך אזוי געטאן.

און צום פאבריקאנט הירשמאן, צום פרומען גבאי לויפט מתתיהו כהן גדול און טרעפט דארט דעם רב מיט צוויי דינים, איי־נעם א שטומען, דעם צווייטען א קראנקען — אויף — ביי פינסקי ווערט עס ארויסגערעדט...

— אדירי התורה! — קומט ראטעווען די שול!

און אז זיי געהען נישט, אז מתתיהו כהן גדול'ס: מי לה' אלי בלייבט אהן א ווידערקלאנג אין הארץ — שילט ער!

און לויפט ווייטער.

אין א וואלד האבען זיך אידען באהאלטען און דאווגען מנחה, ער רייסט זיי פון שמנה עשרה אוועק, זיי לאזען זיך נישט. דער־נאך זאגען זיי תהלים... ער לויפט אליין צו דער שול, האלט אפ א בחור. וואס ראטעוועט א מיידעל: די שול איז בילבער. האלט אפ די זעלבסט־שוץ, וואס ראטעוועט אידיש לעבען, האב און גאב. און רופט צו די רייניגקייטען... אלע אנטלויפען, איין טויב־שטומע בעטלערין בלייבט ביי איהם, ווען ער פאלט ביים ארון קודש אין מיט'ן קלאגען זיך פאר גאט...

דאמאלט שרייט ראובן אריין דורך א שול־פענסטער: מיר זינען! און די קארטינע פאלט...

---

די קארטינע פאלט און איהר פרעגט אייך: וואס איז משה מגיד: מענש צי סימבאל?

און ווער איז די שול? א סימבאל צי טאקע די שול, וואו מען טרינקט י"ש און מען שלאגט זיך איבער עליות, ווי דער יונ־גער הירשמאן זאגט.

און איהר דערמאנט אייך נאך אז דעם שול־הויף מיט'ן מיסט, וואו די חופות ווערען געשטעלט... אז די היילען אונ־טער דער שול, וואו די חזירים האלטען זיך און בטלנים בר־כובבא'ס באהאלטען זיך... און אנ'ם סופר. וואס שרייבט די ריי־ניגקייטען... און איהר פרעגט נאך:

— צי מעג מען ע"פ דין נאר זיך מוסר נפש זיין דערויף?
משה מגיר איז דאך א פרומער איר!

---

און וואס ווייטער? — פרעגט איהר — וואו איז דער בארג סיני, די נייע תורה?

שלום עליכם האט נארנישט צוגעזאגט. ער האט איינפאך און אהן א שום פרעטענזיע געמאלט א חורבה פון א אידיש הויז. און ער ענדיגט מיט דער חורבה, ווען מאיר דער גביר און זיין ווייב די געוועזענע פישערקע רעדזעהן זי!

דער גראף איז געקומען, מאיר זיין פאקטאר, זיין קנעכט, זיין יועץ, זיין שטיוועל-קושער לויפט, איילט צום גראף און בלייבט אינ־מיטען שטעהן.

— מלכה (רייבט זיך דעם שטערן) וואס האב איך דיר גע־וואלט זאגען? — איך האב דיר עפעס געוואלט זאגען... און וואו־לאריע זיצט?... און די איבעריגע קינדער?

— צוזייהט און צושפרייט, — ענטפערט מלכה.

— הא? — וואס זאגסט דו, מלכה? וואו זענען אונזערע קינדער? ער פאלט צו צום טיש און וויינט... איינפאך, און א וועלט איז איינגעפאלען... מאיר'ס וועלט, דאך א וועלט, און עס איז דערפון א חורבה געווארען...

פון ביאליק'ן האט מען זיך אויף קיין נוטס נישט צו ריכטען...

דער „משונע'נער נביא" — ווי דר. עליאשעוו רופט איהם — דער מענש מיט דער שטאלענער שפראך, דער מארמאר־סקולפטאר איז דאך וואס אמבאלאנגט דער וועלט־אנשויאונג, רערוויל נאר אחד־העם'ס תלמיד, דער אפגאט פון ארעמער קלייזעל... וואס שליסט אויס דאס  א י ד י ש ע  פאלק און בליהט אויסשליסליך נאר אויפ'ן בעל־בתיש־לשון־קודש'ן... און דאס — זענען טרוקענע ביינער אין יחזקאל'ס מאל, נאר אהן האפנונג אויף תחית המתים... דער קלייזעל־גאט איז זיכער באנקראט און דאס קלייזעל אליין צוקריכט זיך אויף שבעה ימים... און די, וואס בלייבען, ווערען פארוואנעלטער פון טאג צו טאג.

...איהר פוילט און פאלט,
איהר ווערט פון טאג צו טאג מעהר אלט,
און אפגעלאזט האט זיך די האנט,
און ערנסטער זיפץ, א הייסע טרער —

האט ער נאך פאר'ן קישינעווער פאגראם אין „לעצטען ווארט” געזונגען...

נישטא וועמען צו טרייסטען, ווענען א בשורה אנצוזאגען, ווענען א וואונד צו פארבינדען, נישטא ווענען די נשמה צו שענקען.

הערט, טויבע, הערט! — רופט גאט.

עס געהט א טאג,
איך לאז ארויס א זון פון רעכט
און וועל די וועלט מיט ליכט באגיסען —
נאר איהר אליין וועט בלייבען קנעכט
און וועט קיין טראפען ליכט געניסען...
און בלינדערהייט, מיט זיהן און טעכטער,
וועט איהר ארומלויפען פאר'סמ'ט
אהין, אהער, פאר טויזענט מויל,
און בעטען, חלש'ען א שטראל...
נאר איך באגעגענט א געלעכטער,
וואוהין איהר קומט, האט איהר פארזאמט...
איך שיק אראב א מילדען גייסט,
וואס פרישט, ווי טוי פון גאט, און ווייזט
א נייעם וועג צו גייע הימלען —
נאר איהר וועט טרוקען זיין, ווי שטרוי
און נישט אויף אייך וועט פאלען טוי,
איהר? — איהר וועט אייביג פוילען, שימלען.
און אויב ס'איז נאך פון פריהער געבליבען
א פונק פון גייסט, געפיהל און גלויבען,
און ערנסטער זיפץ, א הייסע טרער —
וועל איך דאס איינציגווייז אפרויבען.
און אייער הארץ וועט בלייבען לער
אהן טעם, אהן ריח, אהן לייב און לעבען...

זיי וועט קיין רעוואלוציע נישט מיטרייסען, קיין שופר־של־משיח נישט וועקען...

ביי שלום אש אין „משיח׳ס צייטען“ נעהט נאר אן איינציגער אנדרער, וואס דער פאטער האט איהם נישט פארזארגט. נישט מיט קיין גאט און נישט מיט קיין משיח׳ן — פארלוירען. ער אליין האט קורצע הענט און וועט ראצו נישט דערגרייכען. יוסטינא בלייבט אויפ׳ן ארט, טוליעט זיך צו דער פוילישער ערד, וועט ביז׳ן גרויען צאפ אריין חלומ׳ען פון אסתר׳קע און אפשר אזוינע ווע־רען...

נאר אין דער היינטיגער דעמאקראטישער צייט וועט מען מו־זען יוצא זיין מיט א קלענערען מיוחס אלס א קעניג... סוחרים גע־הען צוריק צו וואג און מאס, פאבריקאנטען צו זייער אינדוסטריע. אבער די, וואס נעהען אריבער דעם שלאגבאן, די ווערען ג ע־ר ו פ ע ן... א נייער גס קלינגט איבער טאל און בארג, א ניי, וואונ־דערליך לעבען וועקט זיך פאר זיי!

וואס פאר א לעבען?

אש, דער מאלער, האט נישט און דארף קיין תורה נישט הא־בען! „א חלום פון זיין פאלק“ האט ער געגעבען... מאלט אייך ווי און וואס איהר ווילט... נאר פון דער ווייט און פון דער הויך וועט עס קימען! און אפשר דרימעלט עס ביי אייך אין הארץ? וועקט עס!

אבער מיט וואס ענדיגט זיך ביי דוד פינסקי?

משה צבי איז נעפאלען... דאס אלטע יורענטום פארגעהט. אמת. וואס ווערט אויף דעם ארט געבוים? יעקעל וועט נעמען פון יק"א און אנדערע צדקה־חברות און וועט דערפילען זיין שאדען... מיניע וועט זיך קלאגען פאר גאט, אירא וועט נישט אויסקומען... ליפמאן וועט אלץ וועלען שטארבען. ווי א מענש. הירשמאן מיט׳ן כלי קודש וועלען ווייטער מלחמה האלטען מיט דער השכלה, פון וועלכער די רעוואלוציע איז ארויס. מען וועט מסר׳ן... לעאן, דער בעל־תשובה, וועט אפשר ווערען א רערגרייכער און אריין אין דומא...

איין ראובן בלייבט! ראובן, וואס שרייט אריין דורכ׳ן שויל־פענסטער: מיר זינגען! זאלען מיר גלויבען אויפ׳ן ווארט?

---

און א שאר פינסקי׳ס דראמע. זי האט זעהר פיעל גליקליכע מאמענטען! לעאנ׳ס איבערקערעניש, מיניע, ווען זי לאזט די קינ־

דער ארויס אויף א זיבערען טויט. די סצענע בייס וואלד, מיניע'ס נעבעט צו לעאן. ער זאל זאגען „שמע ישראל" אויב ער וועט פא־לען, משה צבי און רי טויב־שטומע ביי דער שול, דער איד, וואס אנטלויפט בשעת פאגראם, טרעפט משה צבי, און מיינט אין טויט־שרעק, אז דאס איז א פאגראמשטשיק און בעט זיך רחמים, ער זאל איהם שענקען דאס לעבען... דאס אלץ אבער ווערט פארטרונקען אין א ים פון ווערטער... מאמענטען, (ווי דאס לויפען צום זעלבסט־שוץ), וואס דארפען דורכבליצען, קריכען איבער דער סצענע, ווי ווערים. אזויפיעל און אזוי שלעכט ווערט איבער זיי גערעדט. ליפ־מאן: מאמע, זיי א מענש! ראובן: לאז פריי רעם וועג! מען האט צייט. מען האט, ווי משה מניר זאגט, גאנץ נישט־מניד'יש, א פול מויל מיט צונג, וועגינסטענס מעהר צונג, ווי גבורה... און עס ווי־מעלט פון „מערידין" מיט קרעץ אויף פרעמדע לייבער... און עס גרענערט מיט זעלבסט־בעיאהונג, זעלבסט־פארניינונג און וואס משה מניד'ס לעקסיקאן פארמאגט: נאטס לעסטערער, צושטערער נישט בויער, לצים, אדער נעהט צו אל־די־רוחות — — —

אין גרויס איילעניש איז פון א אייבינער זאך א סעזאן־אר־בייט געווארען!

און עס איז קיין אומגליק נישט, אז א מענש שרייבט אן א שוואכע דראמא... דאס אומגליק שטעקט אין דער הקדמה! נאר וואס האט זי פינסקי געשריבען און נאך שפעטער געדרוקט? וואס מעהר מען פארלאנגט פון א שוואבער זאך, טויטער בלייבט זי אונ־טער די הענט!

.1907

19.

## מאַריאַ קאָנאָפּיצקאַ: „מענדעל גראנסקי".

אלס רערצעהלונג איז „מענדעל גראנסקי" א ליטעראריש מייסטערשטיק — א פערל, ווי עס איז היינט מאדנע צו זאגען. צי דערגרייכט די נ ע ז ע ל ש א פ ט ל י ב ע באדייטונג פין

דער זאר צו דער הויך פון ל י ט ע ר א ר י ש ע ן ווערט — אט. דאס איז די פראגע.

פון מאריא קאנאפניצקא קאן מען ווענינסטענס פיעל פארלאנגען.

די אנגערופענע דערצעהלונג באציהט זיך אויף די ווארשעווער געשעהענישען אין יאהר 1881. קענען אדעס, קישינעוו און דערנלייכען, איז דער ווארשעווער „צופאל“ א קינדערשפיל, דעם נאמען „פאגראם“ נישט ווערט. צום אנדענקען האט ער איבערגעלאזט קוים איינינע אפגעקומענע פאמיליען. גאר א קליינע צאהל זענען פארוואונדעט געווארען; געטויט — קיין איינציגער. צי האט מען זיך ווי עס איז געוועהרט? מען זאגט — אויף נאלעווקי: קצבים זענען ארויס מיט מעסער; פריקאשטשיקעס האבען זיך געשטעלט אין די הויפען. — געשריבען דעריבער איז נישט געווארען. — נאך וואס?

נאר ווי קליין דער פאגראם איז נישט געוועזען, דער איינדרוק אויפ'ן ארט האט געמוזט זיין א געוואלטיגער: עס איז נאך געווען פאר די גרעסערע, און גאר גרויסע ערגעץ אנדערש; און די אלטע, די אמאל געוועזענע, האט מען שוין לאנג פארגעסען. און יעדער געווארפענער שטיין, וואס האט אפילו קיין אידישען ק א פ נ י ש ט געטראפען, טרעפט דאך אין אידישען מח! ריהרט ער דאך די געהירן. רייסט ער דאך איבער און צושטערט אלטע, פון תהו־ובהו־פערים צוזאמענגעשפונענע אידעען און וועלט־פארשטעלונגען...

נאטירליך באריהרט עס נישט אלע גלייך, און נישט אלע האבען זיך אפגערופען אויף איין ארט.

קיין אידישע ארבייטער־קלאסע איז נאך דאמאלט נישט געווען, און אויב זי האט זיך שוין געשפונען און געוועבט אין שאטען פון דער פינסטערער און נאסער קעלער־שטוב, — צום ווארט איז זי נאך נישט געקומען, — פון קיין ארבייטער־וועלט־אנשויאונג איז נאך נישט געווען צו רעדען. דאס אידישע לעבען איז געווען נישט דיפערענצירט אינעווענינ, נישט צוטיילט. עס האט זיך נערערט פון חסידים. — די פארשטעהער פון דער פרומער אידישקייט (די מתנגדים האבען שוין נישט געלעבט), בעלי־בתים. וואס האבען שוין מעהר געוויכט געלעגט אויף „האב און גאב“, אויף עולם־הזה, און

„רייטשען“, וואס דער נאמען האט זיי שוין לאנג נישט געפאסט. ווייל זיי זענען שוין לאנג אריבער פון מענדעלזאנ'ס תורה צו דער הײמיש־פוילישער קולטור.

דער פ ר ו מ ע ר איד איז יונגער נתפעל געווארען. דער רינגען, ווי אין אלע אומגליקען, האט ער מעהר נישט געזעהן, און נישט געקאנט זעהן, ווי — גאטס צארן, וואס איז אויסגעגאסען געווארען אויף איינצעלנע פערזאנען פאר זייערע זינד; אדער, אויב ער האט זיך אויפגעהויבען צו א העכערען שטאנדפונקט: אויף כל ישראל! עס איז שוין צו גוט געווען, מען האט שוין דעם גלות פארגעסען: שקאלעס, קריסטליכע אמען, גוי'שע נעמען און קלייר דער, טרפות...

וואס דארף מען טון, גאט זאל זיך דערבארעמען און צוריק איינזעצען די שווערד אין שייד אריין? מען דארף תשובה טון... יעדער יחיד זאל זיך מאכען חשבון הנפש און אויסניסען דאס הארץ פאר גאט, און בבלל כל ישראל דארף געדענקען, אז עס איז נאר א „גלות“... אז משיח וועט קומען, מ ו ז קומען, מען וועט ניך און באלד אויסגעלייזט ווערען, האבען אן אייגען און א הייליג לאנד, וואו גאט וועט זיין דער הערשער, זיין תורה — דאס געזעץ און דער מלך המשיח — זיי פארטרעטער צום אויספיהרען דאס געזעץ... על כן: פאסט און לויפט צו „ויחל“ און לערענט א שטיק „הבשר הזבח“. אדער ווענען תרומות ומעשרות... גרייט אייך צו.

דער בעל־הבית, וואס האט נאך אפשר אמאל געלערענט א פרק משניות, נאר שוין געשטעקט ראשו ורובו אין פראקטישען לעבען, וואס האט שוין געהאט א היבש עולם־הזה, א היבש ביסעל גוטס: געלט, דירה, כלי־בית — וואס קאן חרוב ונחרב ווערען און געה נאך אמאל און זאמעל... דער בעל־הבית האט זיך שוין מעהר דערשראקען. פאר איהם, דעם גרעסערען וועלט־מענש, איז שוין עשו נישט געווען אויף גאטס באפעהל יעקב'ן, אויב ער זיצט און לערענט און פיהרט זיך בדרך־הישר, צו באדינען, און, אויב נישט, צו שמייסען. עשו איז א מענש פאר זיך. מען האט פון איהם פרנסה אדער צרות... און אז ער ווערט בייז, איז נישט גוט... מען טאר איהם נישט דערצערענען! איז ער אין בעס, מוז מען איהם איבערבעטען, מיט שבת'דיגע פיש, פסח'דיגען שנאפס, מיט א חניפה'לע און גאנץ אפט מיט א שמייכעל פון א אידישער טאכ־

טער. לאזט ער זיך נישט — טוז טען זיך באהאלטען אין קעלער אריין, ביז דער צארן וועט אריבער... נאר, ווי עס איז — אונזער בעל־הבית איז פארט א היבש שטיקעל אפטימיסט, אריבער וועט עס; ערגערס געוועז, — איז אויך אריבער...

ווי א רונער פון שעהנעס היטעל האט עס געטראפען, — און צושראקען און צ׳דודערט האט עס אם מעהרסט דעם אידישען, פויליש־אידישען אינטעליגענט.

פלוצלונג אין ענדע פון נייגצעהנטען יאהרהונדערט א פייער בלוטינער אפגלאנץ פון דער מיטעלאלטער נאכט? ! איז עס מעג־ליך?

מיט פריידיגען הארץ־קלאפען פלענט ער זיך צוקוקען צום צי־פער־בלאט פון אייראפעאישען וועלט־זייגער (פון כינא און יאפאן האט מען נאך נישט געוואוסט, — אזיע פוילט)... ווי כאטש צי־טערינג און פאמעלעך עס רוקען זיך די ווייזערלעך! באלד וועט שלאגען די שטונדע פון באפרייאונג! מיט גרויס נחת פלעגט ער יעדען פריהמארגען אפרייסען דאס בלעטעל פון וואנט־קאלענדאר: די גליקליבע צייט איז נעהנטער מיט א טאג! עס ריהרט זיך, עס רוקט זיך, די ציוויליזאציע געהט, די בילדונג שטייגט... נאך, נאך עטליבע יאהר און אלע מענשען וועלען זיין גלייך, — גלייך גוט, גלייך עהרליך, גלייך געבילדעט — און מטילא וועט אויפהערען דער אבערגלויבען, דער רעליגיאנס־האס, די שנאה צום פאלק ישראל, וואס האט געשענקט דער וועלט די גרעסטע מתנה — דעם איינציגען גאט, די „עשרת־הדברות“ מיט׳ן „אנכי“ בראש!

פון דעם, אז די בילדונג האט נאר אנגעריהרט די העכסטע שפיץ בערג, בשעת ווען אין טאל איז נאך אלץ פארזונקען געבליבען אין דער פינסטערניש און פארוויקעלט אין שאטען — האט ער זיך קיין רעכענשאפט נישט אפגעגעבען. קיין נאציאנאלע געפיהלען און אינטערעסען האט ער אוראי נישט פארשטאנען: פאראן א גע־דעקטער טיש, דארף מען איהם אויך א בענקעל דערלאנגען, בעטען זיצען און עסען, און טרינקען „לחיים“! ער איז דאך א היינער, א חייטישער, א מחותן אויף דער חתונה, אן איינגענער!

און אלע רעכטע און פריווילעגיען (פון פליכט רעדט די בור־זשואזיע פאר זיך אליין זעלטען) נעהערען דעם לאנד. זענען מיר דען זיינע שטיפ־קינדער? עס איז ארויסגעקומען א פארקערטער

זאָך: נישט דאָס לאַנד, וואָס צ. ב. ש. „פּאַלאַסטין“ האָבען פאַר־נומען איז „פּוילען“, נאָר די, וואָס וואוינען אין פּוילען זענען פאַ־לאַקען, ווארים אַלץ שטאַמט פון דער ערד. די באַגריפען האָט ער גענומען דאָרט, וואו ער האָט זיין גאַנצע בילדונג גענומען, און אין אַ לאַנד, וואו אַקערבוי איז די הויפּט־באַשעפטיגונג, און דער פּריץ — דער גרויסער גוטבאַזיצער — איז דעריבער דאָס העכסטע און די גרויסע אומגעהייערע פּויערען־מאַסע דאָס ווייכטיגסטע. וואַקסט אַלץ — ברויט, פּרנסה און מענשען־רעכט — פון דער ערד, פון לאַנד!

מען דאַרף נאָר ערליך אַרבייטען, נישט שווינדלען, נישט פּעקלען קיין סחורה איבער דער גרענעץ, נישט ברענען קיין נישט אָפּגעצאָהלטע בראַנפען און נישט ברייען קיין נישט אָפּגעצאָהלטע ביר. מען טאָר דעם לאַנד קיין שאָדען נישט מאַכען. פאַרקערט — נוצען ברענגען... איז מען אָבער ניצליך דעם לאַנד, איז מען שוין מיט דעם אַליין „אָביוואַטעל“ — לאַנדס־בירגער, און עס קומט בירגער־רעכט! דאָס האָט דער אידישער אינטעליגענט, ווי אַלץ, וואָס ער האָט געמיינט און געטראַכט, נאָכגעזאָגט דער ליבעראַלער קריסטליכער אינטעליגענץ. וואָס האָט די אידען־פראַגע געשטעלט אין דער איין און איינציגער פאָרם פון נוצליכקייט פאַר'ן לאַנד: צי זענען אידען נוצליך דעם לאַנד, דער „אָיטשיזנאַ“? אויב יאָ, קומט זיי גלייכבאַרעכטיגונג, אויב נישט — נישט! בעסערע און ליבעראַלערע האָבען נאָר געקלערט, צי קאָן מען נישט נעבען דאָס בירגער־רעכט אויף קרעדיט? אָדער צי איז ריכטיגער, מען זאָל זיי געבען בירגער־רעכט, זיי זאָלען ליעב קריגען דאָס לאַנד, די ערד, און ווערען אָביוואַטעלעס, ניצליכע און נויטיגע בירגער?...

און עליזאַ אָרזשעסקאָ'ס העלד, דער וועלט־באַריהמטער יוזעפאָוויץ, נעהמט טאַקע און מסר'ט זיינע קהל'ס לייט, וואָס דעפּרווי־דירען בראַנפען! — בירגער מוזט איהר ווערען, נוצליכע, נישט שעדליכע בירגער...

אין דער זעלבער פאָרם האָט זיך אויך געמוזט אָפּשפּיגלען די אידען־פראַגע אין די נעהירען פון אונזער נישט אָריגינעל, נישט אידיש דענקענדען אינטעליגענט! ער האָט אַלץ איינאיינעם זיך און אַנדערע באַוויזען, אַז ער איז נוצליך! און על כן קומט איהם רעכט אויף לעבען און פּריווילעגיען אוים'ן לעבען! און בשעת ער טען'עט

אזוי — באַך! פלאַצען אידישע שויבען! ווי הייסט? פאַרוואָס? איז נישט משוגע צו ווערען? און וועמען שלאָגט מען? צי אונ־טערשיידט מען צווישען נוצליכע און נישט נוצליכע? ניין? מוז עס זיין א פרעמדע אינטרינגע — מען וויל צוקריגען די גוטע ברי־דער, וואָס האַלטען זיך אזוי צוזאַמען!...

און אויב נישט, נאָר די אונטערשטע שיכטען פון פאָלק זענען נאָך ווירקליך אזוי גראָב, אזוי מיטעלאַלטעריש און אומגעבילדעט, דאַרף מען עפּעס טון... ווירקען — — —

עפּעס טון, ווירקען, נאָר נישט מיט אייגענע הענט!... פאַר־וואַקאַטען ברויכט מען! ארויסטרעטען זאָלען בעסער יענע... אין נאָמען פון לאַנד... זאָלען זיך מיהען אונזערע גוטע פריינד! און „זכה—מלאכתו נעשית על ידי אחרים" —

ארויסגעטרעטען איז די קרוין פון פּוילישען פּאַרנאַס — „מאַ־ריא קאָנאָפּניצקאַ"! עס איז אַרויס „מענדעל גדאַנסקי" — מענדעי גדאַנסקי איז אַרויס, און אַלע נאַאיווע, אויבערפלאַכטע אידעע און פאַרשטעלונגען. אהן א צייכען פון וואָס עס איז א פּאַרטיפּע רונג, שפּיגלען זיך אָפּ אין דעם „מענדעל גדאַנסקי"...

פון די „קבצנים", וואָס זענען אַרויסגעטרעטען אויף נאָלעווקי, פון „פריקאַשטשיקעס" אין הויף — קיין שפּור... נאָר פאַרוואָס קומט מענדעל גדאַנסקי צו שלאָגען?

ער איז דאָך א ה י נ ע ר. ער וואוינט שוין דאָ אזוי לאַנג!

אמת, ער קומט אַרויס פון דאַנציג, און דאַנציג איז היינט פּרייסיש, אָבער ווען מענדעל איז געבוירען געוואָרען, איז דאַנציג געווען א ו נ ז ע ר. און מיר שענקען נאָך דאַנציג נישט אוועק! דאָס היסטאָרישע רעדעל דרעהט זיך, און מאָרגען־איבער־מאָרגען קאָנען אַלע דאַנציגער אידען זיין א ו נ ז ע ר ע אידען!

און מענדעל א ל י י ן פיהלט זיך דאָ נישט פרעמד. ער האַלט זיך נישט פאַר קיין גר, ער שטעהט ביי איהר נישט אין, ווי אין א גאַסט־הויז, מאָרגען צו פאַרלאָזען: ער איז צוגעבונדען צום פלעק, אויף וועלכען ער לעבט, איינגעפלייסט אין איהם, גלייך עס וואָלט קיינמאָל קיין ציון, קיין ירושלים יישט געווען; ער פיהלט שוין כמעט קיין גלות נישט...

ער פיהלט זיך נישט פרעמד און אי, נישט אָפּגעזונדערט: מיט טויזענט פעדים איז ער פאַרקניפּט און פאַרבונדען מיט זיינע

שכנים. ער קאָן אויסנעצייכענט דאָס שטילע געסעל און זיינע איינוואוינער; די פיזיאָגנאָמיע פון געסעל, זיין פולס, זיין באַוועגונג, זיין קלאַנג! ער קען אַלע (קריסטליכע) קינדער, וואָס לויפען יעדען פריהמאָרגען אין אַכראַנע (פּריוט), אין שקאָלע אַריין, ער קען די אַרבייטער, וואָס געהען פאַרביי אין דער פאַבריק אַריין... ער קען אַפילו די פייגעלעך, וואָס האַלטען זיך אין די מויערען־לעכער פון דער ביר־ברויערייי.

אַ שרייה, אַ מענש וואָס איז זיבען און צוואַנציג יאָהר אין איין שטוב!

ער דערקענט, זיצענדיג אין שטוב, די טריט פון סטרוזש, ווען ער פאַרקערט פאַר'ן הויז; דאָס טרוקענע הוסטען פון יונגען דער־פּענדענט... דער קריסטליכער זייגער־מאַכער קומט צו איהם רעדען פון פּאָלימיק; דער קריסטליכער שטריקענמאַכער פאַרטשעפּעט ביי דער קלאַמקע פון זיין טיר די שנור צום דרעהען. די קריסטליכע זיצערקע דערלאַנגט איהם פון צייט צו צייט דורכ'ן פענסטער אַ שוואַרצען רעטעך — פאַר קאָלירטע שטיקלעך פּאַפּיר (מענדעל איז אַן איינבינדער) צום שפּילען פאַר די קינדער. אַ שכן, אַ מאָגערער אָרעמער סטודענט, באָרגט זיך ביי איהם אַ שטיקעל חלב'ן ליכטעל צום לערנען — —

איהר זעהט, ווי גינסטיג, ווי גוט עס לעבט זיך!

אפשר איז ער, דער מענדעל, שעדליך אַרער ווענינסטענס נישט נוצליך פאַר'ן לאַנד? גאָט באַהיט! מענדעל פּעקעלט נישט קיין סחורה, האָט נישט קיין פאַלשע וואָג און מאָס אין האַנט. עהרליך, מיט זיינע צעהן פינגער פאַרדינט ער זיין ברויט — ער איז, ווי דערמאָנט, אַן איינבינדער. זיבען און צוואַנציג יאָהר זיצט ער ביי דעם זעלבען פענסטער מיט'ן פּיפּקעלע אין מויל און בינדט איין ביכער...

ער איז אַנדערש גלויביג! אָבער וואָס מאַכט עס אויס! דאַווענענדיג, טראָגט ער טלית און תפלין, רעדען רעדט ער מיט גאָט אויף אַן אַנדער שפּראַך, און זיין אַלטער הייליגער שפּראַך — אָבער וועמען שאַדט עס? שקצים'לעך האָבען איהם אַמאָל געוואָלט שלעכטס טון, דערפאַר האָט זיי דער גלח אַליין, וואָס איז נראַד פאַרביי־געגאַנגען, אָפּגעהאַלטען. קיין וואָרט נישט גערעדט, נאָר מיט'ן בליק! אַ שטומע סצענע געווען!

אפשר איז ער, ווי אנדערע אידען, א פאנאטיקער קעגען דער בילדונג? אויך נאט באהים! קיין לעבעדיגע קינדער האט ער נישט, נאר איין אייניקעל. און דאס הוכטענדיגע אייניקעל (געזונט איז זעלטען ביי אידען) מיט די דורכזיכטיגע אויגעלעך איז א נימ־נאזיסטעל! און ער אליין, מענדעל, האט גרויס פרייד און נחת דערפון, וואס ער איז אן אייגבינדער, וואס ער בינדט איין (חס ושלום נישט קיין גמרות נאר) שול־ביכער... אט די „פאניענקעס", וואס געהען אין שול אריין לערנען, טראגען זיינע אייגבינדרען! נישט נאר ער ארבייט, נישט נאר ער האט זיך אויסגעארבייט ביי־לען אויף אלע צעהן פינגער, נאר אומרירעקט העלפט ער נאך, עס זאל זיך צושפרייטען די בילדונג!

און, אז דאס אייניקעל קומט אמאל אהיים פון גימנאזיום אהן א היטעל, וואס מען האט איהם אפגעריסען און צוהעשעט, ווייל מען האט איהם נערופען „זשיד" — שטראפט איהם דער אלטער מיט נוטען: „וואס וויינסט דו, נאר? דו ביסט אין דער שטאדט געבוירען געווארען, דו ביסט דא נישט פרעמד! און כל זמן דו פיהרסט זיך עהרליך, האסט דו דאס רעכט ליעב צו האבען די שטאדט..."

און אז עס מאכט זיך א קלאנג, אז מען וועט אידען שלאגען. און דער שכן, דער זייגערמאכער, דערצעהלט עס איהם גאנץ קאלט־בלוטיג, פרעגט דער אלטער מענדעל:

— וואס פאר א אידען? גנבים?

און אז דער זייגער־מאכער זאגט: אלע, וואס שטאמען נישט ארויס פון דער היגער ערד, פרעגט ער:

— און איך פון וואנען וואקס?

און נאך א רעכט האט מענדעל אויפ'ן לאנד... אין שלעכטע צייטען האט ער גלייך מיט אלע געליטען... „שמחות פאראייניגען נישט אזוי קיין מענשען, ווי טרויער און לייד!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאס איז געשעהען, וואס עס איז געשעהען... עס האבען זיך געוויזען עפעס פרעמדע, באוויסע, נאר אנדערע פנים'ער... דער זייגער־מאכער האט עס דאך געהאלטען כמעט פאר ריכטיג, דער ארביווואריום אויך... נאר דער היימישער סטרוזש האט'ן געוואלט

ראטעווען, די דינערין... און ענדליך אפנעראטעוועט איהם האט דער מאגערער סטורענט...

פרענט זיך: וואס איז פארגעקומען אין מענדעל גראנסקי'ס קאפ?

בשעת מעשה לאזט זיך מענדעל נישט ראטעווען דורך ארייג־שטעלען א הייליג בילד אין פענסטער... ער וויל אפילו פון פענס־טער נישט אפטרעטען. נאר דער סטודענט שטופט'ן אפ מיט גע־וואלד, און לאחר המעשה זאגט ער:

— איך האב פארלוירען דאס הארץ צו דער שטארט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

בשעת. ווען דער פראסטער עולם האט רחמנות און וויל רא־טעווען דעם אלטען מענדעל; בשעת, ווען די האלב־נעבילדעטע — דער זייגער־מאכער, דער ארכיוואריוס — פארשטעהען גאנץ ריכ־טיג, אז פרעמדע איז נישט קיין גרויסע עולה, אז מען שלאגט, זאגט מאריא קאנאפניצקא: ניין! מען טאר מענדעל גראנסקי נישט שלאגען! — — פארוואס? ווייל ד ע ר איד איז נישט פרעמד... א היימישער איז ער, ווען אפילו פון דאנציג! און ער איז אן איינבינדער. על כן: פארדינט ער עהרליך זיין ברויט; און איז קיין פאנאטיקער, ער בינדט איין ביכלעך פאר די „פאניענ־קעס" אין שול אריין און שיקט זיין איינען אייניקעל אין גימ־נאזיום!...

און מאריא קאנאפניצקא, וואס קאן יא אריינקוקען א מענש אין דער נשמה אריין, האט נישט באמערקט, אז דער פראסטער עולם לעבט מיט מענדעל גראנסקי גוט נאר פון ווייטענס: מען רעדט פון פאליטיק, נישט פון זיך. מען בינדט אז די שנורען אז יענער זיים קלאמקע, נאר קיין איינציגער פארעם בינדט נאך נישט די הערצער. מען טוישט שווארצע רעטעך מיט קאלירטען פאפיער דורכ'ן פענסטער — און ראטעווען וויל מען נאר דעם נאהנטען שכן, צו וועלכען מען האט זיך צוגעוועהנט — אנדערע זענען הפקר! און ראטעווען וויל מען נישט מיט זיך אקענען שטעלען. מיט אפטרייבען די שלעגער. עמפערט, רערצארנט אויף זיי איז קיינער נישט — מען וויל נאר מענדלען באהאלטען. ארער די שלע־גער אפנארען מיט א הייליגען בילד! — — —

און אין קאנאפּניצקא אליין האט זיך אויך דער מענש נישט נעוועקט... זי קוקט אויף אלץ פון גאנץ נידעריגען פּאטריאטישען שטאנדפּונקט: אונזער מענדעל... א י ה ר ע שכנים, צו וועלבע זי האט זיך צוגעוועהנט, זענען א ל ע פּוילישע אידען, לכל הפּחות: איינבינרער, וואס האבען אייניקלעך אין גימנאזיום...

זי האט א ברייטער הארץ פאר דער דינערין...

און איז קליגער אויך: מענדעל קאן נאך פאדלידען דאס הארץ פאר דער שטארט... און אלע מענדעלס פאר'ן לאנר...

און אפשר מעג'עט זי מיט'ן עולם: לדידך?

.1905

20.

## מאָושא יענקעלעוויץ

**א טיפּ פון א אידיש־פּוילישען כלל־טוער.**

עס איז מיר אין דער האנט געקומען אן אלט ביבעל, געדרוקט 1819, אין ווארשוי, ביי די פּיארען. א פּויליש ביבעל; ביבולע־פּאפּיר, צוהאקטע אותיות, און אינטערעסאנטער טיטעל: מיטעל, ווי אזוי דורכצופיהרען די אידישע רעפאָרם אין פּוילען. און דער מחבר: מ א ו ו ש א י ע נ ק ע ל ע ו ו י ץ.

---

ווער איז מאָושא יענקעלעוויץ?

זאל ער אליין ענטפערען:

„איך בין — זאגט ער — א איד“, נאר נישט איינער פון די אלטע אידען, וואס האבען דאמאלט נאך נישט אויפגעהערט צו זאגען „לשנה הבא בירושלים“ און צו וויינען ביי „על נהרות בבל,“— ווארים: „וואס אמבאלאנגט דעם פאטערלאנד (פּוילען, הייסט עס) מרעט איך. מיט מיין ליעבשאפט צו איהם, דעם בעסטען רייז־קריסטליכען פּאליאק נישט אפּ“.

און די ליעבשאפט צום פאטערלאנד האט ער בירושה. שוין

דריי דורות, אז זי בליהט אין דער משפחה יענקעלעוויץ, ווי א רויז. דער זיידע האט זי איינגעפלעסט דעם פאטער, און דער פאטער — דעם זוהן, זיי האבען געזאגט: האב ליעב דאס פוילישע פאלק...

דאס פארטוישען די באגריפען פון „פאלק“ און „לאנד“ איז נאך נוהג ביז'ן היינטיגען טאג. און מיר קאנען דערפאר אויפ'ן אלטען יענקעלעוויץ קיין פאראיבעל נישט האבען. זיינע גייסטיגע יורשים, קעמפנער, דוטלינגער, דר. נוסבוים און זייערע נאכשטרעבער, האבען אויך דעריכער קיין קלארערע באגריפען נישט. אינטערעסאנט אבער איז, אז ליעב האבען דאס פוילישע פאלק דארף מען נישט דעריבער, ווייל מען דארף אלע פעלקער ליעב האבען, נאר ווייל „דאס פוילישע פאלק איז איידעלער אין כאראקטער, אלס אלע אנדערע פעלקער; עס איז בעסער, און עס לעבט א שענערעס לעבען, אלס אנדערע פעלקער“. והא־ראיה: גרויסע לענדער ביי זיין גרענעץ האט עס צונעבונדען צו זיך מיט'ן הארץ און נישט מיט דער שווערט! שכנים, וואס זענען נענוג שטארק געווען צו לעבען אויף איינענער פויסט, זענען נערענווילינ געקומען צו איהם און געבעטען: „לאז אונז רייגע ברידער זיין; נעם אונז צו! לאז אונז נעניסען אין פריידען די פרוכטען פון דיינע איינריכטונגען און רוהען אין זיסען שאטען פון דיינע אנשטאלטען! די פוילישע גוטהארציגקייט האט מיט רייטשען די פוילישע שטערט באפעלקערט. און אונז פארוואגעלטע, פון ארט צו ארט געטריבענע, האט עס די טויערען פון לאנד געעפענט!“.

עס מאכט נישט אויס, וואס די גערענווילינ אונטערגעגעבענע פעלקער ווערען נישט אנגערופען ביי די נעמען, און די צייט, ווען דאס איז געשעהען, איז נישט אנגעוויזען. עס מאכט אויך נישט אויס, וואס אביסעל שפעטער זאגט דער זעלבער יענקעלעוויץ דעם פוילישען פאלק מוסר, פארוואס עס מעהדט און פרוכפערט זיך אליין נישט, ווי געהעריג, און מוז דעריבער דאס לאנד מיט פרעמדע באזעצען; אינטערעסאנט איז דער פרעמדער „אתה בחרתנו“...

דורכגעדרונגען מיט ליעבשאפט צום פאטערלאנד און מיט דאנקבארקייט צום פוילישען פאלק, וואס האט אונז די טויערען געעפענט, האט יענקעלעוויץ אלץ געטאן, וואס דאס פאטערלאנד האט געקאנט פון איהם פארלאנגען. און דאס איז ווידקליך זעהר שעהן און גוט פון זיין זייט. זיינע גייסטיגע יורשים זינגען דעם

פוילישען „אתה בחרתנו" און עס קאסט זיי נישט א קאפיקע. פאר־דאן: היינט רעכענט מען שוין צוריק אויף גראשען — א גילדען מיט זעקס גראשען."

יעגקעלעוויץ האט זיך מקריב געווען נישט נאר מיט'ן מויל, אדער מיט רער פעדער אין „קוריער ווארשאווסקי."

ביי רער ערשטער מרירה (31) האט ער געלט גענעבען (לויט יכולת, שרייבט ער), אין די שולען (זייגע יורשים וואלטען עס בעד־סער אין קלויסטער גענומען) האט ער הייסע רערען געהאלטען (מן־הסתם אויף איריש, וואס זיינע יורשים וואלטען שוין נישט גע־קאנט). און האט אויפגעוועקט אין די אירישע הערצער די ליעבע צום פאטערלאנד. צוויי זיהן האט ער געהאט, האט ער זיי געשיקט אין געפעכט אריין, זיי האבען זיך געשלאגען אונטער רער קאמאנדע פון יוסף בערקאוויץ און זענען געפאלען...

דאכט זיך, גענוג טיטעל אויף א פאטריאט; ער האט אבער נאך מעהר געטאן: צוויי אייניקלער — מיידלער האט ער געהאט, האט ער זיי געוואלט אויף א פוילישע „פענסיע" שיקען, „ליידער אבער — וויינט ער מיט עכט־הארציגע טרערען — האט ער איז ווארשוי קיין פוילישע „פענסיע" נישט געפונען! פראנצויזיש לע־רענט מען!

„אפילו די דינסטען אויף דער פענסיע רעדען פראנצויזיש! און וואס, אומשטייגס געזאגט, ווערט געלערענט? רעקלאמאציע, קאליגראפיע, ארטאגראפיע, גענגראפיע, קאסמאגראפיע... למודים, וואס האבען אפילו קיין פוילישע נעמען גישט! יעגקעלעוויץ וויל אז עכט פויליש־נאציאנאלע פענסיע אהן קאליגראפיע, ארטאגראפיע און געאגראפיע... א שתדלן מעג זיין א שטיקעל עם־הארץ אויך, בפרט, אז די אייניקלער האבען קיין חרטה נישט, וואס זיי זענען ווייבלער געווארען, „זיי זענען — זאגט ער מיט א זיידישען שטאלץ — שעהן, געזונט, שטארק; די פוילישע לופט שארט זיי נישט און זיי הויבען נישט אן צו בענקען קיין פאריז! זיי האבען, גאט זיי דאנק, קינדערליך, און פיהרען א שטאט!

---

די „מרירה" איז אפגעפאלען, פוילען איז גאנץ אידישליך באשניטען געווארען, און עס שווימט ארויס די פראגע פון אלגעמיינע

רעפארמען. דאס באשנימענע פוילען האט זיך אומגעקוקט, אז עס האט א שלעכט לעבען געפיהרט, און וויל זיך פארבעסערען. וואס טוט מען אבער מיט די אידען? זיי אויך רעפארמירען? ווי אזוי? אט־דאס איז די פראגע! און אין דער פראגע נעמט יענקעלע־וויץ דאס ווארט!

נאר נישט מיט דער פעדער האט ער אנגעהויבען. פריהער האט ער זיך געפרואווט מיט א בעסערען כלי־זין. נאנץ נאאיוו דערצעהלט ער:

„די, וואס האבען צו שאפען און א דעה צו זאגען, האבען פון רעפארמען נישט געערט. זיי זענען פארנומען געווען מיט'ן (נאפאלעאניש־רוסישען) קריג (1812), ארויסגעטראטען זענען נאר, און שלעכט נערערט, פריוואטע „פראיעקטען־מאבער", און זיי האט ער איינפאך געוואלט מיט לא־ידחיך־נעלט דאס מויל פארשטאפען. עס איז אבער ארויס, ווי בוימאויל אויפ'ן וואסער; עס איז א סקאנדאל געווארען... און דערווייל האט זיך דער קריג אומגעריכט געענדיגט. די פראגע איז שוין אויף אנדערע הענט געקומען, פון „איבערקויפען" איז שוין נישט צו רעדען, און דעריבער שרייבט ער זיין בוך...

ווי אזוי זאל מען דורכפיהרען די רעפארם?

אין פרייסען האט מען רעפארמירט אויף א מאדנער ארט: מען האט גענומען די אידען, וואס האבען זיך נישט באשעפטינט מיט אקער־בוי, און געטריבען פון די דערפער אין שטעדט אריין. אין מיטעל־אלטער האט מען נאך איינפאכער רעפארמירט: מען האט גענומען דאס ביסעל אירען און געווארפען איבער דער גרענעץ. דאס אלץ איז בארבאריש; דאס וועט פוילען נישט טון.

מען וואלט נעדארפט נאבמאכען פראנקרייך. פראנקרייך האט מיט אמאל איבערגעשניטען דעם קנופ, צוזאמענגערופען א סנהדרין, עס זאל זאגען, אז פאריז איז דאס זעלבע, וואס ירושלים, און פראנצויזישע טעבטער האבען נישט דעם דין פון בת־עכו"ם, און אויף דעם געשטיצט, האט מען אריינגעשריבען א פאראגראף אין קאדעקס. אז „אלע, וואס זענען געבוירען אין פראנקרייך, זענען פראנצויזען." היינט וואלטען קעמפנער, דוטלינגער, נוסבוים מעהר נישט געוואלט; זיי וואלטען עס געהאלטען פאר'ן איינציגען מיטעל אז עק צו מאכען מיט דער פארשאלטענער אידען־פראגע. יענקעלע־

וויץ אבער, זייער גייסטינער עלטער־זיירע, איז אביסעל ניכטערער און פראקטישער געווען.

„פוילען — זאגט ער — איז נישט פראנקרייך".

פראנקרייך איז דאמאלט, וואס אנבאלאנגט אידען, געוועזען אין דער זעלבער לאגע, ווי דאס היינטיגע רוסלאנד. רוסלאנד האט קיין אידען נישט אריינגעלאזט און האט זיי באקומען בירושה צוזאמען מיט די פויליש־ליטווישע פראווינצען; פראנקרייך האט אויך געהאט נאר פרעמדע — רייטשע אידען; איהרע אייגענע האט זי ערשט נישט לאנג געהאט ארויסגעטריבען. און דאס ביסעל פרעמדע אידען האט נישט געלעבט אין סאמע־דארנע מיט פון פראנצויזישען הארץ, נאר טאקע אין די גרענעץ־פראווינצען וואס זי האט פון רייטשלאנר אפגעשניטען. פון אזא קליין ביסעל אידעלעך מאכט מען פראנצויזען איבער נאכט! א נייער פאראגראף אין קארעקס און — אויס אידען!

אין פוילען אבער וועט זיך די אידישע מאסע אזוי געשווינד נישט אונטערגעבען! זי איז צו שטארק, צו גרויס, און מעהרט און פרוכפערט זיך שטארקער, אלס די פאליאקען. איינוואָרפען דער אידישער באפעלקערונג א רעפארם פון דרויסען איז אוממעגליך. רער זאמען, פון א פרעמדער האנט געווארפען, וועט אין דער באפעלקערונג קיין נארונג נישט באקומען און וועט נישט נערייהען... יענקעלעוויץ פארשטעהט, אז מען מוז ברענגען דערצו, די אידישע באפעלקערונג זאל זיך וועלען רעפארמירען. אז מען דארף צו איהר רערען, נישט אין נאמען פון די אינטערעסען פון פוילישען פאלק, נאר אין נאמען פון איהרע אייגענע פאלקס־אינטערעסען! די רעפארמען דארפען נישט באפוילען ווערען; רעפארטירען מוז זיך יעדעס פאלק אליין...

יענקעלעוויץ האלט פאר צוועקמעסיג און נאטירליך, אז „צוויי פעלקער, וואס באוואוינען איין לאנד, דארפען זיך צוזאמענגיסען און ווערען איין פאלק. נאר דערויף — פארשטעהט ער — דארפען ביידע פעלקער באשטעהן; דערינען דארף יעדעס פון ביידע

פעלקער געפינען די באפדידינגונג פון זיינע אייגענע אינטערעסען...

דאס וועלען שוין יענקעלעוויצ׳עס אייניקלעך נישט פארשטעהן! ער אליין, מוז מען מורה זיין, האט אויך קיין קלארען באגריף דערפון נישט געהאט. און אויסער דער קורצער אבסטראקטער פראזע, געפינען מיר אין דעם ביכעל קיין איינציג ווארט, וואס זאל געהנמער אנווייזען, ווי אזוי די אידישע אינטערעסען קאנען באפרירינט ווערען אינ׳ם „צוזאמענגוס". אבער הימעל־הויך שטעהט יענקעלעוויץ איבער זיינע אייניקלעך. עס ארט איהם נישט, וואס דאס אידישע פאלק וועט אין פוילען פארשווינדען; ווענינגסטענס אבער פיהלט ער, אז דאס אידישע פאלק דארף עס וועלען. גערען־ווילינ טון; אליין קומען און זאגען: „נעמט אונז צו", ווי אנדערע, נישט באשניטענע פעלקער, האבען עס, לויט יענקעלעוויצ׳עס געשיכטע, געטאן...

אויך רעדט ער פון... „אונזערע אינטערעסען". ער רעדט נישט פון אידען, ווי זיינע אייניקלעך, בלשון נסתר. „מיר, אידען", זאגט ער, און וויל ער עפעס, זאגט ער „גיט אונז", נישט „גיט זיי", ווי היינט די מאדע איז.

---

איז דאך אבער די פראגע: ווי קאן דאס צוזאמענגיסען געשעהען: ווי קאן פוילען אסימילירען אזא גרויסע אידישע מאסע, וואס וואקסט און פרוכפערט זיך שטארקער, אלס די פוילישע?

און דא ווערט יענקעלעוויץ נאאיוו און ווערט ערשט רעכט אינטערעסאנט. פארקלענערען די אידישע פרוכטבארקיים וויל ער נישט.

דאס, וואס מיר אידען פרוכפערען זיך, האלט ער פאר זעהר גליך. „דאס קומט דערפון — זאגט ער שטאלץ — וואס מיר אידען האלטען עהרליך אונזערע ווייבער. מיר עהרען און שעצען און פארזארגען זיי מיט אלעם גוטען! מיר האלטען שטארק „פון מענשליכען געשלעכט". מיר ווילען די מענשליכקייט זאל וואקסען! די „רעליגיע" הייסט אזוי! עס איז גאמס געבאט... און — אלע מיידלעך ווערען ביי אונז (נישט היינט געדאכט!) כלות, כלות האבען חתונה! מיר, אידען, באמיהען זיך מיט אלע מעגליכקייטען,

אז קיין איינציגער ווייבערישער טאלענט (!) צום געבערען זאל נישט פארלוירען ווערען! און דאס פאר־פאלק לעבט ביי אונז, ווי גאט האט געבאטען, אונזערע ווייבער קינדערלעך פון דער פריהסטער יו־גענד ביז דער טיפער עלטער... און טרעפט אמאל אז אומגליק, עס איז קיין גלייכער זווג נישט געווען, עס איז קיין שלום בית נישטא, ווערט מען לייכט געהאלפען: גט מען זיך שטיל, אהן סקאנדאלען, און פון איין שלעכטער פאר ווערען צוויי גוטע! און זיי לעבען שוין צוועקמעסיג, ווי גאט האט געבאטען!"

און דעריבער, כדי די אידישע מאסע זאל נישט זאגען, וואס טויגען אונז די פא־ליאקען, וואס הערען מיר זיי, איז א צייט ארום וועלען מיר זיין איין א מעהרהייט און וועלען מיר ווען דא געוועל־טיגען — דאט יענקעלעוויץ, אז די פאליאקען זא־לען זיך אויך מעהרען און פרוכפערען!

„נביא לגוים נתתיך" — די אייביגע אידישע מיסיע...

— „זעהט, — זאגט ער טוסר די פאליאקען — מיר האבען קיין ניטער, קיין דערפער נישט, קיין גרויסע קאפיטאלען אויך נישט, און מיר מעהרען און פרוכפערען זיך, בשעת ווען אייערע פאלאצען ווערען חרוב אהן באוואוינער, אייער לאנד שטעהט לער, אייערע שטעדט פארנעמען פרעמדע, און מיליאנען פעהלען אייך אייער לאנד צו באזעצען."

אז עכט נבי'אישער טאן! דערנאך געהט נאך א משל, ווי פון מדרש ארויס!

— „מעהרט אייך, ווארים א פאלק, וואס זארגט נאר פאר דעם, וואס לעבט שוין, זעהט נישט זיך ווייטער צו פארפלאנצען, איז געגליכענט צו א פויער, וואס היט אפ דאס קארן, וואס ער האט שוין אין שפייכלער; לאזט אבער זיין פעלר אומבאארבייט און זארגט נישט, עס זאל נייע קארן וואקסען!"

---

איך האב אייך אז אלטען קבר געעפענט און א שוכן־עפר גע־וועקט. קוקט אייך צו איהם צו. אז די קארעטען־דומע וועט זיך

אויספיהרען און פוילען וועט אויסגעמירט ווערען — וואס עס קאן און דארף געשעהען — וועט יענקעלעוויץ אויפשטעהן תחית המתים. אין אנדערען סטיל וועט ער האבען, נאר קלינער וועט ער נישט ווערען, ער וועט נאר שוין אזוי נאאיוו און עהרליך נישט זיין...

.1906

## 21.

# „די שטימע פון אידישען פאָלק“

און נאר א קבר וועל איך אייך עפענען; און די לעפצען פון נאר א שוכן עפר וועלען זיך דיהרען; און איהר הערט אייך איין צו די רייד פון טויטען, ברי איהר זאלט די לעבעדיגע פארשטעהן.

אויך אן אלט ביבעל. געדרוקט 1818; געקאסט האט עס צוויי גילדען מיט פופצעהן גראשען; אבער דער מחבר פון אלטען ביבעל איז שוין נישט קיין רייבער בעל־טובה, נאר א רב פון ל...ר'ער שול, מיט'ן נאמען ר' משה בן אברהם.

ר' משה בן אברהם שרייבט אויך וועגען רעפארמען, אבער נישט פאר זיי, נעגען די רעפארמען שרייבט ער. ער פיהרט אויך מלחמה אויף מעסער־שמיך מיט די „פריוואטע פראיעקטען־מאכער“, הויפט־זעכליך אבער נארטעלט ער אונטער זיינע לענדען עבען קעגען די, וואס מאושא יענקעלעוויץ*) וואלט זיי אויפ'ן האלז געפאלען, און מיט ראנקבארע טרערען די פנים'ער באנעצט...

בשעת ווען מאושא יענקעלעוויץ וויל, אז די רעפארמען זא־לען אויסגעפיהרט ווערען, נאר נישט מיט געוואלט; נישט אנגע־ווארפען ווערען פון דרויסען, נאר אנגענומען מיט'ן גוטען אידי־שען ווילען, — איז ר' משה בר' אברהם איבערהויפט געגען רע־פארמען... נלייבבארעכטינונג מהיבא תיתי, אבער אהן רעפארמען.

און א פארצוג האט דער רב איבער מאושא יענקעלעוויץ מיט דעם, וואס ער רעדט וועגען די רעפארמען און זייערע פראיעקטאנ־טען פיעל קלארער און דייטליבער.

פראיעקטאנטען — זאגט דער רב — זענען פאראן צווייער־

*) זעה דעם ארטיקעל אונטער'ן זעלבען נאמען.

ליי: איין סארט וויל ארויסטרעטען נעגען אונז, ווי נבוכדנצר; דאס הייסט פארניכטען; נעמען דאס ביסעל אידען, אפרייסען פון די ערטער, וואו זיי וואוינען, און פארטרייבען איבער דער גרענעץ פון דער גרויסער טארטאריי, איינפאך. דער צווייטער סארט אבער וויל האנדלען, ווי אנטיוכוס; דאס הייסט — אידען מעגען בלייבען, מען דארף נאר פארטיליגען די אידישקייט.

סיי די ערשטע, סיי די צווייטע האלטען דאס אידענטום פאר גאריש, זאבאבאניש און שעדליך, אזוי פאר די אינטערעסען פון לאנד, ווי פון היימישען פאלק. נאר כשעת, ווען די ערשטע האל־טען די אידען פאר אומפארבעסערליך און ווילען זיי דעריבער איינ־פאך פארניכטען, רעכענען די צווייטע, אז מען קאן דעם אידישען כאראקטער, ווי שטארק ער איז נישט פארדארבען, אויסבעסערען, ציוויליזירען און ניצליך מאכען.

צו דעם צוועק דארף מען דעם אידען עהנליך מאכען צום קריסט: שערען פאות, גאלען בערד, קירצען די קאפאטעס — דאס איז פון אויסוועניג. וואס אמבאלאנגט אין תוך פון דער נשמה אריין, פארמאכען די דיינים־שטיבלעך, פארשליסען די חדרים, עפענען פאר אידישע קינדער די אלגעמיינע שולען און לערנען שרייבען און לעזען פויליש.

די פראיעקטאנטען, וואס האפען אויף דער פארבעסערונג פון אידישען כאראקטער, צופאלען זיך ווייטער אין צוויי טייל. איין טייל וויל, מען זאל אידען געבען גלייכבארעכטיגונג אויף ארט און שטעל, גלייבענדיג, אז דאס וועט וועקען ביי זיי דעם „פונקט־האָ־נער“ צו ווערען לייט; האפענדיג, אז ווען צוגעלאזט צום טיש, צווי־שען פיינע געסט, וועלען זיי זיך ממילא אויסלערנען גלייך זיצען און גאנצען מעסער און גאפעל; דער צווייטער טייל אבער האט ווע־גיגער צוטרויען צום אידישען עהרענגעפיהל און פארלאנגט, די גלייכבארעכטיגונג זאל קומען שפעטער, אלס לוין, — אלס שכר פאר מעשים טובים, וואס מוזען פריהער געשעהען.

לויט דער מיינונג פון די לעצטע, דארף מען אויפשטעלען אז אלגעמיינעם רעגעל, וואס זאל אויסשליסען די אידען פון דער גלייכבארעכטיגונג, נאר מיט דעם באדינג, אז די אלגעמיינע רעגעל האט אן אויסנאם, נעמליך: „דאס אויסשליסען איז נאר נוהג גע־

גען די אידען, וואס גלויבען, אז דאס אונטערשיידען זיך פון קרים־
טען איז די פליבט פון זייער געוויסען און רעליגיאָן.

אבערביידע טיילען פון צווייטען סאָרט פּראָיעקטאַנטען זע־
נען זיכער, אז „מען מוז אידען ציוויליזירען; פאַרטווישען זייער
שפּראַך, די קליידער און די ערציהונג“. ווייל נאָר אַזוי־ערנאָך וועט
געענדערט ווערען דער אידישער כאַראַקטער און דאָס אידישע פאָלק
וועט פאַרדינען די אכטונג פון אַלע פעלקער.

דער אונטערשיד צווישען ביידע טיילען פון צווייטען סאָרט
פּראָיעקטאַנטען און אנטיוכוס באַשטעהט נאָר דערינען, וואָס אַנ־
טיוכוס האָט געוואָלט מאַכען פון אידען גריכען און געצענדינער,
בשעת די פּראָיעקטאַנטען ווילען מאַכען פון אידען — מדעפּט
וואָס? מאָושאַ יענקעלעוויץ וואָלט געזאָגט: פּאָליאַקען. דאָס זעלבע
וואָרט איז אייך אויך געווים אויף דער צונג געלעגען; נישט דאָס
אבער האָט ר׳ משה בר׳ אברהם געמיינט; נישט דאָס האָט ער
געפאָדערט. ר׳ משה בר׳ אברהם שטעהט נישט אויפ׳ן נ אַ צ י־
אָ נ אַ ל ע ן, נאָר אויפ׳ן ר ע ל י ג י ע ז ע ן שטאַנדפּונקט.
ער זעהט מיט שרעק, אז מען וויל מאַכען פון אידען גוים; ערגער
ווי גוים: אַטעאיסטען — בופרים בעיקר וויל מען פון זיי מאַכען.

די „נאַטוראַליסטען“, וואָס האָבען דאָמאָלט גראַסירט, אַלס אַ
פאַרשלעפּטע קרענק פון פראַנקרייך, וואַרפען אונזער רב אין זיבענ־
טען שווייס. מען דאַרף נישט מעהר, זאָגט ער, נאָר אַ איד זאָל
שיקען זיין קינד אין „שקאָלע“ אַריין, עס זאָל זיך לערנען לעזען און
שרייבען פּויליש! עס וואָלט אַן עק געוואָרען פון אידישקייט. דאָרט,
אין שקאָלע, וואָלטען דעם קינד געפאַלען אין הענט אַריין די נע־
וויסע ביכלעך, וואָס רעדען על ה׳ ועל משיחו, נאָט און זיין תורה,
שפּעטען פון יציאת מצרים און אַלע נסים, אַזוי אויף דער יבשה,
ווי אויפ׳ן ים, און פון אידישען קינד וועט, חס ושלום, ווערען „ני
פּיעס, ני ווידראַ,“ דאָס הייסט: נישט קיין קריסט און נישט קיין
איד — נאָר אַזוינס, וואָס גאָט זאָל שומר ומציל זיין!

לויט דעם פּלאַן — עמפּערט זיך דער רב — וועט ווירקליך גע־
ענדערט ווערען דער אידישער כאַראַקטער, אבער „פּאַטאָל“ געענ־
דערט. צווישען דער קריסטליבער באַפעלקערונג זעהט אונזער רב
זעהר פיעל פילאָזאָפען, אפּיקורסים, מינים, מיט איין וואָרט „נאַ־
טוראַליסטען“, נאָט לייקענער, חוזק־מאַבער — זאָלען זיך נאָר אי־

דען אויסלערנען פויליש, וועלען זיי טרעפען מיט די דורשטיגע מיילער צום זעלביגען גיפטיגען וואסער, און וועלען זיך פאר׳סמ׳ען די נשמות...

„איז נאך ווייניג — בייזערט זיך דער רב — וואס דער נענעראל (איינער פון די פראיעקטאנטען) וויל ביי אונז צונעמען אונזער שפראך, וואס טיילט אונז אפ, ווי א טויער, פון אל־דאס־בייז פון דרויסען; וויל ער נאך צונעמען ביי אונז די קליידער און די בערד־און־פאות... וויל ער נאך צונעמען ביי אונז (רבנים) דאס רעכט צו משפט׳ען און פסק׳ענען, און שטעלט זיך, מיט זיינע פאליטישע אינטריגען, אפילו נישט אפ פאר הלכות אשות — און וויל מבטל מאכען די אידישע דינים פון גטין וקדושין, מכל שכן פון יבום.

פרעה — זאגט דער רב — האט מיט אמאל אזוי פיעל נישט געוואלט; דער אינטערשיד איז נאר, וואס פרעה האט עס געטאן פאר שנאה צו די בני־יעקב און וואס דער נענעראל ראט עס מבלומר׳שט פון גוטען הארץ, וואס איז פול צו אונז מיט ברידערליכער ליעבשאפט. ער מיינט דערמיט אונזער טובה. ער נעמט אונז פיעל צו. כמעט די נשמה, ער וויל אבער נישט אומזיסט, ער גיט עפעס דערפאר — א לעקעבעל! דאס הייסט, גלייכבארעכטיגונג! ער וויל אונז א ר ע ל י ג מאכען און דעם טיטעל ב י ר ג ע ר געבען. פאר דעם „לעקעכעל“ אבער וועט זיך עס נישט מאכען. „טוישען דעם מענשענס כאראקטער הייסט, אין מאראלישען זין, פארענדערען זיין נשמה, זיין הארץ, זיין פארשטאנד, ווילען און די ארט צום דענקען. און אויב מען וויל עס אויספיהרען ביי אידען, הייסט עס, אז מען וויל פון אידען מאכען אוים אידען; עבען דאס. וואס אנטיוכוס האט געוואלט! און מיר ווייסען, אז דאס האט דער טייוועל דעם מלך אנטיוכוס די עצה געגעבען!...“

אידען וועלען דאנקען דערפאר! זיי וועלען זיך און זייער אר־דישקיים פאר׳ן טאפ לינזען נישט פארקויפען! אזוי טיינט דער רב.

אירען — זאגט ער — בלייבען אידען! אבער נישט, חס ושלום, אין נאציאנאלען זין. פון דער אידישער נאציע ווייסט דער רב אזוי פיעל, ווי מאושא יענקעלעוויץ. דאס הייסט: נארנישט! פאראן נאר א גלויבען, א אידישע אמונה, וואס פאראייניגט אלע געשניטענע פון דער גאנצער וועלט; אבער ווער עס טיינט, ווי דער

נענעראל זאגט, אדער ווי המן האט אמאל געזאגט, א״ אידען זענען אן אפגעזונדערטע נאציאן און געהארכען נישט די געזעצען פון מלך און לאנד ובו׳ — דער איז איינפאך אן איריאט! אידען אין פוילען זענען פאליאקען, אין פראנצויזען — פראנצויזען, און אזוי ווייטער... מיט איין ווארט, אין דעם פאך איז דער רב מיט דערזעלבער מיי־נונג, ווי מאושא יענקעלעוויץ מיט אלע זיינע גייסטינע אייניקלער... און ווען עס וואלט אין פוילען צוזאמענגערופען געווארען א סנהדרין, וואלט אונזער ר׳ משה בר׳ אברהם געקאנט זיין פארזיצענרער...

צי וואלטען אונזערע היינטיגע רבנים אנדערש געענטפערט אויף דער פראגע? געווים נישט. אמווענינגסטענס דער ווארשעווער ראבינאט, וואס איז אזוי פיין אויסדרעסירט פון דער „גמינא“... און ראך שלאגען ביי ר׳ משה בר׳ אברהם אויף אין מאנבע שטלען אזוינע טענער, וואס איהר וועט ביים היינטיגען רב נישט געפינען.

דער היינטיגער וועט אויך פארטיידיגען די אמונה — יהרג ואל יעבור — אבער נישט מיט רעם מוט און נישט מיט דעם שטאלץ, ווי ר׳ משה בר׳ אברהם. וואס ווענרט זיך, למשל, צו די קריסטען מיט די ווערטער:

„מיר זענען אייערע פאטערס; אייער רעליגיאן שטאמט ארוים פון אונזערע! איהר זייט מחויב אונז עהרליך צו האלטען, ווי קינ־דער דארפען עהרליך האלטען די, וואס האבען זיי דאס לעבען גע־שענקט. עס קומט אונז בבוד אב! מיר אהן אייך קאנען עקזיס־טירען, ווי יערער ערשטער שטאק אהן דעם צווייטען; איהר אהן אונז אבער — נישט; אין דער לופט קאן דער צווייטער שטאק נישט הענגען!

„מיר קאנען אויך ברידער זיין, — מיר אלע זענען דאך קינ־דער פון איין גאט — דארפט איהר אונז, ברידערלעך, ליעבען.

„נאר מיר בעטען ביי אייך נישט קיין קינדער־עהרע און נישט קיין ברידער־ליעבע; וואס איהר פארמאגט נישט, קאנט איהר נישט געבען! אבער מענשען זייט איהר דאך; מענשליך און גערעכט מוזט איהר זיין!“

און די מענשליכע גערעכטיגקייט פארלאנגט, לויט ר׳ משה בר׳ אברהם׳ס מיינונג, מען זאל אונז געבען גלייכבארעכטיגונג, און נישט נויטען צו לערנען פויליש, צו שערען באָרד און פאות, אונ־

טערצוהאקען די רעק; און נישט אַרויסנעמען פון די רבנים'ס הענט די ריין־תורה'ס, שאלת נשים און הלכות אישות...

מעהר קיין אפעטיט האט ר' משה בר' אברהם נישט געהאט.

איין זאך מאכט אויף זיך אויפמערקזאם: אזוי ר' משה בר' אבדהם, ווי מאַוושא יענקעלעוויץ, רעדען אין נאמען פון א אידי־שער באפעלקערונג, וואס זאל זיין גענוג שטארק, זי זאל זיך, ווי מען זאגט, „איהר שטעל באשטעהן"... זי וויל זיך נישט לאזען, זאגט מען, זי איז א גרויסע מאסע, א פיעל־קעפיגע און פיעל־הענטיגע. בשעת ווען היינטיגע צייטען זעהט אונז די אידישע לאגע פיעל ערגער אויס, מיר קומען זיך פאר פיעל קלענער, שוואכער און ווינציגער! און דאס, ראכט זיך, קומט נאר דערפון, ווייל אין יענער צייט האט מען דאס פויערן־פאלק נישט מיטגעצעהלט... דער פויער איז געוועזן שטום און בלינד, און האט אויסגעמאכט, ווי א שטויב אויף דער וואנשאל פון פויליש־פאליטיש־געזעלשאפט־ליכען לעבען. אין דעם פאך זענען נאר צוויי צדדים געוועזן: פ ר י צ י ם און א י ד ע ן, און אידען געגען פריצים זענען ווירקליך נ י ש ט אזוי שוואך!

היינט אבער ווייסט שוין די נאראראווע דעמאקראטיע צו זא־גען: היט אייך, מיט דער פויערישער פויסט וועלען מיר אייך אדיינ־קלאפען רדך ארץ! און נישט ווייט איז די צייט, ווען דער פויער וועט נישט ווארטען, מען זאל איהם רופען! ער וועט אליין קומען... די פראגע איז נאר — מיט וואס?

.1906

22.

## ווענען דעם „בוך פון פייער"*)

דעם חבר שלום־עליכם'ס פארשלאג ווענען „בוך פון פייער"

---

*) ווייל ס'האבען זיך פארשפרייט קלאנגען, אז י. ל. פרץ זאגט זיך אפ פון אנטייל צו נעמען אין דער רעדאקציאנס־קאמיסיע פונ'ם „בוך פון פייער," האט די רעדאקציע פון „פריינד" אנגעפרעגט פרץ'ן ווי ווייט די דאזיגע קלאנגען זענען ריכטיג. דאס איז י. ל. פרץ'עס ענטפער.

האט אויף מיר פערזענליך געמאכט אן איינדרוק פון א זעהר נישט־פראקטישער אידעע. נשרפים ראדפען הילף, געשווינד, אויף דער שטעל; זאמלען און ארויסגעבען א ווירקליך ליטעראריש־קינסטלעריש ווערק און אויספיהרען עס, דאס הייסט דרוקען און פארטיילען — פארלאנגט יאהרען... איך האב אבער נישט געוואלט שטערען מיט מיין „פעסימיזם.“ טאמער יא, טאמער ליגען באהאלטענע אוצרות ביי חברים און מען דארף נאר א זאמעל טון... אויסשטרעקען א האנט.

דערנאך האב איך באקומען אן „איינלאדונג“ אויף אן אסיפה. געפיהרט געווארען איז די זאך גאנץ „אירישליך“ — די איינלאדונג, פון קיינעם נישט אונטערגעשריבען, ווער עס ווערט פארבעטען — ווייסט מען נישט...

האב איך אריינגעשריבען דער פארזאמלונג אן אפענעם בריף, אין וועלכען איך האב ארויסגעזאגט מיין מיינונג וועגען דער פארם פון דער אסיפה און דערנאך וואס אנבעלאנגט דער זאך אליין.

איך האב געשריבען:

אז גוטע זאכען וואלגערען זיך נישט ארום, אז די זאכען, וואס וועלען עקסטרא צוליעב דעם בוך געשריבען ווערען, וועלען האבען דעם דין פון קאנקורס־זאכען. דאס הייסט, ניינציג פראצענט וועלען זיין ש ל ע כ ט ע... און אז נישט אלע ליטעראטען, וואס וועלען גראד האבען גוטע זאכען, וועלען זיין אימשטאנד זיך אפצורייסען פון מויל און די זאבען אוועקצוגעבען...

רעריבעד האב איך פראפאנירט: אזוי ווי אוים סאליראריטעט צום חבר שלום־עליכם דארף דאס „בוך פון פייער“ ארויסגעגעבען ווערען, על בן זאל מען וועהלען פון יעדען שריפטשטעלערס שוין געדרוקטע זאכען די בעסטע, און ארויסגעבען א זאמעלבוך.

די ליסטע פון ליטעראטען, האב איך געשריבען, דארף פעסטגעשטעלט ווערען דורך א ליטעראַרישער קאמיסיע; דאס אויספיהרען מוז איבערגעגעבען ווערען א פארמעגליך פאראנטווארטליכען קאמיטעט...

אויפ'ן פאל, אויב די פארזאמלונג וועט אנדערש באשליסען, האב איך געשריבען, קאן מען דאך קיין רעדאקציאנס קאמיטעט

נישט גרינגרען, ווייל איך, למשל, וואלט מיך קיינמאל נישט אונטערגענומען צו רעדאגירען „נדבות“...

צו מיין ערשטוינגען בין איך געוואר געווארען, אז נעגען מיין ווילען בין איך געוועהלט געווארען (דורך וועמען ?) אלס מיט־רעדאקטאר פון טויט־געבוירענעם רעדאקציאנס־קאמיטעט פון „פייער־בוד“...

אינטערעסאנט איז נאך דאס, וואס דער קאמיטעט באשטעהט פון מיטגלידער, מיט אזויגע פארשידענע עטיש־עסטעטישע פיזאנאמיען, אז עס איז גאר אוממעגליך, אז ער זאל פעהיג זיין צו וואס עס איז א געמיינזאמער ארבייט.

דורך די אויבענדערמאנטע מאטיווען האלט איך אויך פאר אומפראקטיש דעם ארעסער פראיעקט, און מיטהעלפען קאן איך נאר ביים ארויסגעבען א זאמעל־בוך פון איבערגעדרוקטע בעסטע זאכען און אויסשליסליך אויף העברעאיש און אידיש.

.1910

# אינהאלט:

## ערשטע אפטיילונג.



## צווייטע אפטיילונג.



## דריטע אפטיילונג.

## בּיערטע אפּטיילונג.

